# דעראינערונגען
# פון דער יידישער
# אַרבעטער באַוועגונג

פון

סאימאָן סאָלאָמאָן



ניו־יאָרק, 1952

# אינהאַלט

די פאָלקס־הויז פעדעראַציע; לעבינס עצה; די פאַרשווערונג; די שפּאַלטונג; די געהיימע בראָשור; דער בונד; דעם בונדס ווירקונג; אַרבעטער עקספּלואַטאַטאָרן; אין אַ רעגירונגס־פאַבריק; וועגן שטודירן.

## אין ניו־יאָרק

דער גרינער; די שעדיקערס; אַמעריקאַנער בונדיסטן; דער צוזאַמענפאָר; טוערס און טומלערס; אַטענטאַט אויף פּלעווע; דער גייסטיקער הונגער; אַמעריקאַניזירטער סאָציאַליזם; טעותן פון די גרינע; די ביבליאָטעק; דער שריפטזעצער סטרייק; סטרייק־ברעכערס; מיין רעזיגנאַציע.

## אין האַרלעם

די יידישע פאַרבערס־יוניאָן; צווישן עלעקטרישע דראָטן; שמירן און קלעפּן.

## אין וואָטערבערי

צוגרייטונגס־אַרבעט; די פעדעראַציע; דער קלוב און ביבלי־אָטעק; יידישע קולטור; דער גרינער קאָאָפּעראַטיוו; דאָס ערנגעריכט; אונטערן באָיקאָט; אַפּיל־טו־ריזן; דער קינאָ־גראַף; דאָס בריוול; אומגעלונגענע פאַרזוכן.

## צוריק אין ניו־יאָרק

מיין שותף; די סאָציאַליסטישע פעדעראַציע; אַנטוישונגען; מיין שוצמיטל.

# פאָרוואָרט

אויף דער איניציאַטיוו פֿון יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ, האָב איך מיט עטלעכע יאָר צוריק אָנגעשריבן דערינערונגען פֿון מיינע איבערלעבונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָנגע־הויבן האָב איך מיין טעטיקייט מיט איבער 60 יאָר צוריק, אין יאָר 1891, ווען איך האָב צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידישע יונגעלייט געשאַפֿן אין וויטעבסק אַ זעלבסט בילדונגס־קרייז. דער דאָזיקער קרייז איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָרן דער קערן פֿון דעם „בונדס" אָרגאַניזאַ־ציע אין וויטעבסק.

איך האָב מיין באַשרייבונג צעטיילט אין צוויי טיילן. די ערשטע טייל דערגייט ביזן יאָר 1917; די צווייטע טייל דערציילט וועגן מיינע דערפֿאַרונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין קליוולאַנד, לאָס־אַנדזשעלעס און שיקאַגע ביזן יאָר 1930. דאָס דאָזיקע בוך נעמט אַרום בלויז די ערשטע טייל פֿון מיינע זכרונות.

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿאַר די מיינונגען, וואָס איך זאָג דאָ אַרויס, פֿאַר די באַלייכטונגען און אָפּשאַצונגען פֿון פֿאַרשיידענע געשעענישן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, טראָג איך איינער אַליין די פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט. וואָס שייך דער שפּראַך און סטיל האָב איך איינגע־האַלטן מיינע אייגענע אייגנאַרטיקייטן פֿון שרייבן, וואָס גיבן איבער געטרייער דעם קאָלאָריט פֿון דער באַוועגונג און פֿון דער סביבה אין וועלכע איך בין געווען טעטיק.

איך וויל דאָ אָבער אויסדריקן מיין דאַנק דעם יידישן וויסנשאַפֿט־לעכן אינסטיטוט — ייוואָ, וואָס האָט — דורך זיין מיטאַרבעטער פֿ. מ. קליגסבערג — מיר אַ סך צוגעהאָלפֿן ביים צוגרייטן מיינע זכרונות צום דרוק. איך דאַנק אויך האַרציק מיין פֿריינט דן שאַפּיראָ, וואָס האָט מיר פֿיל געהאָלפֿן פֿאַרווירקלעכן מיין פּלאַן.

סאַימאָן סאָלאָמאָן

# אַריינפיר

## וועגן די יונגע יאָרן פֿונעם דערציילער

די פּאַסירונגען וואָס זיינען באַשריבן אין דעם בוך, ווערן דערציילט פון איינעם, וואָס האָט זיך אַליין אין זיי באַטייליקט. ער האָט געהערט צו די, וואָס מען האָט גערופן „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן". פון פאַך איז ער געווען אַ בוכבינדער, שפּעטער אַ פּאַפּיר-קלעפּער, ער פלעגט אָבער אַרבעטןביים פאַך בלויז אין צייט פון סעזאָן, און די רעשט צייט אָפּגעבן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

געבוירן געוואָרן איז ער אין וויטעבסק, אין 1873. זיין פאָטער, זלמן מינץ, איז געווען אַ שיינער באַלעבאָס, אָבער שטאַרק פאַראָרעמט אין זיינע לעצטע יאָרן. מיט זיין גרויסן שטערן און זיין הדרת־פּנים, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אמתער תלמיד־חכם. ער איז עס אָבער ניט געווען. מיט קיין תורה און חכמה האָט ער זיך ניט אויסגעצייכנט. צוליב זיין ליובאַוויטשער רבין, פלעגט ער פאָרן זייער זעלטן. צו־ריקברענגענדיק פלעגט ער פון דאָרטן הויפּטזעכלעך דעם רבנס אַ ניגון. זיין גוטן נאָמען האָט ער געירשנט פון זיינע עלטערן און אור־עלטערן. זייער יחוסקייט פון לויטער לומדים און פרומע יידן האָט זיך געצויגן אַזש ביז 17טן יאָרהונדערט. מען האָט אים דעריבער גערופן זלמן־וועלוול־שמואל־ביעלקעס. (די אַלטע ביעלקע האָט געמוזט זיין אין איר צייט אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אויב איר נאָמען האָט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין דער יחוסקייט.

ער איז געווען קאָנסערוואַטיוו, פרום און אָבערגלויבעריש. ער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט פותר־זיין חלומות, אָפּשפּרעכן עין־הרעס, פאַררײדן ווערים־קראַנקהייטן, א. ד. גל. פאַר יעדער קרענק האָט ער געהאַט אַ געהיימן שפּרוך. קיין באַצאָלט פלעגט ער דערפאַר ניט נעמען. ער פלעגט די מצוות זאַמלען פאַר זיין עולם־הבא.

קיין לערנער איז ער ניט געווען. פון קיין איבעריקע תעניתים האָט ער ניט געהאַלטן. צו קיין חברות האָט ער ניט באַלאַנגט און אין בית־המדרש פּאָליטיק האָט ער זיך ניט געמישט. זיין איינציקע אַמביציע איז געווען חזנות. אַ שחרית אָדער אַ מוסף ביים עמוד איז געווען זיין גרעסט גייסטיק פאַרגעניגן. ער האָט אָבער געהאַט אַ שטאַרקן קאָנקורענט אין ירוחמען, וואָס איז געווען יונגער און וועלטלעכער פון אים און זיין שטימע איז אויך געווען שענער און מעלאָדישער.

ער איז שטענדיק געווען אַריינגעטאָן אין זיך און אין זיין עלום־הבא. פאַרן הויז, פאַר די קינדער און וועגן פרנסה האָט ער קנאַפּ געזאָרגט. ער האָט נאָר געזאַמלט מצוותס פאַר „יענער וועלט". ער האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן ווי אַזוי אַרויס־

צוהעלפן די פּאַראָרעמטע באַלעבאַטים מיט גמילות־חסדים. צוליב דעם האָט ער זיך געמאַכט אַ צדקה־פּושקע און געזאַמלט איינציקע גראָשנס. קיין גרעסע־רע מטבעה פלעגט ער ניט אָננעמען. מיט דער צייט האָט זיך ביי אים אָנגע־זאַמלט אַ היפּשע סומע. ער האָט עס דעמאָלט גענומען אויסלייען אויף משכנות אָן פּראָצענט. דאָס אויסגעליגענע געלט פלעגט מען אָפט ניט צוריקצאָלן. די אָרעמע באַלעבאַטים האָבן דאָך ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן. זיין גמילות־חס־דים־קאַסע איז דעריבער ביסלעכווייז צעקראָכן געוואָרן.

ער פלעגט זיך שטענדיק באַרימען מיט מיר פאַר יעדן איינעם. „דאָס וואַקסט ביי מיר אַ רב!" — פלעגט ער יעדערן דערציילן. ער פלעגט מיך אויך קליידן אין ביליקן סאַמעט. דאָס איז ביי אים געווען אַ סגולה צו פרומקייט, ווייל סאַמעט האָט אין זיך ניט קיין שטנעז. די קינדער פלעגן אָבער מאַכן שפּאַס פון מיר: — „אָט גייט דער רב!" — פלעגן זיי מיר נאָכשרייען. דאָס פלעגט מיך שטאַרק ערגערן.

ער האָט מיך אַמאָל געפירט צום בית־עלמון. דאָרטן האָט ער מיר אָנגע־וויזן אויף אַ ליידיקן פּלאַץ צווישן די קברים. — „אָט־דאָ וועט זיין מיין קבר!" — האָט ער מיר אָנגעוויזן מיט שטאָלץ. „אַזאַ געהויבענעם פּלאַץ וואָלט מען מיר ניט געגעבן" — האָט ער מיר דערקלערט. „דאָ ליגן דאָך בלויז לומדים און צדיקים. דער פּלאַץ איז אָבער לעבן מיין פאָטער. דערפאַר האָט מען אים מיר צוגעזאָגט".

ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו דערפינדונגען, און האָט זיך שטענדיק אַרומ־געטראָגן מיט גרויסאַרטיקע פּלענער. ער פלעגט עס אָבער אַלץ אָפּלייגן אויף שפּעטער. זיין שפּעטער פלעגט אָבער אָפט פּטרשפּעטיקן צו קומען. עטלעכע פון זיינע פּלענער, האָט ער אָבער פאָרט פאַרווירקלעכט. ער האָט דערפינדן אַ מאַשין צו פאַבריצירן חנוכה־ליכטלעך. פאַר עטלעכע יאָר האָט עס אונדז גע־געבן אַ שטיקל פּרנסה. ער האָט עס שטאַרק אויסגעהיט פון אַ פרעמד אויג. אין דעם קאַלטן צימער, וואו ער האָט עס געהאַלטן, האָט קיינער ניט געטאָרט אַריינקוקן. עס איז געווען אַזוי ווי דעם טאַטנס שטול, וואָס קיינער האָט זיך דערויף ניט געטאָרט זעצן. אַרבעטן דערויף פלעגט ער בלויז ביינאַכט, ווען אַלע פלעגן שלאָפן. די פענצטער זיינען אָבער ניט געווען פאַרהאַנגען. פון דרויסן האָט מען דעריבער אַלץ געזען גאַנץ גענוי. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן שוין אַנדערע אויך נאָכגעמאַכט די ליכטלעך. מיר האָבן שוין דעמאָלט געמוזט נאָכקומען אַ שאַרפע קאָנקורענץ.

ער האָט אויך דערפינדן אַ כלי, וואָס האָט געגעבן עטלעכע סאָרטן ווייַן פון איין צאַפּן. דערביי האָבן זיך אַלע מעסטלעך אין די לייקע אַריינגעשטעלט איינע אין די אַנדערע. דאָס איז געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג אין דער אַר־בעט. מען האָט זיך שוין ניט געדאַרפט אַרומטראָגן מיט עטלעכע פלעשער און מעסטלעך. ער האָט אויך דערפינדן אַ נייעם מיטל צו קריסטאַליזירן דעם ווייַן.

די וויכטיקסטע דערפינדונג אין זיינע אויגן איז אָבער געווען אַן ענין פון

עולם־הבאָ. ער האָט באַשלאָסן מיטצונעמען די באַווייזן פון זיין גמילות־חסדים אין קבר אַריין. צוליב דעם האָט ער פאַר זיך צוזאַמענגעשטעלט אַן אָרון פון די פּאָלעצעס אויף וועלכע ער האָט געהאַלטן די ספרים־משכנות פון זיין גמילות־חסדים־קאַסע. יעדעס ברעט איז געווען באַצייכנט וואו זי באַלאַנגט אין אָרון. מיר האָבן עס אויסגעפונען ערשט נאָך זיין טויט.

ער איז שוין געווען אַ ייד אין די זיבעציקער. ער איז אָבער געווען שטאַרק געבויט, פולבלוטיק און קרעפטיק. ער האָט אפילו ניט גענוצט קיין שפּאַקולן, בלויז די ציינער האָבן אים געפעלט. אין 1893, איז ער פּאַראַליזירט געוואָרן. אין אַ קאַלטן פאַרטאָג איז ער אויפגעשטאַנען גיין צו סליחות, איז אַרויסגעקומען אָפּצוגיסן נעגל־וואַסער, און צוריקגייענדיק איז ער געפאַלן פּאַראַליזירט אין דער אָפענער טיר. ער איז נאָכדעם געלעגן אין בעט איבער זעקס חדשים.

די גאַנצע פאַרזאָרגערן איז געווען אונדזער מוטער, איטע שימע. זי איז געווען אַ פּייאיקע באַלעבאָסטע און אַן אומדערמידלעכע טוערין. זי האָט פאַרמאָגט אַ סך ענערגיע און פּראַקטישן שכל. געקומען איז זי פון אַ וואוילטעטיקער פאַמיליע פון אַ קליין שטעטל. אירע עלטערן, די נאָוויקס, זיינען געווען גאַנץ פאַרמעגלעך, פרייגיביק און פרום. זיי האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען אין שטעטל אַלס די אָנערקענטע פירער פון דער קהילה. זיי זיינען אויך געווען באַליבט ביי די אַרומיקע פויערים, וועלכע זיינען געווען זייערע קונדן. זייער קראָם און איינפאַרהויז האָבן אַריינגעבראַכט גאַנץ גענוג פאַר זיך און פאַר לייטן. זייער קעשענע האָבן זיי דעריבער געהאַלטן אָפן פאַר יעדן. די וואָס האָבן זיך געשעמט צו בעטן, פלעגן קריגן שפּייז און קליידונג צוגעשיקט אַהיים. דאָס איז שוין געווען די אַרבעט פון דער טאָכטער, מיין צוקונפטיקע מוטער. מען פלעגט זי אָפט אַרומשיקן מיט פעקלעך שפּייז צו איינעם און מיט אַלטע קליידער צום אַנדערן. קיין שרייבן און לייענען האָט מען זי ניט געלערנט. זי איז געווען זייער פרום. זי האָט אָבער קוים געקענט דאַוונען פון סידור. אירע תפילות און תחינות האָט זי געוואוסט אויף אויסנווייניק. זי האָט געהאַט אַ גוטן זכרון און איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־חשבון. מיט לייב און לעבן איז זי געווען איבערגעגעבן צו אירע פּליכטן און קיין זאַך איז פאַר איר ניט געווען צו שווער צו באַזאָרגן אירע קינדער. אַליין פלעגט זי אָפט הונגערן און אַוועקגעבן אַלץ פאַר די קינדער. זי האָט זיך קיינמאָל ניט געשאַנעוועט און ניט באַקלאָגט זיך. „עס איז גאָרניט אַזוי שלעכט״ — פלעגט זי זאָגן. „וועלן די ווערים האָבן וויניקער צו פרעסן פון מיר נאָכן טויט. מסתמא דאַרף דאָך זיין אַזוי!״

דאָס הייליקסטע איז ביי איר געווען דער שכר־לימוד, וואָס זי פלעגט אָנקלייבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן. דער גאַנצער לאַסט פון דער אָרעמער פּרנסה האָט זי געטראָגן אויף אירע אייגענע פּלייצעס. זי איז געווען צופרידן צולאָזן דעם פאָטער פאַרנעמען זיך מיט זיינע מצוות אומגעשטערט. אין זיין זכות וועט זי דאָך אויך געהאָלפן ווערן, „אַליין בין איך דאָך בלויז אַ יידענע!״ — פלעגט זי זאָגן.

די אָפּגעשטאַנענע אומגעבונג אין וועלכער איך האָב זיך געהאָדעוועט איז געווען זייער אומגינסטיק פאַר מיין אַנטוויקלונג. דער פאָטער איז געוואָרן אַלט און קאַפּריזנע. ער האָט ניט געדולדעט קיין קינדערשן טומל, שפּילערייען און פאַרוויילן זיך. „אַ ייִנגל — האָט ער געטענהט — דאַרף בלויז וויסן פון דאַוונען און לערנען; ער דאַרף אויסוואַקסן אַ למדן און אַ פרומער ייִד; די קינדערשע נאַרישקייטן זיינען בלויז פאַר מיידלעך". אין קיין שטאָטישער שול האָט מען מיר ניט דערלויבט צו לערנען. פון קיין וועלטלעכער בילדונג האָב איך ניט געטאָרט וויסן. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ געפאַר צו פרומקייט. קיין „טרייף־פּסול" האָב איך אין האַנט ניט געטאָרט נעמען. אפילו דעם תנך האָט ער געהאַלטן פאַר ניט זיכער. „מען דאַרף עס וויסן ווי אויסצוטייטשן — פלעגט ער זאָגן — אַז ניט קען עס פאַרפירן אויף אַ שלעכטן וועג". עס איז געווען אַ קאַלטע און טרו־קענע אַטמאָספערע. די מיטלאַלטערישע טראַדיציעס זיינען געווען דער הייליקער געבאָט. באַגרענעצונגען און פאַרפליכטונגען זיינען געווען אָנגעזאַמלט פון פיל דורות. בלויז די מוטער איז געווען זאָרגזאַם, פריינטלעך און נאָכגיביק. די דעה האָט אָבער געהאַט דער פאָטער.

געלערנט האָב איך עטלעכע יאָר אין חדר. מיר האָבן אָבער ניט געקענט צאָלן דעם שכר־לימוד. האָב איך דערנאָך געלערנט ביי מיין עלטערן ברודער, שלמה מינץ. צוזאַמען מיט זיין אייגענעם זון, זישע, וועלכער איז געווען מיט מיר אין איין עלטער. דאָס איז שוין געווען אַ צופעליק לערנען. ער פלעגט אונדז היפּטזעכלעך פאַרגעבן צו איינחזרן משניות אויף אויסנווייניק. ווען ער פלעגט האָבן צייט פלעגט ער אונדז אויך פאַרהערן. קיין גרויסער למדן איז ער אַליין אויך ניט געווען. ער איז געווען אַ זייער צוגעלאָזענער און פריינטלעכער מענטש אָבער זייער שטרענג צו זיך און צו די קינדער. ער איז געווען פאַנאַטיש פרום. די רעליגיעזע דינים און מנהגים פלעגט ער אָפּהיטן מיט דער גרעסטער פּינקט־לעכקייט. ער פלעגט פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַלע עשרת־ימי־תשובה און אַלע גרעסערע און קלענערע תענותים. פּסח פלעגט ער עסן בלויז מצה־שמורה. די צאַרישע געזעצן האָט ער אָבער ניט געוואָלט אָנערקענען. ער האָט פאַרמאָגט אַ רעוואָלטנדיקע נאַטור. אַרויסטרעטן קעגן געזעץ איז ביי אים ניט געווען קיין שלעכטע זאַך. ער האָט אויך שטאַרק ליב געהאַט די נייע איינפירונגען און מעטאָדן. שטילערהייט האָט ער אפילו סימפּאַטיזירט מיט די רעוואָלוציאָנערן. ער האָט נאָר אויסגעזעצט קעגן זייער אַפּיקורסות. ער איז גע־ווען אַ מין געמיש פון רעליגיעזער טראַדיציע און פון די שטרעבונגען פון דער נייער צייט.

דאָס לערנען ביים ברודער האָט געדויערט אַ יאָר צייט. דערנאָך האָב איך עטלעכע יאָר געלערנט אין דער גרויסער ישיבה פון פּאַדלאַ. קיין גרויסער מתמיד בין איך ניט געווען. איך פלעג פאַרנעמען אַ זאַך גאַנץ שנעל און טיף. איך האָב אָבער ניט געהאַט קיין געדולד צום איינחזרן עס. די פּילפּולים פון דער גמרא האָבן צו מיר ניט אַפּעלירט. לערנען צום אויספּיינען זיך האָב איך ניט געוואָלט.

זומערצייט פלעגן מיר פֿאַרדינגען אונדזער חורבה פֿאַר אַ חדר צו אַ מלמד. מיר האָבן אָבער איינמאָל אָנגעטראָפֿן אויף אַ באַהאַלטענעם משכּיל. ער איז באַלד געוואָרן פֿאַראינטערעסירט אין מיר און אין מיין שוועסטער־קינד. מיר זיינען דעמאָלט אַלט געווען ביי אַ פֿופֿצן יאָר. ער האָט געזען, אַז דאָ אין שטאָט וועלן מיר גאָרניט דערגרייכן. דעריבער האָט ער אונדז איינגערעדט צו פֿאַרלאָזן די היים און פֿאָרן לערנען אין אַ ישיבה פֿון אַ גרויסער שטאָט. דאָרטן וועלן מיר זיך „אויסרייבן", האָט ער אונדז פֿאַרזיכערט, און וועלן קומען צו אַ תּכלית.

זיין פּלאַן איז אונדז זייער געפֿעלן געוואָרן, אָבער וואו נעמט מען אויף הוצאות? מיר האָבן אָבער געפֿונען אַ מיטל אויך דערצו. אויפֿן בוידעם האָבן זיך געוואַלגערט די ספרים פֿון דעם פֿאָטערס משכּנות, — האָבן מיר פֿון דאָרטן אויסגעקליבן עטלעכע ווערטפֿולע ספרים און פֿאַקויפֿט עס אין אַ ביכער־גע־שעפֿט פֿאַר אַ קלייניקייט. דאָס געלט האָבן מיר אַריינגעלייגט אין אַ שוועבל־פּושקעלע און באַהאַלטן עס צווישן די ברעטער אויף דעם דאַך. אַ שכן אַ ייִנגל איז אָבער איינגעפֿאַלן צו קלעטערן איבערן דאַך. ער האָט געפֿונען דאָס פּושקעלע און האָט עס אַריינגעבראַכט אין הויז. מען האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט מיר. עס איז דעריבער געוואָרן אַ גרויסער אויפֿרודער. דער קלו־גער מלמד האָט אָבער אַלץ פֿאַררעדט און פֿאַרגלעט. ער האָט זיי געראָטן ניט צו מאַכן דערפֿון קיין ווּעזן. ער איז דאָך אַליין אויך געווען פֿאַרמישט אין דעם.

איך האָב געהאַט אַ נייגונג צום שרייבן. אינערלעכע איבערלעבונגען האָבן זיך אין מיר געריסן צום אויסדרוק. צופֿעליקע באַאָבאַכטונגען, מיינונגען און צווייפֿלען האָבן מיך געטריבן צום שרייבן. איך פֿלעג אָבער קענען אויפֿכאַפּן אויפֿן פּאַפּיר בלויז אַ קליינעם טייל דערפֿון. דאָס איבעריקע פֿלעגט שנעל פֿאַר־ביילויפֿן און פֿאַרשווינדן איידער נאָך איך האָב צייט געהאַט צו פֿאַרצייכענען זיי. איך האָב דעריבער געפֿילט, אַז בלויז די פֿיצלעך און ברעקלעך כאַפּ איך אויף. דאָס וויכטיקסטע אָבער גייט ביי מיר פֿאַרלוירן. די דאָזיקע אומבאַהאָלפֿנקייט האָט מיך שטאַרק געערגערט, איך האָב שוין געזען די נישטיקייט פֿון מיין שרייבן. איך האָב עס דעריבער אויפֿגעגעבן.

אין 1890 האָט וויטעבסק אַראָפּגעבראַכט אַ באַרימטן רב פֿון גלוכאָווע. אַרום דער זעלבער צייט האָט זיך די פֿאַמיליע ווילענקין פֿון קרעמענטשוק אויך באַזעצט אין וויטעבסק. ביידע פֿאַמיליעס האָבן געהאַט זין און טעכטער, וואָס האָבן מיטגעבראַכט די נייע שטימונגען פֿון דעם ליכטיקן דרום. מיר האָבן גע־דאַוונט אין דער זעלבער שול. איינער פֿון די חברים האָט צופֿעליק געלייענט סמאַיילסעס אַ בוך וועגן זעלבסט אַנטוויקלונג און פֿלעגט עס אונדז דערציילן. עס איז אונדז דעריבער איינגעפֿאַלן צו לייענען עס צוזאַמען. דאָס איז געווען דער אָנהייב פֿון אונדזער לייענקרייז.

# אין וויטעבסק

די יידישע אַרבעטער באַוועגונג האָט אין וויטעבסק זיך אָנגעהויבן זייער קליין. אין סעפּטעמבער 1891 האָבן זיך דאָרטן עטלעכע פּראָווינצי־עלע בחורים פאַראייניקט אין אַ לייענקרייז. פון קיין באַוועגונג האָבן זיי ניט געוואוסט. זיי האָבן וועגן דעם אויך ניט געטראַכט. קיין אַרבעטער זיינען זיי אויך ניט געווען. אין יענע צייטן איז פיזישע אַרבעט געווען פאַר־רעכנט ביי יידן פאַר אַ נידעריקע זאַך. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט גייסטיקער אַרבעט. זיי זיינען אַלע געווען באַלעבאַטישע לידיקגייערס, שאַרפע קעפּלעך און וואויל־לערנערס. זיי האָבן אָבער געשטרעבט צו וועלטלעכער בילדונג, זיי האָבן געזוכט דעם אמת און דעם וועג צו יושר און גערעכטיקייט.

זיי האָבן געזוכט בילדונג, אויפקלערונג און קענטעניי״ש. אין וויטעבסק איז אָבער דעמאָלט נאָך כמעט ניט געווען, ווער עס זאָל עס זיי קענען געבן. זיי האָבן געמוזט שעפּן זייער גאַנצע חכמה פון זייערע אייגענע ברונעמער.— האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן צו שטודירן און דעבאַטירן צוזאַמען. פון זעלבסט־בילדונג האָבן זיי געמאַכט אַ גאַנצן אידעאַל. דעם אַקצענט האָבן זיי געלייגט אויף דעם „זעלבסט״. זיי האָבן דערמיט געזוכט „צו פאַרוואַנדלן די נויט אין אַ טוגנט.״

מיר האָבן דאַן געגלויבט אין די איינגעבאָרענע גוטע אייגנשאַפטן פון־נעם מענטשן. מיר האָבן געגלויבט, אַז די אייגנשאַפטן דאַרפן זיין דער זי־כערסטער פונדאַמענט פאַר זיין וועג אין לעבן. זיי דאַרפן ווערן דער נאַטיר־לעכער קוואַל פון זיינע בייגונגען און שטרעבונגען, פון זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען. אונדזער שלאָגוואָרט איז דעריבער געווען „קיין שום אוי־טאָריטעטן!״

מיר האָבן אָנגענומען, אַז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן איז די פייאיקייט צו דענקן קריטיש. צוליב דעם טאָר מען קיין זאַך ניט אָננעמען פאַר זיכער. גלויבן אין יעדער פאָרם איז פאַרבאָטן. אַלץ האָט געמוזט אויסהאַלטן די פּראָבע פון „טאָמער פאַרקערט?״ איידער עס איז אָנגענומען געוואָרן פאַר ריכטיק.

אונדזער זעלבסטשטענדיקייט אינעם דענקען איז אָבער געווען בלויז אין איינרעדעניש. דער אמת איז געווען אַז, ביי אונדזער בעסטן ווילן, האָבן מיר דאָך ניט געקענט זיין דורכאויס זעלבסשטענדיק. מיר זיינען דאָך געווען געקנאָטן און געפורעמט פון דעם זעלבן טייג ווי אַלע אַנדערע אַרום אונדז. די אַרומיקע וועלט, די געזעלשאַפטלעכע אומגעבונג, און די עקאָ־

נאָמישע באַדינגונגען זיינען דאָך געווען דיווירקלעכע סטימולאַנטן פון אונדזער געדאַנקענגאַנג, דער צייטגייסט איז געווען דער ריכטער איבער אונדזערע מיינונגען און איבערצייגונגען. עס איז בלויז געווען אַ נאַאיווע איינ־ריידעניש. אפילו אונדזערע פּרינציפּן פון „קיין שום אויטאָריטעטן!" און פון „טאָמער פאַרקערט?" זיינען דאָך אויך ניט געווען אונדזער אייגענע דער־פינדונג, מיר האָבן עס דאָך גענומען פאַרטיקערהייט פון די ביכער; מיר האָבן אויך דאָס אָנגענומען גאַנץ לייכטזיניק און אָן שום גרינטלעכע קריטיק.

אונדזער פאַרשווערונג קעגן יעדע איינגעשטעלטע אייגפירונג האָבן מיר אויך גענומען פון דרויסן. עס איז געווען די ווירקונג פון דעם רוסישן ניהי־ליזם פון יענער צייט. עס איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער קאַמף קעגן די אָנגענומענע מיינונגען און איינשטעלונגען, פון זייער צוימען ברעכעריי. עס האָט אונדז אָבער געבראַכט אַ סך שאָדן, עס האָט צוריקגעהאַלטן אונדזער אַנטוויק־לונג. עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז מיר פלעגן נאָר אָפּוואַרפן דערפאַרענע מיט־הילף אין וועלכע מיר האָבן זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט; מיר פלעגן אויס־מיידן די געשולטע חברים וועלכע האָבן געוואָלט און געקאָנט אונדז אַ סך אַרויס־העלפן מיט זייערע אָנווייזונגען. פון זיי האָבן מיר געווייכט, אָבער דאָס גע־דרוקטע וואָרט פלעגן מיר אָננעמען אַלס תורת־משה, מיר פלעגן זיך נאָך פאַר־שווערן צו אויספאָלגן זיין געבאָט ביז צום לעצטן פּינטעלע.

## אונדזער לייען־קרייזל

רעוואָלוציאָנערע גרופּן און קרייזלעך האָבן עקזיסטירט אין וויטעבסק אויך פריער פון אונדזערן. זיי פלעגן אויפקומען און אונטערגיין איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן צו פאַרנעמען זיך מיט פּראַקטישער אַרבעט. אין די זיבעצי־קער און אַכציקער יאָרן זיינען שוין פאַרגעקומען פּויערים בונטן אין וויטעבסק. אין איינעם פון די בונטן האָבן די פּויערים אַראָפּגעשלעפּט דעם גובערנאַטאָר פון זיין פערד און אַראָפּגעוואָרפן די נייע שטייערן פון זייערע פּלייצעס. צוליב דעם האָבן עס חיים זשיטלאָווסקי, און זיינע חברים געמוזט אַנטלויפן פון רוס־לאַנד. דאָס זיינען אָבער געווען „פּאָלקיסטישע" גרופּן. זייערע אָנפירער זיינען מערסטנס געווען שטודירנדע יוגנט, זין און טעכטער פון די רייכערע קלאַסן.

אין 1891 איז נאָך קיין אַרבעטער באַוועגונג ניט געווען אין וויטעבסק. קיין ראַדיקאַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן נאָך אויך ניט עקזיסטירט. די פּאָר יידישע אינטעליגענטן האָבן געאַרבעט צווישן קריסטן. עס זיינען נאָך אפילו רעכט ניט געווען קיין יידישע אַרבעטער אין שטאָט. די עטלעכע יידי־שע באַלמעלאָכעס האָבן געאַרבעט פאַר זיך, צוזאַמען מיט זייערע זין און איידימס.

אונדזער לייען־קרייז איז געווען דער ערשטער פון דעם מין אין וויטעבסק. זיין אָנהייב איז געווען קליין. פינף פּראָווינציעלע יינגלעך זיינען מיר געווען.

אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום זיינען מיר שוין געווען צען. קיין ווייטערע צוקומע־נישן האָבן מיר שוין ניט דערלאָזן. אונדזער ציל איז אין אָנהויב געווען בלויז אַ פּערזענלעכער. מיר האָבן געזוכט בלויז בילדונג פאַר זיך. מיר האָבן געוואָלט לערנען, שטודירן, וויסן און פאַרשטיין. עס איז אָבער באַ־שערט געווען אַז דער שוואַכער קערן זאָל זיך פונאַנדערוואַקסן אין אַ גאַנ־צער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר פלעגן זיך צונויף קומען עטלעכע מאָל אין וואָך צו לייענען און דע־באַטירן, דער עיקר טאַקע צו דעבאַטירן. אומענדלעכע דעבאַטן און בויך־סברות האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט. מיר פלעגן זיך טיילן מיט יעדן געדאַנק און מיט יעדן איינדרוק. ווען נאָר מיר פלעגן זיך טרעפן, האָבן מיר שטענדיק געהאַט וואָס צו פרעגן און צו דערקלערן. מיר פלעגן שוין אויסזוכן איינער דעם צווייטן, ווען עס פלעגט זיך דאַכטן, אַז מיר האָבן עפּעס אַ נייעם געדאַנק אָדער סברה.

מיר זיינען אינגיכן געוואָרן „נאַראָדניקעס", (פאָלקיסטן) דאָס האָט אונדז אָבער ניט געשטערט צו באַטראַכטן זיך אַלס ציוניסטן און, שפּעטער־צו, — אפילו אַלס מאַרקסיסטן. מיר זיינען אויך געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר טאָלסטאָיס אידייען וועגן פרידן, און רעכט פון דעם יחיד.

אונדזער לייען־קרייז איז אויך געוואָרן באַאיינפלוסט פון דעם ניהיליזם פון יענער צייט. די טראַדיציעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זיינען פאַר אונדז געווען הייליק און טייער. די שטרעבונג צו אויסגלייכן זיך מיט דעם פּראָסטן פאָלק, צו קריגן זיין צוטרויען, האָט צו אונדז שטאַרק אַפּעלירט. די פלענער צו פאַרגרעבן און צו פאַרהאַרטעווען זיך אום צו קענען אויסהאַלטן אַלע שוועריקייטן, האָבן מיר אָנגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג.

נויט און עלנד האָבן מיר געזען אומעטום אַרום אונדז. מיר האָבן עס אויך געפילט אין אונדזער אייגענער סביבה; מיר זיינען דאָך געווען קינדער פון די אָרעמע שיכטן. דאָס אַליין האָט שוין פון פאָראויס באַשטימט אונדזערע מיי־נונגען. אין גיכן זיינען מיר אויך געוואָרן אַרבעטער, פאַכלייט.

די צייט איז דאַן געווען אַ שטורמישע. די רוסישע פּראָגרעסיווע ליטע־ראַטור האָט געוועקט און גערופן צום קאַמף. די צאַרישע גזירות קעגן דער יידי־שער באַפעלקערונג זיינען געוואָרן אַלץ ערגער און שרעקלעכער. מיר האָבן אָבער געגלויבט אַז מען קען דאָס אַלץ ענדערן. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי עס צו טאָן. מען דאַרף צוליב דעם אַליין לערנען און אויפקלערן אַנדערע, מען דאַרף פאַר דער גרויסער אויפגאַבע גרייט זיין צו ברענגען קרבנות. מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר זיינען עס די נייע כוחות, וואָס דאַרפן זיך אָפּגעבן פאַר דער זאַך.

אויף דער יידישער גאַס האָט זיך דעמאָלט גענומען רודערן. די ווינטן פון דער השכלה־באַוועגונג האָבן זיך שוין דערטראָגן צו דער פאַרשלאָפענער פּראָווינץ. זיי האָבן אויפגעוועקט און אויפגעטרייסלט די פּראָגרעסיווע יוגנט.

זיי האָבן מיטגעבראַכט האָפענונג און אַ נייעם צוועק אין לעבן. די יוגנט איז געוואָרן אַזוי ווי פאַרשיכורט פון די נייע אויסזיכטן. זיי האָבן געגלויבט אין דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון וויסן און אין דער גרויסער קראַפט פון אויפ־קלערונג.

אונדזער לייען־קרייז איז דעמאָלט שנעל באַקערט געוואָרן צום ציוניזם. מיר זיינען הייסט עס געווען אי ציוניסטן, אי פאָלקיסטן, אי ניהיליסטן, אי טאָלסטאָווצעס, אי מאַרקסיסטן אי לאַסאַליסטן. מיר זיינען גאָרניט געווען איבערקלייבעריש. אַלץ וואָס האָט אויסגעזען צו זיין גוט און פריי האָבן מיר אָנגענומען זייער גערן. מיר האָבן אפילו ניט פאַרשטאַנען, אַז די אַלע אי־דייען שליסן אויס איינע די אַנדערע.

די צעמישעניש איז געווען ניט בלויז ביי אונדז. די רוסישע פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ האָט זיך אויך געפּלאָנטערט אין אַ מישמאַש פון אידייען און פּאַר־טייען.

## זעלבסט־בילדונג

געלייענט האָבן מיר אַלץ און מיט אַלעמען זיינען מיר געווען מסכים. אונדזער שלאָגוואָרט פון „טאָמער פאַרקערט?" האָט זיך אָבער ניט געוואַגט צו פאַרמעסטן קעגן דעם געדרוקטן וואָרט. אונדזערע היציקע דעבאַטן פלעגן אָנגיין נאָר אויף אונדזערע אייגענע אויסטייטשונגען און אונדזערע אייגענע בויך־סברות. אונדזער ליטעראַטור איז געווען הויפּטזעכלעך פון די רוסישע דענקערס און פּובליציסטן. בעלינסקי, אוספּענסקי, דאָבראָ־ליובאָוו, פּיסאַרעוו און שאָלגונאָוו זיינען געווען אונדזערע וועגווייזערס. שפּעטער האָבן מיר זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט בעלעטריסטיק און פּאָעזיע. טורגעניעוו און גאָנטשאַראָוו, דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף אונדזערע מיינונגען און האַנדלונגען. שטשעדרין, קרילאָוו און נעקראַסאָוו זיינען געווען אונדזערע ליבלינגס. פון פּושקין און פון לערמאָנטאָוון האָבן מיר ניט געהאַלטן. זיי זיינען פאַר אונדז געווען ניט גענוג טענדענציעז.

די וועלטלעכע העברייאישע ליטעראַטור איז נאָך דאַן געווען גאַנץ יונג און זייער אָרעם. מיר האָבן אָבער גענאַשט פון דעם ביסעלע וויפיל מען האָט נאָר געקאָנט. מיר האָבן געלייענט לעבענזאָהן און י. ב. לעווענסאָן, מיר האָבן זיך געקוויקט מיט מאַפּו'ס דערציילונגען און מיט י. ל. גאָרדאָנס פּאָעזיע. פּרץ, סמאָלענסקי האָט אויף אונדז געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. מיר פלעגן פאַר־צוקערן יעדעס וואָרט פון זיין „השחר" און פון זיינע דערציילונגען. מיר האָבן אָנגענומען זיינע אידייען וועגן חיבת־ציון.

אין יידיש, דעם דעמאָלטיקן פאַרהאַסטן „זשאַרגאָן", האָבן מיר גע־לייענט מענדעלעס „די טאַקסע", „דאָס ווינטשפינגערל" און זיין „קליאַטשע". מיר פלעגן זיי לייענען צו עטלעכע מאָל. שפּעטער האָבן מיר שוין אויך גע־

לייענט די ווערק פון ספעקטאָר, פון פרץ, פון דינעזאָן און פון פרוגן. שלום עליכם איז פאַר אונדז געווען צו וואָכעדיק און ניט גענוג ערנסט, מיר האָבן אים באַטראַכט ווי אַ בדחן.

פון דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור האָבן מיר, שוין אין 1894, גע־לייענט מאַרקסן און לאַסאַלן, פּלעכאַנאָוון און מיכאַילאָווסקין, דאַרווינען, און ליפּערטס קולטור־געשיכטע. מיר האָבן זיי אָבער גאַנץ ווייניק פאַרשטאַנען. מיר פלעגן בלויז אויפכאַפּן ברעקלעך, פראַזן.

אַ גוטן איינפלוס האָט אויף אונדז געהאַט חאַצקל אוסישקין. ער איז גע־ווען עלטער, מער באַלערנט און וועלטלעכער פון אונדז. ער האָט אויך געהאַט גוטע פאַרבינדונגען מיט אייניקע אינטעליגענטן. זיין פאָטער איז געווען לי־בעראַל געשטימט און גאַנץ פאַרמעגלעך. חאַצקל האָט דעריבער געהאַט די פולע פרייהייט פאַר בילדונג. ביי אים אין הויז פלעגן מיר אָפּהאַלטן אונדזערע פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס. דאָרטן פלעגן מיר עס טאַקע לערנען מאַר־קסעס „קאַפּיטאַל" דורך די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט פון 4־1893. קיין שטע־רונגען פלעגן מיר דאָרטן ניט האָבן. אין 1894 פלעגן אַמסטערדאַם, אַבערסאָן און זלמן שוין אויך אָפּט ביייוואוינען אונדזערע דיסקוסיעס. וואָס עס איז מיט חאַצקלען געוואָרן ווייס איך ניט.

פון אונדזער צענדליק זיינען צוויי, חיים־מאָטע און שאַליט, באַלד אָפּגעפאַלן, זיי זיינען שנעל „קליגער" געוואָרן. אונדזער פּאָעט שובין, איז געשטאָרבן אין 1896 פון שווינדזיכט. אונדזער היסטאָריקער, פלאַהאָף איז געשטאָרבן, ביי אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי אין 1898. די אי־בעריקע זיינען פאַרבליבן טעטיק אין דער אַרבעטער באַוועגונג ביז צום היינ־טיקן טאָג. אַבראַמאָוו האָט שטודירט אין דער שווייץ. ער איז איצט אַן אָנגע־זעענער דאָקטאָר אין אַ לענינגראַדער שפּיטאָל. ער איז שטענדיק געווען אַ מענטש מיט פעסטע פּרינציפּן און אַן אייזערנעם ווילן. ווילענקין, אונדזער מאַטעמאַטיקער, האָט פאַרזוכט אַלערליי טורמעס פון צאַרישן רעזשים נאָך דעם האָט ער געאַרבעט ביי די באָלשעוויקעס. מענדל דעם רבס איז אָפּגעזעסן אין תפיסה, ער איז שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע. איסער ראַפּקין איז ביי אונדז געווען פאַררעכנט פאַר דעם שוואַכסטן. ער האָט זיך ווייניק אינטערעסירט מיט טעאָריעס און פּרינציפּן. ער איז אויך געווען ניט איבערקלייבעריש אין זיינע געשעפטן. ער האָט אַלץ גענומען לייכט און פּראַקטיש. ער האָט אפילו געהאַלטן אַ שענק. מיט זיינע אונטערנעמונגס־פייאיקייטן, האָט ער שפּעטער געהאָלפן דער באַוועגונג. ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין „בונד" זיין גאַנץ לעבן. ער איז געווען דער אַרויסגעבער פון די בונדישע אויסגאַבן אין שווייצאַריע און אין לאָנדאָן. זיין פּסעוודאָנים „באַטאַנזאָן" געפינט זיך אויף אַלע אויסגאַבעס פון בונד. ער האָט שפּעטער פאַרנומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אָרט אין די יידישע דרוקערייען פון מאָסקווע.

מאָטע דעם רבס האָט שפּעטער (1897־1898), געאַרבעט אין דער באַווע־

גונג אין ניקאָלאַיעוו. ער האָט דאָרטן איינגעשטעלט אַ געהיימע דרוקעריי פאַר די רעוואָלוציאָנערן, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע ברעטלעך און פלעקלעך און פון אַ גאַנץ קליין ביסל שריפט. די שריפט האָבן פאַר אים אָנגעזאַמלט אַרבעטער פון גרויסע דרוקערייען. (קויפן וואָלט מען עס פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט). זיין געהיימע דרוקעריי האָט אָבער דערפילט אירע אויפגאַבן. ער האָט זיך אפילו פאַרנומען איבערצודרוקן די אומלעגאַלע בראָשורע „די שכירות״.

אַ געהיימע דרוקעריי איז אין צאַרישן רוסלאַנד געווען איינע פון די גרעסטע פאַרברעכנס. מען האָט דערפאַר באַשטראָפט שנעל און גרויזאַם. די אַרעסטירטע האָט מען לאַנגע יאָרן געפּלאָגט אין די טורמעס. נאָך דעם פלעגט מען זיי פאַרשיקן אין דעם קאַלטן און וויסטן סיביר.

מאָטעס האָט אָבער באַמערקט, אַז שפּיאָנען היטן זיין וואוינונג. דאָס האָט באַטייט, אַז ער מוז פאַרלאָזן די שטאָט וואָס גיכער. ווי אַזוי קאָן מען אָבער אָפּראַטעווען די דרוקעריי? — האָט ער אַרויסגעשניטן דאָס אינעווייניקסטע פון אַ גרויסן לאַבן ברויט, אַהין האָט ער אַריינגעלייגט זיין מאַנוסקריפּט און דאָס ביסל שריפט, מיט דעם איז ער געקומען קיין וויטעבסק. קיין שום חשד האָט ער ניט געקענט אַרויסרופן. אַ סך רייזנדע פלעגן דעמאָלט מיטפירן ברויט און צובייסן אויפן וועג.

אין וויטעבסק האָט מען פאַר אים אויסגעפונען אַ צימער ביי אַן אָרעמער פרוי. דאָרטן האָט ער צוריק איינגעשטעלט זיין געהיימע דרוקעריי. צוליב דעם האָט ער זיך אָבער געמוזט האַלטן פונדערווייטנס פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין שטאָט. ער האָט אויך ניט געטאָרט ווייזן זיך צווישן די חברים. זיין פאַרבינדונג מיט דער באַוועגונג איז אָנגעהאַלטן געוואָרן דורך אַ קליין ייִנגל. אַ מיטגליד פון קאָמיטעט איז צוליב דעם אַזש פרום געוואָרן. ער פלעגט יעדן אָוונט קומען אין שול צו מערב. אַהין פלעגט אויך קומען דאָס ייִנגל. דער פאַרשטייער פלעגט פון אים קריגן דאָס אָפּגעדרוקטע, און פלעגט דורך אים איבערשיקן נייעם מאַטעריאַל פאַר דער געהיימער דרוקעריי.

דער דאָזיקער מאָטקע איז איצט אַ פּראָפעסאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד. ער איז אָבער ניט קיין פּאַרטיי־מיטגליד.

מיין אייגענע וויניקייט האָט געדינט דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג דאָס גאַנצע לעבן. איך האָב צוליב דעם אַדורכגעלאָזט עטלעכע געלעגנהייטן אַרויפצואַרבעטן זיך און צו באַזאָרגן זיך מאַטעריעל. איך בין שטענדיק געווען פאַרוואָרפן מיט פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. איך בין אַרויסגעפאַלן פון אַקטיווער אַרבעט ערשט דעמאָלט, ווען דער סטאַליניסטישער רעזשים האָט פאַרקריפּלט די באַוועגונג. איך האָב שוין דעמאָלט ניט געקענט מיט זיי מיטאַרבעטן. מיט די „רעכטע״ בין איך אָבער אויך ניט מסכים געווען. איך בין דעריבער פאַרבליבן אויף דער עלטער אָן אַ גייסטיקער היים.

# מאָסקווער סטודענטן

דער גירוש מאָסקווע פון 1892 האָט געבראַכט קיין וויטעבסק אַ גרופּע סטודענטן־ציוניסטן. אייניקע פון זיי האָבן זיך באַלד גענומען צו פּריידיקן זייערע אידייען און צו אָרגאַניזירן זייערע גרופּן. די טעטיקסטע צווישן זיי זיינען געווען אברהם אַמסטערדאַם און ראובן בריינין.

אַמסטערדאַם איז געווען אַ פייערדיקער רעדנער און אַ ענערגישער טוער. ער איז אָבער אויך געווען אַ גרויסער פּראַזעאָלאָג. ער איז געווען אַזוי ווי פאַרשיכורט פון זיין אייגענער באַגייסטערונג. דער צויבער פון זיינע אייגענע פאַנטאַזיעס האָבן אים קיין מאָל ניט אָפּגעלאָזן. ער איז אָבער געווען איבער־געגעבן דער באַוועגונג מיט לייב און לעבן. מיט זיין שטאַרקן גלויבן און באַ־גייסטערונג, פלעגט ער פּשוט מאַגנעטירן זיינע צוהערער און אָנהענגער.

אַמסטערדאַם האָט זיך שטענדיק געפונען אונטער דער מאַכט פון זיינע געפילן. דער שכל האָט אויף אים קיין שליטה ניט געהאַט. זיין אומפאַראַנט־וואָרטלעכקייט האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט זיך ניט געקענט קאָנ־טראָלירן אפילו ווען ער איז שוין געווען אין מיליטער־דינסט. ער האָט זיך אפילו פאַרגונען צו וואַרפן זיין ביקס אויף אַן אָפיצער, וואָס האָט אים שלעכט באַהאַנדלט ביי די איבונגען. עס האָט אונדז געקאָסט שווערע אַרבעט, אַ סך געלט און שתדלנות כדי אָפּצוראַטעווען אים פון אַ קאַטאָרזשנעם אורטייל.

אַמסטערדאַם איז כסדר אַרומגעפאָרן איבער די אַרומיקע שטעטלעך. ער האָט געפּריידיקט, אָרגאַניזירט און אַגיטירט. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון חובבי־ציון־גרופּן אין וויטעבסק און אין אומגעגנט. זיין השפּעה אויף דער יוגנט איז געווען זייער גרויס.

אַמסטערדאַמס לעבן איז אָבער פאַרשניטן געוואָרן ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג. דאָס איז געווען שוין נאָך זיין באַפרייאונג פון מיליטער־דינסט. ער איז דערטרונקען געוואָרן אין שקלאָוו. עס איז ניט געווען באַוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען, מעגלעך, אַז ס׳איז געווען אַ צופאַל, מעגלעך, אַז ס׳איז געווען אַ זעלבסמאָרד. זיין פרוי, ליזע, האָט שפּעטער פאַרנומען אַן אָנ־געזעענעם אָרט אין „בונד״. זי האָט דאַן אָנגעשריבן אַ גרויסן נעקראָלאָג וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער בונדישער צייטשריפט „דער יידישער אַרבעטער״. איר אַרטיקל איז אָבער ניט געווען אין הסכם מיט דער דעמאָלסטיקער ריכטונג פון „בונד״. אַמסטערדאַמס טעטי־קייט איז אויך ניט געווען אין גאַנצן אין הסכם מיטן פּראָגראַם פון „בונד״. ליזע האָט דערפאַר געקראָגן אַ שאַרפן פאָרוואורף פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד.״

בריינין, אַמסטערדאַמס אַ שוואָגער, איז שוין געווען אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. ער האָט זיך מער אינטערעסירט מיטן פּשוטן עולם און ניט בלויז מיט דער אינטעליגענטישער יוגנט. ער איז אויך געווען אַ חובב־ציון און

דערצו נאָך אויך אַ טאָלסטאָוועץ. ער פלעגט זיך קליידן אין ווייסן לייוונט. דאָס איז געווען זיין פּראָטעסט קעגן דער מאָדע און קעגן לוקסוס. ער פלעגט האַלטן ראַדיקאַלע דרשות אין די שולן פאַר פרומע יידן: ער פלעגט צו זיי פּריידיקן אין העברייאיש וועגן חיבת־ציון. די פרומע יידן האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן.

בריינין האָט פאַרמאָגט אַ היפּשע זאַמלונג פון יידישע און העברייאישע ביכער. ער פלעגט זיי אונדז אויסבאָרגן צום לייענען אומבאַצאָלט. ביים צו־ריקברענגען די ביכער, פלעגט ער אונדז אויספרעגן, ווי מיר האָבן די ביכער פאַרשטאַנען. ער פלעגט אונדז אויך אַרויסהעלפן אין די האַרבע פלעצער, פלעגט זיי אונדז אויסטייטשן און קלאָר מאַכן. מיר האָבן אים אָבער שנעל פאַר־לאָרן. ער האָט פאַרבראַכט אין וויטעבסק אַרום צוויי יאָר, און פון דאָרט אַוועק־געפאָרן קיין ווין.

דוד פּינסקי איז דעמאָלט אויך געקומען פון מאָסקווע מיט זיי צוזאַמען. ער האָט זיך אָבער ניט געמישט אין דער אָרטיקער באַוועגונג. ער איז גיך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָרטן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּרץ־גרופּע. עס האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו דרוקן די „יום־טוב־בלעטלעך". מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט, אַז ער גייט דאָרטן אַרום פאַרפּוצט ווי אַ פּראַנט. מיר האָבן דעמאָלט אַזאַ זאַך פאַררעכנט ממש ווי אַ פאַראַט קעגן דער באַוועגונג.

אין גיכן איז דערשינען זיין קורצע דערציילונג „חיים דער משרת". אויף דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג האָט עס דעמאָלט געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק. דאָס איז געווען די ערשטע לעגאַלע דערציילונג אין יידיש, וואָס האָט אַרויסגעברענגט די אידייע פון קלאַסנקאַמף.

צוזאַמען מיט דער גרופּע איז אויך געקומען פון מאָסקווע אַ סטודענט מיטן נאָמען מאַכלין. ער איז געווען אַ קאַלטער און טרוקענער מענטש. אין דער באַוועגונג האָט ער זיך ניט געמישט. ער האָט אונדז אָבער אַלעמען גוט געקענט. ער האָט געהאַט אַ היפּשע ביבליאָטעק פון יידישע און רוסישע בי־כער. מיר פלעגן ביי אים אויסלייען ביכער פאַר עטלעכע קאָפּיקעס אַ וואָך. מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אויסגעפונען, אַז ער איז געווען אַ שפּיאָן.

אונדזער לייען־קרייז האָט זיך אין אָנהייב שטאַרק געוואָרט קעגן דעם איינפלוס פון די דאָזיקע אינטעליגענטן. עס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. זייער איינפלוס אין שטאָט האָט זיך צעשפּרייט. זיי האָבן אויך באַקומען אַ גע־וויסע ווירקונג אויף אונדזער לייען־קרייז.

## ציוניזם

די פּאָגראָמען פון 1881 אין אַ סך יידישע שטעט האָבן אויפגעטרייסלט די יידישע געזעלשאַפט און האָבן איבערגעלאָזט שאַרפע שפּורן. מען איז געוואָרן צעשראָקן און צעטומלט. די סכנה פון נייע פּאָגראָמען איז געווען זייער גרויס.

די פראַגע איז דעריבער געווען וואָס צו טאָן און וואוהין צו לויפן? מאָנטעפיאָרע פון ענגלאַנד איז דאַן געקומען קיין פעטערבורג. זיין שתדלנותביים קייסער האָט אָבער ניט געהאָלפן. באַראָן הירש איז דעמאָלט אַרויסגעקומען מיט זיין אייגענעם פּלאַן. מיט זיינע מיליאָנען האָט ער געצומען שאַפן יידישע קאָלאָני־עס אין אַרגענטינע. ראָטשילד איז דעמאָלט געפאָרן קיין פּאַלעסטינע. ער האָט פאָרגעשלאָגן גרויסאַרטיקע פּלענער פאַר דער יידישער עמיגראַציע. ער האָט אָנגעבאָטן גרויסע פינאַנציעלע הילף.

די יידישע פרעסע האָט געפּריידיקט עמיגראַציע. אַלע זיינען געווען מסכים, אַז די יידישע פראַגע דאַרף געלייזט ווערן דורך עמיגראַציע. אָבער וואוהין לויפט מען? עס האָט זיך דאַן פאַרוויקלט אַ העפטיקער קאַמף צווישן די נאַציאָנאַליסטן און די אַסימיליאַטאָרן. די ציוניסטן האָבן אַגיטירט פאַר פּאַ־לעסטינע. דער „השחר" אונטער דער רעדאַקציע פון סמאָלענסקין, און צעדער־בוימס „המליץ", האָבן טאָג־טעגלעך געהאַמערט פאַר פּאַלעסטינע; די „הצפירה" און דער רוסיש־יידישער זשורנאַל „וואָסכאָד" האָבן גערופן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע.

איך געדענק ווי אַזוי מיר האָבן דעמאָלט דעבאַטירט די פראַגע אין אונד־זער לייען־קרייז. אייגנטלעך זיינען מיר אַלע געווען מסכים. אָבער ווי אַזוי קען מען זיך באַגיין אָן דעבאַטן? מיר האָבן די זאַך אַזוי לאַנג געדראַשן, ביז מיר האָבן עס אָנגעמאָסטן אויף זיך אַליין. מיר האָבן זיך דעמאָלט איבערצייגט, אַז בלויז גלויבן אין ציל איז ניט גענוג. פּריידיקן ציוניזם איז ווייניק, מיר דאַרפן אַליין אויך טאָן אונדזער חלק, מיר דאַרפן אַלע פאָרן קיין ציון ווי די „בי־לאָווצעס" האָבן געטאָן. מיר זיינען געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַרן ציוניזם. עס האָט אַפּעלירט צו אונדז זיין געוואַגטקייט, זיין ראָמאַנטישקייט און גראָד וואָס עס פאָדערט גרויסע קרבנות. מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן צו פאָרן קיין ציון און טאַקע גאָר אין גיכן צו פאַרנעמען זיך אין וועג אַריין.

מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז ניט קיין שפּילכל און אַז דאָרטן דער־וואַרטן אונדז גרויסע שוועריקייטן. געוויס טאָרן מיר זיך ניט צוריקהאַלטן צו־ליב דעם. מיר דאַרפן אָבער זיין צוגעגרייט צו אַ פאַרהאַרטעוועט לעבן און צו שווערער אַרבעט. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פאַרהאַרטעווען זיך באַצייטנס. מיר דאַרפן דעריבער זיך נעמען צו שווערער אַרבעט דאָ טאַקע אויפן אָרט. אונדזער פּלאַן איז געווען צו לאָזן זיך דאַן גיין צופוס קיין אָדעס. דאָס האָט געזאָלט זיין אונדזער פּראָבע. אויב מיר וועלן עס קאָנען אויסהאַלטן, וועט עס אונדז איבערצייגן אין דער מעגלעכקייט דורכצופירן אונדזער גרויסן פּלאַן.

מיין ערשטע גרויסער פאַרהער איז געקומען אין זומער 1892.. איך האָב זיך פאַרדונגען אַלס מלמד אין אַ דאָרף עטלעכע און פערציק וויאָרסט פון וויטעבסק. ווען איך בין אָפּגעווען דאָרטן עטלעכע חדשים האָב איך זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך דער שטאָט און הויפּטזאַכלעך נאָך מיינע חברים.

איך האָב זיך פאַרנומען צו קומען אין שטאָט אויף עטלעכע טעג. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו גיין צופוס, אויסצופּרובירן זיך, אויב איך וועל קענען אויסהאַלטן. אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג, פון גאַנץ פרי ביז צו זייגער ניין אין אָוונט בין איך געווען אויף די פיס אין דער זומערדיקער היץ און שטויב. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין געקומען אין שטאָט קוים אַ לעבעדיקער. צוויי־דריי טעג דערנאָך בין איך געווען קראַנק און צעבראָכן. צוריקוועגס בין איך שוין געפאָרן. און דאָך האָבן מיר פאַררעכנט מיין פּראָבע פאַר אַ גרויסן דערפאָלג. דאָס האָט אונדז געגעבן מוט צו גרייטן זיך אין ווייטערן וועג אַריין.

גאַנץ אַנדערש איז אויסגעפאַלן דער רעזולטאַט פון אונדזער צווייטער גרויסער פּראָבע. מיר האָבן אַלץ געזוכט שווערע אַרבעט. ווי אַזוי אָבער קענען מיר, נאַרישע יינגלעך, קריגן אַזאַ מעגלעכקייט אין אַ פּראָווינציעלער שטאָט מיט בלויז עטלעכע קליינע פאַבריקלעך?

זיינען מיר ענדלעך געפאַלן אויף אַ נייעם פּלאַן: מיר האָבן געוואוסט, אַז אין אַ שניי־שטורעם נעמט מען די אייזנבאַן יעדן איינעם וואָס קומט שאַרן דעם שניי. מיר האָבן דאַרום באַשלאָסן, אַז ביי דעם ערשטן שניי־שטורעם זאָלן מיר אַלע גיין גלייך צו דער באַן און אַנדינגען זיך צו דער אַרבעט.

אונדזערע דערוואַרטונגען האָבן אונדז אָבער שטאַרק אַנטוישט. דער שניי־שטורעם איז טאַקע געקומען, אָבער פאַר אונדז האָט ער געבראַכט בלויז הארצווייטיק, דער שניי און פראָסט האָבן אויסגעפרוירן אונדזער גאַנצן ענטוזיאַזם. קיינער פון אונדז איז ניט געווען גענוג דרייסט צו גיין אינעם שטורעם און קעלט אָנצודינגען זיך צו אַ שווערער אַרבעט. עס איז ווירקלעך געווען אַ שרעק אַרויסצוגיין אין דרויסן, אָבער צו גיין צופוס קיין אָדעס איז דאָך נאָך שווערער, היינט ווי אַזוי וועלן מיר עס קאָנען אַדורכפירן? דער דורכפאַל איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע אַנטוישונג.

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך נאָך אַלץ געגרייט אין וועג אַריין. איך האָב שוין אויספאַרקויפט אַלע מיינע ביכער און זאַכן. שטיינבערגס רוסיש־העברייאיש־דייטש ווערטער בוך, האָב איך פאַרקויפט ברייניגען פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין ווין.

גראָד צו דער צייט, איז אָנגעקומען אַ באַריכט, אַז די טערקישע גרענעץ האָט זיך פאַרמאַכט פאַר עמיגראַנטן. עס האָט שוין קיין רייד ניט געקענט זיין פון פאָרן קיין ציון. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו אונדזערע פּלענער און חלומות.

## קאַמפּפלוסט

די אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אָרגאַניזירט. זי האָט זיך נאָך געראַנגלט אין אירע געבורטס ווייען. די פּאַרטייען האָבן ערשט געהאַלטן ביים געבוירן ווערן. זייערע פּראָגראַמען זיינען נאָך ניט געווען אויסגעאַרבעט. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזער

לייען־קרייז האָט נאָך ניט געהאַט קיין באַשטימטע ריכטונג. מיר זיינען גע־ווען פאַר אַלץ וואָס איז גוט און שיין. מיר האָבן געשעפּט פון אַלע קוואַלן און געקוויקט זיך מיט אַלע וואַסערן. מיר זיינען געווען פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווייל די אַרבעטער־פראַגע האָט שטאַרק אַפּעלירט צו אונדז; מיר זיינען געווען ציוניסטן צוליב דער יידישער פראַגע; טאָלסטאָי האָט אונדז באַגייסטערט מיט זיינע הומאַניטאַרע אידייען, מיט זיין קאַמף קעגן דער פוסטער מאָדע און קעגן לוקסוס. צום שטאַרקסטן האָט צו אונדז אַפּע־לירט זיין קאַמף קעגן דער דעספּאָטישער רעגירונג. אָבער די גרעסטע ווירקונג האָבן געהאַט אויף אונדז די נאַראָדניקעס. זיי האָבן משפיע געווען אונדזער פאַנטאַזיע. זיי האָבן באַצויבערט אונדזערע געפילן. זייער מאַר־טירערטום, האָט אונדז אין גאַנצן פאַרכישופט.

צו יענער צייט איז נאָך די גאַנצע רוסישע אינטעליגענץ געווען צע־טומלט בנוגע די אַלע פראַגן. דער טעראָריסטישער קאַמף קעגן דער רע־גירונג איז שוין געוואָרן אָפּגעשוואַכט. זיין אָרט האָט פאַרנומען דער טעאָ־רעטישער קאַמף פון די ריכטונגען, די פּאָלעמיק צווישן די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן מיט די נאַראָדניקעס, צווישן פּלעכאַנאָוו און מיכאַילאָווסקי. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אויך מיר האָבן נאָך ניט געקאָנט זיך אויס־אַרבעטן קיין באַשטימטע מיינונג. מיר האָבן זיך געלאָזט פירן פון אונדזער געפיל, מיר האָבן סימפּאַטיזירט מיט אַלעמען.

אויף דער יידישער גאַס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן די ציוניסטן און אָנהענגערס פון אַמעריקע. אין דעם געראַנגל זיינען פאַר־פלאָנצט געוואָרן די קערנער פון דער יידישער אַרבעטער פּאַרטיי, — פון „בונד". אין וויטעבסק זיינען מיר געוואָרן כמעט בונדיסטן איידער נאָך עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד".

## מ אַ ר ק ס י ז ם

אין 1893 איז געקומען קיין וויטעבסק אַ רוסישער אינטעליגענט, מאַטווי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט מען אים גערופן, אַ פּאָליטישער פאַרשיקטער מאַרקסיסט. ער איז געווען אַ הויך־געבילדעטער מענטש, אַן ענערגישער טוער און פּראָפּאַגאַנדיסט. ער איז אויך געווען אַ זייער פּאָפּולערער לערער און אַ געטרייער חבר. זיין באַציאונג צום מאַסנמענטש איז שטענדיק געווען פריינטלעך און חבריש.

ער האָט זיך געגרייט צו פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן די פאַבריק־אַרבעטער. צוליב דעם האָט ער זיך געלערנט זיין אַ מעכאַניקער. זעקס שעה אין טאָג פלעגט ער אַרבעטן אין די באַן־וואַרשטאַטן, אין די רעשט צייט האָט ער זיך פאַרנומען מיט געבן גוט־באַצאָלטע לעקציעס פאַר רייכע שול־קינדער און סטודענטן.

דער רוסישער אינטעליגענט האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט

מיט אונדזער לייען־קרייז. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ געפֿינען זיך די קערנער פֿון אַ פּראָצעס, וואָס צייטיקט זיך. ער האָט זיך דעריבער פֿאַרמאָסטן אַריינקריגן אונדז אונטער זיין מאַרקסיסטישער השפּעה.

אונדזער לייען־קרייז האָט זיך שוין אַליין געגריבלט אין מאַרקסן. מיר האָבן שטודירט זיין „קאַפּיטאַל", אָבער ער איז געווען ניט פֿאַר אונדזערע כּוחות. דאָס בוך האָבן מיר באַקומען פֿון זשיטלאָווסקיס פּריוואַטער ביבליאָטעק. ער אַליין איז שוין דעמאָלט געווען אין אויסלאַנד. זיין ברודער פֿלעגט אונדז אָבער אויסלייען ביכער פֿון זיין ביבליאָטעק.

אין די ווינטערדיקע אָוונטן פֿלעגן מיר זיך פֿאַרקלייבן צו אַ חבר אין הויז און לערנען. מיר פֿלעגן אַזוי אַרבעטן פֿון אַ זייגער זיבן אין אָוונט ביזן ווייסן טאָג אַריין. פֿאַרשטאַנען האָבן מיר מאַרקסן זייער ווייניק. מיר פֿלעגן איבערלייענען אַ פּאָר שורות און נעמען זיי פֿאַרטייטשן און אויסטייטשן. יעדער פֿון אונדז האָט געטייטשט אַנדערש. מיר האָבן עס אָבער ניט געקענט איינבייסן. פֿלעגט אַזוי די צייט ביי אונדז אַוועקגיין אין דעבאַטירן. נאָך אַ צען שעה אָנגעשרענקטער אַרבעט, פֿלעגן מיר קוים דורכגיין עטלעכע זייטלעך און צייטנווייז נאָך ווייניקער. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען, ווען מיר פֿלעגן זיך שטאַרק פֿאַרפּלאָנטערן צוליב אַ פֿאַרגרייזטער אויסטייטשונג. מיר האָבן צום ביישפּיל שלעכט פֿאַרטייטשט דאָס וואָרט „עקוויוואַלענט", האָט שוין אונדז קיין צרות ניט געפֿעלט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די פֿאַרשיידענע איינטייטשונגען פֿון די טערמינען „ווערט", „מערווערט", „געברויך־ווערט", און „טויש־ווערט", א. א. וו. מיר האָבן ענדלעך פֿאַרשטאַנען, אַז מיר נויטיקן זיך שטאַרק אין אַ קאָמפּעטענטן רבין.

צו דער צייט איז אונדזער איינגעשפּאַרטער קאַמף קעגן אויטאָריטעטן שוין אַ היפּש ביסל שוואַכער געוואָרן. נויט, זאָגט מען, ברעכט אייזן: אונדזער ציוניזם האָט זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרניט; מיט קיין טעראָר האָבן מיר זיך אויך ניט געקענט פֿאַרנומען, אין וויטעבסק איז פּשוט ניט געווען קעגן וועמען אים אָנצואווענדן. מיר זיינען פֿאַרבליבן אַזוי ווי אָן אַ קנעלונג. מיר זיינען דאָך אָבער געווען אַנטשלאָסן צו ראַטעווען די וועלט, האָבן מיר דעריבער גענומען זוכן אַן אויסוועג אין טעאָרעטישער בילדונג. עס האָט ניט לאַנג גענומען און מיר זיינען שוין געוואָרן די תּלמידים פֿון דעם דאָזיקן רוסישן אינטעליגענט.

מאַטוויי אַלעקסאַנדראָוויטש, האָט פֿאַר זיך אויסגעקליבן בלויז עטלעכע פֿון אונדז. ער האָט געוואוסט זיין ווערט און ער האָט געוואָלט האָבן די בעסטע רעזולטאַטן. מיר, די אויסגעקליבענע, פֿלעגן זיך פֿאַרקלייבן צו אים אַ צוויי מאָל אין דער וואָך. מיר פֿלעגן מיטברענגען אַלע אונדזערע פֿראַגן און שוועריקייטן. אונדזער רבי פֿלעגט אונדז פֿאַרענטפֿערן אַלע קשיות און קלאָר מאַכן אַלע שווערע זאַצן.

אונדזערע באַציאונגען מיט אים זיינען געווען שטרענג קאָנספּיראַ־טיווע. מיר האָבן אפילו צווישן זיך ניט געטאָרט אָנרופן זיין פאַמיליע־נאָ־מען. דאָס אַריינגיין און אַרויסגיין פון זיין וואוינונג, איז געווען קאָמפּלי־צירט. אונדזער גליק איז געווען, וואָס זיין פרוי איז געווען אַ צאָן־דאָק־טאָרשע. צו איר פלעגן אָפט קומען פאַרשיידענע פּאַציענטן. ער אַליין איז געשטאַנען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

די פיזישע אַרבעט פון אונדזער רבין אין די באַן־וואַרשטאַטן, האָט אונדז פשוט באַצויבערט. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן נאָכצוטאָן זיין ביישפּיל. יעדער פון אונדז האָט זיך גענומען לערנען אַ מלאכה, כדי צו קענען אָנפירן פּראָפּאַגאַנדע אין פאַבריק. אַבראַמאָוו, מענדל און ווילענקין, האָבן זיך געלערנט שלעסעריי. זיי זיינען דערנאָך געפאָרן קיין יעקאַטע־רינאָסלאַוו, ניקאָלאַיעוו און אַנדערע שטעט צו באַאַרבעטן די פאַבריקן. אַלע דריי זיינען שנעל אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע. איך געדענק נאָך זייער גוט, ווי שטאַרק מיר האָבן מקנא געווען זייער אויפטו. איך אַליין בין פאַרבליבן אין וויטעבסק. איך האָב זיך געלע־רנט בוכבינדעריי און געוואַרט אויפן פריזיוו.

## צעשיידונג

אַרום אונדזער לייען־קרייז האָט זיך מיט דער צייט אַרומגעקלעפּט אַ באַדייטנדיקער שיכט רייכע יונגעלייטלעך. דאָס זיינען געווען בחורים און מיידלעך פון די הויכע פענצטער און פון דער שטודירנדיקער יוגנט. זיי האָבן אַרויפגעקוקט צו אונדז ווי צו אמתע רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן אונדז באַטראַכט פאַר אַרבעטער־קעמפער, הגם, קיינער פון אונדז איז עס נאָך ניט געווען.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון אונדזער חיבת־ציון. ווען מיר האָבן זיך אָבער פאַרקירעוועט אויף לינקס, צום מאַרקסיזם און קלאַסן־קאַמף, האָבן זיי זיך ביסלעכוויז אָפּגעפרעמדט פון אונדז. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן גאַנץ אָפן אָפּגעשטויסן פון זיך אַ טייל פון די רייכע נאָכפאָלגער. זיי זיינען נעבעך געבליבן צעטומלט. מיטגיין מיט אונדז האָבן זיי ניט געקענט און אָפּזונדערן זיך פון אונדז האָבן זיי ניט געוואָלט. האָבן זיי אויסגעפונען זייער אייגענע ריכטונג,וואָס ווייטער אונדזער קרייז איז אַוועק אויף לינקס אַלץ דרייסטער האָבן זיי זיך פאַרנומען אויף רעכטס. זיי זיינען פאַרבליבן ביי דער ציון־באַוועגונג. בלויז אַ גאַנץ קליינער טייל פון זיי איז פאַרבליבן מיט אונדז. אָט־די אויסנאַמען האָבן אָבער געטאָן פאַראַנטוואָרטלעכע אַר־בעט זייער גאַנץ לעבן. זיי האָבן דערנאָך פאַרנומען אַ קענטיק אָרט אין די אָנפירנדע קערפּערשאַפטן פון דער פּאַרטיי.

צווישן די עטלעכע חברים מאַרקסיסטן אין שטאָט איז געווען איינער, זלמן, מיט וועמען מיר זיינען געווען זייער נאָענט. ער איז געווען דער

אַגענט פון אַ צוקער־פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו זיינס אַ פעטער. ער איז געווען אַ אויסגעהאַלטענער מאַרקסיסט און אַ זייער פריינטלעכער מענטש. ער איז געשטאַנען זייער נאָענט צו אונדזער לייען־קרייז, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געווען שטאַרק געאַכטעט בי די ציוניסטיש־געשטימטע.

זיין ביוראָ איז געווען אָפן פאַר אונדז, מיר פלעגן אַהין קומען לייענען, דעבאַטירן און לערנען. דער פאַבריקאַנט האָט זיך אָבער מיט דער צייט דערוואוסט, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט עטלעכע מאָל געוואָרנט זיין פאַרוואַלטער וועגן דעם און וועגן דער שלעכטער רעפּוטאַציע וואָס דאָס קען ברענגען פאַר זיין געשעפט. זלמן האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אויסצופאָלגן באַפעלן, וואָס פאַרגוואַלדיקן זיין פרייען געוויסן. נאָך אַ צייט פון וואָרנונגען, האָט זיך דער פאַבריקאַנט אַנטשלאָסן און אָפּגעזאָגט זלמענען פון געשעפט.

אין זומער 1894, איז זלמן פאַרבעטן געוואָרן קיין שווייצאַריע צו פאַרנעמען דעם אַמט פון אַ פּריוואַטן סעקרעטאַר ביי פּלעכאַנאָוון. די רעכטע האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט צו פאַרהיילן דעם ריס צווישן רעכטס און לינקס. זיי האָבן אַראַנזשירט אַ „פאַר־געזונט" שמחלע, פון וועלכער מיר האָבן זיך ניט געקענט אָפּזאָגן. אַמסטערדאַם איז דעמאָלט נאָר וואָס געקומען פון זיינס אַ באַזוך אין די אַרומיקע שטעטלעך. ער האָט ביי דער שמחלע אָפּגעגעבן אַ גענויעם באַריכט וועגן דעם גרויסן דערפאָלג פון זיין אַגיטאַציע. ער האָט פאָרויסגעזען זייער גוטע אויסזיכטן פאַר וויטערדיקער אַרבעט. מיט באַריכטן זיינען אויך אַרויסגעטראָטן דער יונגערער אַבערסאָן און נאָך אַנדערע. מען האָט פאָרגעלייגט צו אָרגאַניזירן אַ באַוועגלעכע ביבליאָטעק פאַר די אַרומיקע שטעט און צו פאַראייניקן די כוחות פון אַלע ריכטונגען פאַר אויפקלערונג צווישן די יידישע מאַסן.

די רעכטע האָבן גערעכנט, אַז מיר וועלן ניט וואַגן צו פאַרשטערן די שמחה פאַר אונדזער בעסטן פריינט. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגענאַרט. נאָך אַן אַלגעמיינער דיסקוסיע ביי גלעזלעך משקה, איז די פראַגע גענומען געוואָרן צום שטימען. אונדזערע לינקע האָבן געשטימט קעגן און האָבן אָנגעגעבן זייערע מאָטיוון דערפאַר. ווען די רעכטע האָבן געזען, אַז זייער גאַנצער פּלאַן איז אַדרובאַגעפאַלן, האָבן זיך אָנגעהויבן באַשולדיקונגען איינע קעגן די אַנדערע. די לאַגע איז נאָך מער געוואָרן פאַרשאַרפט און דער ריס צווישן לינקס און רעכטס איז נאָך טיפער געוואָרן.

## די קינדער - שולע

אין די יאָרן פון 1893־4, האָבן מיר אַ קליינע גרופּע, אַבערסאָן, קאַנועצקי און איך, אָנגעפירט אין וויטעבסק אַ יידישע שולע פאַר אָרעמע קינדער. ביכער און שרייב־געצייג פלעגן מיר קריגן בחינם. די שטאָטישע קוע־

מער און סימפּאַטיקער, פלעגן עס אונדז געבן אָן געלט. די קינדער פלעגן עס באַקומען פריי. די לערער זיינען געווען: קאַמענעצקי, די צוקונפטיקע פרוי פון פארענבערגן, דער יונגער אַבערסאָן, דער צוקונפטיקער פירער פון די פועלי־ציון און מיין ווייניקייט. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, קיין באַצאָלט ניט באַקומען. אין דער שולע זיינען געגאַנגען אַ 15־16 קינדער.

מיר זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די נייע מעטאָדן פון דערציאונג. מיר האָבן זיי געפּרואווט איינפירן אין אונדזער שולע. מיר האָבן גענוצט אַ ווירקזאַם מיטל צו דערקענען די מענטאַליטעט פון יעדן קינד באַזונדער. דאָס איז געטאָן געוואָרן דורך אַ סיסטעם פון פראַגעס און ענטפּערס. מיר האָבן דערמוטיקט די קינדער פריי צו שטעלן פראַגן וועגן יעדער זאַך. מיר האָבן געפירט רשימות פון די פראַגן פון יעדן קינד באַזונדער. דורך אַזאַ סיסטעם האָבן מיר געפּרואווט זיך נענטער צו באַקענען מיטן לעבן פון יעדן קינד. מיר האָבן טאַקע געקראָגן גאַנץ נישקשהדיקע רעזולטאַטן. אונדזער גאַנצע אָנשטרענגונג איז אָבער גיך צעשטערט געוואָרן. מען האָט אונדז פאַרמסרט פאַר דער פּאָליציי, מיר האָבן געמוזט אויפגעבן די גאַנצע שולע. די שולע האָט אָנגעהאַלטן ביי אַ 15 חדשים.

## די איינשווערונג

אין נאָוועמבער 1894, איז פאָרגעקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג אין דעם קאָנספּיראַטיוון צימער וואו איך האָב געוואוינט. מאַטוויי אַלעקסאַנדראָוויטש האָט באַריכטעט וועגן דער לאַגע אין לאַנד: דער קייסער, אַלעקסאַנדער דער דריטער, איז געשטאָרבן. מען דאַרף איצט שווערן טרייהייט צו אַ נייעם קייסער. עס איז פאַראַן אַ באַוועגונג אין לאַנד קעגן זיין זון ניקאָליי. מען פאָדערט, אַז וולאַדימיר, זיין פעטער, זאָל פאַרנעמען דעם טראָן. דאָס ברענגט אַריין אַ צעמישעניש אין די קאָנסערוואַטיווע קרייזן. מען פּלאַנירט אויסצוקלעפּן פּראָקלאַמאַציעס מיט דער דאָזיקער פאָדערונג אין אַלע שטעט. אונדזער שטאָט האָט שוין די פּראָקלאַמאַציע געקראָגן. מיר דאַרפן אָבער אויסוואַרטן ביז די צענטראַלע שטעט וועלן זיך אָפּרופן, ערשט דעמאָלט וועלן די פּראָווינציעלע שטעט קענען צושטיין צו דעם פּראָטעסט. מיר דאַרפן אָבער זיין דערצו צוגעגרייט, ווען מיר וואָלטן געווען עלטער, וואָלט ער געפאָדערט פון אונדז צו טאָן אונדזער פליכט. מיר זיינען אָבער נאָך זייער יונג, שלאָגט ער דעריבער פאָר, אַז יעדער איינער זאָל באַשליסן פאַר זיך. אַלע, אַחוץ איינעם, האָבן זיך געמאָלדן צו דער אַרבעט אויסצוקלעפּן די פּראָקלאַמאַציעס.

מיר האָבן זיך גענומען גרייטן. די סכנה פון אַרעסטן איז געווען זייער גרויס. די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרפלייצט פון זשאַנדאַרן און שפּיאָנען. מען האָט נאָכגעשפּירט יעדן איינעם. די פּראָקלאַמאַציעס האָבן דעריבער געמוזט אויסגעקלעפּט ווערן גאָר גיך. איך האָב גענומען אויף זיך אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן, אַז דאָס אויסקלעפּן זאָל געדויערן ניט מער ווי אַ 15־20 מינוט.

עס איז אָבער געבליבן ביים פּלאַן. פון די גרויסע שטעט זיינען בלויז וואַרשע און אָדעס צוגעשטאַנען צו דעם פּראָטעסט. די צענטראַלע רוסישע שטעט, דער עיקר, פּעטערבורג און מאָסקווע, זיינען פאַרבליבן שטום. די פּראָטעסטן פון דער פּראָווינץ, האָבן שוין ניט געקענט האָבן קיין באַדייט.

## די אויסוואַנדערונג

וויטעבסק האָט אַ לענגערע צייט ניט געהאַט קיין אַרעסטן. הויז זוכונגען פלעגן אָבער פאָרקומען גאַנץ אָפט. די פּאָליציי פלעגט קיין טרפהנע זאַכן ניט געפינען. דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס איינער פון די שפּיאָנען, אַ געשמדטער, פלעגט אונדז וואָרענען באַצייטנס. ער האָט, ווייזט אויס, געפילט עפּעס אַ סימפּאַטיע צו די באַלעבאַטישע יונגעלייטלעך און מיידלעך. אָבער ווען די באַוועגונג האָט זיך פאַנאַנדער געוואַקסן, ווען די שוסטערס און שניידערס זיינען דאָרטן געוואָרן גאַנצע מאַכערס, האָט דער שפּיאָן אויפגעהערט צו וואָרענען אונדז באַצייטנס. ער האָט, ווייזט אויס, פאַרלאָרן זיין גאַנצע אַכטונג צו אונדז צוליב דער „אָפּגעריסענער חברה."

אַרום 1896־1897, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן און רעוויזיעס. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן געענטפערט מיט פּראָקלאַמאַציעס, מיט סטרייקס און מיט דעמאָנסטראַציעס. די באַוועגונג איז שוין דאַן געוואָרן שטורמיש און אָנגרייפעריש. קאָמיטעט־זיצונגען און פאָרלעזונגען זיינען מערסטנטיילס פאָרגעקומען אויף שיפלעך איבערן טייך. דאָרטן האָט מען אונדז ניט געקענט אויסשפּיאָנירן. די גרויסע פאַרזאַמלונגען און פייערונגען פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אין די אַרומיקע וועלדער.

עס איז דאַן אָנגעקומען די צייט פון מיין „פּריזיוו". מען האָט מיך גענומען אין מיליטער. די לאַגע אין שטאָט איז געוואָרן אַלץ ערגער און שטרענגער. די שפּיאָנען און זשאַנדאַרן האָבן זיך געדרייט אַרום אונדז וואו נאָר מיר זיינען געשטאַנען און געגאַנגען. די מער באַקאַנטע פון אונדז האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. אין גיכן זיינען זיי שוין געווען צעזייט און צעשפּרייט איבערן לאַנד. זיי האָבן געקראָגן אַרבעט אין פאַבריקן און זאַוואָדן; זיי האָבן ווייטער געפירט זייער אַגיטאַציע צווישן קריסטלעכע אַרבעטער.

ווען די גרינדערס זיינען זיך צעפאָרן, זיינען זייערע ערטער פאַרנומען געוואָרן פון נייע, וואָס האָבן שוין געפירט די באַוועגונג אויף אַ ברייטערן פאַרנעם. זיי האָבן אָרגאַניזירט גרויסע פאַרזאַמלונגען, האָבן אָנגעפירט שטרייקס און דעמאָנסטראַציעס. עס איז געקומען צו אָפטע צוזאַמענשטויסן מיט דער באַוואָפנטער פּאָליציי.

אין סיביר האָבן אונדזערע וויטעבסקער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד. צייטלין, גינזבורג, לוריע, קאָמענמאַכער און ראָזענפעלד, זיינען דאָרט פאַרמשפּט געוואָרן. זיי האָבן אַלע געקראָגן צו צוועלף יאָר קאַטאָרגע. זיי זיינען גראָד געקומען פון די רייכסטע פאַמיליעס פון וויטעבסק. זיי זיינען אַלע געווען מענטשן מיט גרויסע פעיקייטן און אומדערשעפּלעכער ענערגיע.

# די סטאַטוטן

סוף זומער פון 1898, זיינען די וויטעבסקער אַגיטאַטאָרן, וואָס זיינען גע־וועזן טעטיק אין פאַרשיידענע שטעט אין לאַנד, זיך צוזאַמענגעפאָרן אויף אַ באַ־ראַטונג. די איניציאַטאָרן פון דער באַראַטונג, זיינען געוועזן אַבראַמאָוו, מענדל דעם רבס (ד״ר מ. גאַרוויט), מאָטע דעם רבס (זיין ברודער), הילקע ווילענסקי, און אַנדערע. צו יענער צייט איז נאָך די יידישע אַרבעטער באַוועגונג אין ווי־טעבסקער געגנט ניט געווען אָרגאַניזירט. עס זיינען שויז געווען טעטיקע חברים אויך אין אַנדערע שטעטלעך. זייער אַרבעט איז אָבער געווען אַן אומ־אָרגאַניזירטע. עס פלעגט אויפפלאַמען און זיך שנעל אויסלעשן. אין אַ צייט אַרום פלעגט ווידער אויפפלאַמען אויף אַ ווייַלע,און ווידער זיך פאַרלעשן.

אין ווילנע, אין מינסק און אין ביאַלאָסטאָק, זיינען שויז דאַן געווען יידי־שע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס. וויטעבסק האָט אָבער מיט זיי נאָך ניט געהאַט קיין פאַרבינדונגען. דאָ האָבן זיך ערשט גענומען אויסשיילן לאָקאַלע, שוואַכע באַוועגונגען, יעדעס שטעטל האָט געפירט איר אַרבעט אויפן אייגענעם פרי־מיטיוון שטייגער. קיין פאַרבינדונג צווישן די שטעטלעך איז אויך ניט געווען. עס האָט זיך געפאָדערט אַ פאַראייניקטע קערפּערשאַפט צו סיסטעמאַטיזירן די אַרבעט און איינצושטעלן אַן אָרגאַניזירטע פירערשאַפט.

די אויפגאַבע האָט זיך גענומען די וויטעבסקער קאָנפערענץ. איך האָב געקראָגן אַן איינלאַדונג צו קומען באַטייליקן זיך אין דער באַראַטונג. איך בין אָבער דעמאָלט שוין געווען אין מיליטער־דינסט אין פעטערבורג. קיין אור־לויב האָב איך ניט געקענט קריגן. איך האָב אָבער צו דער קאָנפערענץ גע־שיקט אַ גענויעם פּראָיעקט פון אַן אוסטאַוו. אַלע פונקציעס פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, זיינען דאָרטן געווען אויסגערעכנט און גענוי פאָרמולירט.

אויף וויפל מיינע פאָרשלאָגן זיינען זיי צונוץ געקומען, דאָס ווייס איך ניט. איך ווייס אָבער, אַז מען האָט געגרינדט אַ פאַראייניקטע יידישע אַר־בעטער אָרגאַניזאַציע. עס איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אוסטאַוו. דאָס איז וואַרשיינלעך געווען די ערשטע געשריבענע קאָנסטיטוציע פון אַ יידישער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד.

דער אוסטאַוו איז אָבער מיט דער צייט פאַרלוירן געוואָרן. זיי האָבן עס געוואָלט באַהאַלטן פון דער פּאָליציי און צו פאַרהיטן עס פאַר דער צוקונפט. זיי האָבן עס דאַרום פאַרטרויט צו אַ חבר אַן איינבינדער. יענער האָט עס אַריינגעקלעפּט אין אַ טאָוול פון אַ פרומען ספר. זיי האָבן עס דאָן באַהאַלטן און פאַרגעסן. באַלד דערנאָך איז פאָרגעקומען די גרינדונג פון דעם „בונד״. דער וויטעבסקער פאַרבאַנד און זיין אוסטאַוו זיינען דערמיט געוואָרן גאַנץ איבעריק.

אין יאָרן שפּעטער, שוין נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, האָט מען זיך ערשט דערמאָנט וועגן דעם אוסטאַוו. די באָלשעוויקעס האָבן דאַן גענומען זאַמלען די רעוואָלוציאָנערע דאָקומענטן פון דעם צאַרישן פעריאָד. מען האָט אָבער דעם אוסטאַוו ניט געקענט געפינען. קיינער ווייס ניט אין וועלכן ספר צו זוכן עס. דער איינבינדער אַליין קען זיך ניט דערמאָנען אין וועלכן ספר ער האָט עס איינגעבונדן.

# אין פעטערבורג

אין אָקטאָבער 1895, בין איך געשיקט געוואָרן קיין פעטערבורג צו דינען אין דער אַרמיי. דאָ בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט. פאַר מיר אַ מענטש מיט אידעאַלן איז דאָס געווען אַ שווער לעבן. דאָרט האָט דער סאַדיסטישער ווילקיר געלויערט אויף יעדן איינעם. פאַר דעם מינדסטן אָפּנויג פון דיסציפּלין האָט מען געקענט אַזאַ איינעם פאַרשמייסן צום טויט אָדער פאַרשיקן אין דעם דיסציפּלינאַרנעם באַטאַליאָן וואָס איז געווען ניט בעסער פון טויט.

איך האָב ניט געוואָלט דערלאָזן אַז די צאַרישע דיסציפּלין זאָל מיך אומברייגענען צוליב קלייניקייטן. האָב איך דעריבער באַשלאָסן צופּאַסן זיך אויסערלעך צו דער געצוואונגענער לאַגע. איך האָב אָבער דערפון שטאַרק געליטן גייסטיק. איך פלעג זיך פאַרקלייבן אין אַ ווינקל און רויכערן אַזוי לאַנג, ביז עס פלעגט מיר פיזיש שטאַרק וויי טאָן. דורך די פיזישע שמערצן האָב איך געזוכט צו פאַרטעמפּן די נאָך שאַרפערע גייסטיקע שמערצן.

איך בין געווען אויסערלעך געהאָרכזאַם. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אונטערצוגראָבן די דיסציפּלין פון אינעווייניק. איך האָב נאָר געוואַרט ביז וואַנען מיינע באַפעלערס האָבן זיך איינגעגלויבט אין מיין איבערגעבנקייט. מיין גוטע רעפּוטאַציע האָט שוין דעמאָלט באַשיצט מיין רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע.

אין גיכן בין איך צוגעשריבן געוואָרן צו אַן אַנדער ראָטע. דאָרטן בין איך באַלד באַשטימט געוואָרן אַלס ראָטנער שרייבער. דערמיט האָב איך געקראָגן מער פרייהייט און אויך מער אָנזען. איך האָב אויך געקראָגן, אין אַ געוויסער מאָס, די אויבערהאַנט איבער מיינע אויפזעערס, ווייל איך האָב געטאָן די אַרבעט וואָס דער קאָמאַנדיר און דער פעלדפעבל האָבן געדאַרפט טאָן. צוליב דעם טאַקע האָבן זיי מיך אויסגעשריבן פון מיין פריערדיקער ראָטע. איך האָב געוואוסט אַז זיי לוינט זיך ניט מיר צו באַשטראָפן פאַר קליינע אָפּנויגונגען. אויב איך וועל זיצן אין קאַרצער וועלן זיי דאָך אַליין דאַרפן טאָן מיין אַרבעט. צו דעם האָבן זיי ניט געהאַט קיין חשק. האָב איך זיך דעריבער געקענט דערלויבן אַרומצוגיין צייטנווייז די שטרענגע רעגולאַציעס און צו טאָן לויט מיין וואונטש.

אין גיכן בין איך באַשטימט געוואָרן פאַרן פאַרוואַלטער פון דער ראָטנער ביבליאָטעק. פאַר מיינע פלענער איז דאָס געווען זייער גינסטיק. עס האָט מיר פאַרלייכטערט מיין אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די זעלנער. עס איז געווען אַ צודעק פאַר מיין געהיימער טעטיקייט. עס האָט מיך אויך געכשרט אין די אויגן פון מיינע לייענערס. די פּאַטריאָטישע בראָשורן פלעג איך ניט אַרויסגעבן צום לייענען. איך האָב זיך אָבער באַזאָרגט מיט אַ היפּשער צאָל פּאָפּו־

לערע בראָשורן מיט אַ ראַדיקאַלן אינהאַלט. איך האָב געהאַט אין שטאָט מיינעם אַ חבר וואָס פלעגט זיי מיר איינבינדן אָן געלט. ער פלעגט נאָך יעדעס מאָל צוגעבן עטלעכע פון זיינע אייגענע בראָשורן. די ראַדיקאַלע בראָשורן פלעג איך פאַרטיילן צווישן די פאַרטרויאונגסווערטע זעלנער. איך האָב אויך פאַרמאָגט אַ צאָל אומלעגאַלע בראָשורן. זיי פלעג איך אויסבאָרגן מיינע גאָר זיכערע און פאַרזיכטיקע לייענערס.

פאַר אַגיטאַציע אין דער אַרמיי האָט זיך די צאַרישע רעגירונג שטאַרק געשראָקן. זי פלעגט אָנווענדן זייער שטרענגע מיטלען ניט צו דערלאָזן קיין אויפקלערונג צווישן די זעלנער. נאָך מער האָט זי זיך געשראָקן פאַר דעם געדרוקטן וואָרט. עס איז געווען פאַרבאָטן צו האָבן וועלכע ס'איז דרוק־זאַכן אָן אַ ספּעציעלן אונטערשריפט פון דעם ראָטנעם קאָמאַנדיר. די געדרוקטע דערלויבניש פון דעם צענזאָר אַליין איז ניט געווען גענוג. עס זיינען געווען פאַלן ווען זעלנער זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין קאַרצער פאַר אַ ניט אונטער־געשריבענעם ביבל.

מיינע לעגאַלע בראָשורן זיינען אָבער געווען צו ראַדיקאַל פאַר דער אַרמיי. איך האָב דעריבער ניט געקענט בעטן דעם קאָמאַנדיר, ער זאָל זיי אונטער־שרייבן. אויסער דעם איז דער אונטערשריפט פון איין ראָטנעם קאָמאַנדיר ניט געווען גילטיק אין אַן אַנדער ראָטע. מיינע בראָשורן פלעגן אָבער געלייענט ווערן אין אַ סך ראָטעס. איך האָב דעריבער גענומען די ריזיקע, מיינע לייענערס האָבן אויך גענומען דאָס זעלבע.

איך פלעג שוין דערקענען מיינע געווינטשטע קונדן. דאָס זיינען געווען די אומצופרידענע פּויערים, וואָס זיינען גערן געווען צו לייענען. איך בין אָבער געווען זייער פאַרזיכטיק. איך פלעג פריער וועקן אין זיי דאָס געפיל פון אומצופרידנקייט. דער האַרטער קאַזאַרמע־רעזשים פלעגט מיר אין דעם שטאַרק אַרויסהעלפן. מיין ערשטער באַדינער צום נייעם לייענער פלעגט זיין, ער זאָל מיך ניט אַרויס־געבן אין פאַל פון אַ דורכפאַל. דעם דאָזיקן באַדינג האָבן זיי אַלע שטרענג אָפּגעהיט. פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין מיליטער־דינסט האָט ניט געטראָפן, אַז אַ לייענער זאָל מיך אַרויסגעבן. מיטן ערשטן ביכל בין איך באַזונדער געווען שטאַרק איבערקלייבעריש. איך האָב געזוכט עס צופּאַסן צו דער שטימונג און קריוודעס פון דעם פערזאָן. ווען ער האָט שוין אָבער איבערגעלייענט דאָס ערשטע ביכל, איז ער שוין פאַרבליבן מיין שטענדיקער לייענער.

ווי אַזוי האָב איך אָבער געקענט אויסבאַהאַלטן מיין היפּשע זאַמלונג פון ראַדיקאַלע בראָשורן און אומלעגאַלע ביכלעך? — אין דער ראָטע פלעגט זייער אָפט פאָרקומען רעוויזיעס. איך בין אָבער געווען אין אַ געוויסער מאָס פריווי־לעגירט. ביי די געוויינלעכע רעוויזיעס פלעגט מען מיך לאָזן צורו. אַלס ראָטנער שרייבער פלעג איך אויך פאָראויס וויסן ווען עס דאַרף פאָרקומען אַ גרויסע רעוויזיע, פלעג איך זיך כשר מאַכן באַצייטנס. מיט דערצייט האָב איך אָבער געפונען נאָך אַ בעסערע פאַרזיכערונג: דער פעלדפעבל פון יעדער

ראָטע האָט געוואוינט אין באַזונדערע צוויי צימערן. ביי אים פלעגט מען קיינ־מאָל ניט מאַכן קיין רעוויזיעס. איך האָב דעריבער געבעטן מיינעם אַ באַקאַנטן פעלדפעבל, ער זאָל מיר דערלויבן אַוועקצושטעלן ביי אים אין צימער אַ קעסטל מיט אַלטע וועש. איך האָב אים אויפגעקלערט אַז איך בין שטענדיק פאַרנומען מיטן שרייבן און מיט בוכפירונג, האָב איך דעריבער קיין צייט ניט צו האַלטן מיינע זאַכן אין אַ גוטער אָרדנונג. ער איז געווען אַ גוטהאַרציקער פויער,, יונג אין יאָרן און אין אַמט, האָט ער עס מיר דערלויבט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך פון אים געקראָגן אַ שליסל צו זיין וואוינונג. אין דעם דאָזיקן קעסטל פלעג איך האַלטן מיין אומלעגאַלע ליטעראַטור. אין פאַל פון אַ רעוויזיע פלעג איך צוריקנעמען מיינע בראָשורן פון די לייענער און זיי באַהאַלטן ביים פעלדפעבל אין צימער.

די אָנערקענונג און אַכטונג פון די קריסטלעכע זעלנער צו מיר איז געווען אויסערגעוויינלעך. צווישן די הונדערטער זעלנער מיט וועלכע איך האָב פאַרקערט טאָג־טעגלעך, האָב איך די גאַנצע צייט ניט באַמערקט קיין סימן פון אַנטיסעמיטיזם. דער קאָמאַנדיר פון מיין ראָטע איז גראָד געווען אַ גרוי־סער אַנטיסעמיט. צו מיר אָבער האָט ער זיך באַצויגן ניט שלעכט. ער איז געווען איינגעגלויבט אין מיין טרייקייט און איבערגעגעבנקייט. ער האָט אויך שטאַרק געשעצט מיין פינקטלעכקייט אין דער אַרבעט.

## ראַדיקאַלע אַגיטאַציע

מיין מעטאָד צו געווינען לייענערס איז באַשטאַנען אין פירן חברישע שמועסן און איינשטעלן פריינטלעכע באַציאונגען. מיין טעמע איז מערסטנס געווען די ראָטע אַליין. איך פלעג זיי אויפקלערן אירע פירונגען און באַלייכטן די לויפנדיקע פּאַסירונגען. אַלס ראָטנער שרייבער האָב איך גאַנץ אָפט געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויסצוהעלפן זיי אין אַ נויט. קיין געצאָלט פלעג איך ביי זיי ניט נעמען. די זעלנער זיינען מיר דערפאַר געווען זייער דאַנקבאַר. מיט דעם פלעג איך געווינען זייער צוטרוי.

קיין גרויסע שוועריקייטן האָב איך אין מיין אַגיטאַציע ניט געהאַט. איך האָב זיי דאָך בלויז אויפגעוויזן די אומרעכטן, פון וועלכע זיי האָבן אַליין גע־ליטן. דער באָדן איז דאָך שוין געווען צוגעגרייט פון פריער אין זייערע היימען, אין די דערפער. דאָרטן פלעגן די צאַרישע באַאַמטע זיי שטענדיק אונטערדריקן און באַרויבן. די פריצים און פּראָצענטניקעס פלעגן זיי שינדן ביזן ביין. די גלחים פלעגן רייסן און פליקן פון זייערע לעבעדיקע און טויטע. זייער האַס האָט זיך כסדר אָנגעקליבן. זייער צאָרן האָט געברענט. זיי האָבן עס געשטיקט אין זיך, עס האָט זיך אָבער ניט געלאָזט אין גאַנצן דערשטיקן. די האַרצלאָזע דיסציפּלין פון דער אַרמיי האָט דאָס אַלץ נאָך מער צעברויזט. פאַר מיין אַגיטאַציע איז שוין ניט געבליבן אַ סך צוצוגעבן. איך האָב זיי אָבער

געוואָרנט צו זיין פּאַרזיכטיק. אויסברוכן, פּראָטעסטן מוזן געמאַכט ווערן בלויז ביי גינסטיקע אומשטענדן.

די הויפּט־פּונקטן פון מיין אַגיטאַציע זיינען געווען די פאָלגנדע: איך האָב זיך באַמיט אונטערצוגראָבן זייער אַכטונג פאַרן צאַרישן געזעץ און זיינע היטערס. איך האָב געפּרוּווט זיי איבערצייגן אין דער אומגערעכטיקייט און האַרצלאָזיקייט פון דעם דאָזיקן געזעץ. איך האָב זיי אָנגעוויזן אויף דער אומבאַהאָלפנקייט פון דעם זעלנער, אויף די אַלע באַליידיגונגען און דערנידערונגען וואָס ער מוז אויסשטיין. איך האָב זיי אויך געוויזן, אַז דאָס פאָרמעלע רעכט פון זעלנער צו קלאָגן זיך אויף אַן עוולה מצד זיינס אַן אויפזעער איז ניט מער ווי חוזק. קודם־כל מוז ער זיך ווענדן טאַקע דורכן זעלבן אויפזעער, און יענער נעמט שוין פון אים נקמה דערפאַר. טייל מאָל קומט טאַקע אויך דער קאָמאַנדיר אויף אַ פאָרמעלן פאַרהער און מען קען זיך פאַר אים קלאָגן. נאָר דעם קאָמאַנדיר גייט ניט אין פאַריכטן עוולות, נאָר אויסגעפינען די אומצופרידענע כדי צו האָבן אויף זיי אַן אויג. צומאָל קומט אויך אַ העכערער קאָמאַנדיר, און פאָרמעל קען מען זיך אויך פאַר אים קלאָגן, אָבער אויף אַזאַ זעלנער גיסט זיך שפּעטער אויס אַ ביטערע נקמה פון זיינע אויפזעערס און יונגערע קאָמאַנדירן. מען גיט אים די שווערסטע אַרבעט, מען שיקאַנירט אים, מען מאַכט אים אָן צרות, פאַר יעדער קלייניקייט ווערט ער באַשטראָפט, — אַזאַ זעלנער ווערט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן, ער זאָל ניט זוכן גערעכטיקייט ביים צאַרישן געזעץ.

איך פלעג זיי אויפווייזן, אַז די קאָמאַנדירן אַליין ברעכן דאָס געזעץ און אַז זיי צווינגען נאָך דעם זעלנער מיטצוהעלפן אין זייערע פאַרברעכנס. די קאָמאַנדירן פלעגן אָפט נייטן צו זאָגן ליגנס פאַר אַ העכערן קאָמאַנדיר, און צווינגען דעם זעלנער צו ווערן אַ שותף צו זייערע פאַרברעכענס. ווען דער זעלנער זאָל ניט אויספאָלגן, איז ער דאָך ווידער אַ פאַרברעכער קעגן געזעץ, — ווייל אַ זעלנער מוז דאָך פאָלגן זיין קאָמאַנדיר. ווי ער זאָל דאָ ניט האַנדלען, ווערט ער סיי ווי באַגיין אַ פאַרברעכן.

ווייטער פלעג איך זיי פּרוּוון איבערצייגן אַז, ביי דער אומזיניקער דיסציפּלין אין דער צאַרישער אַרמיי לוינט זיך גאָרניט צו זיין געטריי. דער פליסיקער זעלנער שאַפט זיך טאַקע אַ גוטן נאָמען ביי זיין קאָמאַנדיר. אָבער וואָס האָט ער דערפון? — ער פאַרשאַפט זיך מיט דעם בלויז צרות און שוועריקייטן, דעם אָפּגעלאָזטן זעלנער לעבט זיך שוין פיל גרינגער און בעסער. ער ווערט טאַקע אָפט מאָל באַשטראָפט און ער דאַרף צוליב דעם שטאַרקליידן. דאָס איז אָבער בלויז אַ קורצע צייט. דער קאָמאַנדיר וויל פּטור ווערן פון אַזאַ שלימזל, שיקט ער אים דעריבער אַוועק אין דער ראָטע פון שוסטערס און שניידערס אָדער פאַר אַ באַדינער ביי אַן אָפיצער. דאָרט לעבט זיך דעם זעלנער אַ סך גרינגער און פרייער. די דיסציפּלין איז דאָרטן שוואַכער, די אַרבעט איז לייכטער, די שפּייז און געלעגער זיינען אויך אַ סך בעסער. ער האָט

נאָך דערצו מער פרייהייט. צו קיין מאַנעווורעס דאַרף ער ניט גיין. די אַלע קליינע און גרויסע קאָמאַנדירן זעט ער קיינמאָל ניט אָן, ער קאָן גאָר זיין איינציקן אָפיצער. אפילו אין אַ מלחמה געפינט ער זיך ווייט פונעם שלאַכט־פעלד. ער דאַרף דאָך קאָכן, באַקן און רוימען פאַר זיין אָפיצער. ער טויג דאָך גאָרניט פאַרן שלאַכט־פעלד. ער איז דאָך פאַר דעם ניט געשולט געוואָרן.

גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער מיטן פלייסיקן זעלנער. ער שלאָגט זיך אַרויס פון די כוחות צו געפעלן ווערן זיין קאָמאַנדיר. זיין גוטער נאָמען ברענגט אים אָבער מער שאָדן ווי נוצן. ער דאַרף אַדורכמאַכן אַלע שווערע איבונגען. ער מוז אָפּהיטן די שטרענגע דיסציפּלין. ער מוז אויסשטיין אַלע קאַפּריזן פון די אָפיצערן. די אָפּטע רעוויזיעס פאַרביטערן אים דאָס לעבן. עס לוינט זיך דעריבער ניט צו זיין פלייסיק. עס איז שוין א סך בעסער צו קריגן אַ שלעכטן נאָמען ביים קאָמאַנדיר.

## אין קאַרצער

עס זיינען געווען זעלנער אין מיין פּאָלק וועמען עס איז שווער געווען צו פאַראינטערעסירן מיט מיין ליטעראַטור. פאַר אַזעלכע איז מיין בעסטער העל־פער געווען — דער קאַרצער. דאָרטן איז די דיסציפּלין געווען אויסערגע־וויינלעך שטרענג: מען זיצט אין אַ פינצטערן צעל, אָן לופט און אָן ליכט. מען שלאָפט אויף האַרטע ברעטער. דאָס עסן באַשטייט פון ברויט מיט וואַסער צוויי מאָל אין טאָג; מען טאָר צו קיינעם ניט ריידן, אפילו ניט זינגען אָדער אונטערפייפן אַ לידל, מען טאָר ניט האָבן קיינע געשריבענע אָדער געדרוקטע זאַכן; מען מוז זיצן אין איינזאַמקייט. פאַר מיין אַגיטאַציע האָט עס געשאַפן אַ ספּעציעל גינסטיקן באָדן.

דער קאַרצער דאַרף שטענדיק באַוואַכט ווערן דורך איין אָפיצער, איין אונטער־אָפיצער און אַ צאָל זעלנער. קיינער טאָר ניט אַריינקומען אָדער אַרויס־גיין פון דאָרטן אָן אַ דערלויבעניש. דיווירקלעכקייט איז אָבער געווען גאַנץ אַנדערש. דער אָפיצער פלעגט באַזוכן דעם קאַרצער בלויז ווען מען האָט געביטן די וואַך. די רעשט צייט האָט ער ליבערשט פאַרבראַכט אין דעם אָפיצערסקן קלוב פריילעך און לוסטיק.

צווישן מיינע לייענער האָב איך געהאַט עטלעכע אונטער־אָפיצערן פון פאַרשיידענע ראָטעס. ווען איינער פון זיי איז געווען דער אויפזעער איבער דער וואַך פונעם קאַרצער, האָב איך שוין דאָרטן געהאַט אַ פרייען צוטריט. איך פלעג דעמאָלט קומען מיט אַ ביכל און אַ ליכטל. איך פלעג אַלעמאָל געפינען דאָרטן וועמען עס צו געבן. דער איינזאַמער אַרעסטאַנט פלעגט זיך אָנכאַפּן אָן דעם מיטן גאַנצן אימפּעט; אַ פריינטלעכע האַנט און הילף אין אַ בויט זיינען שטענדיק ווירקזאַם. אַזאַ ביכל פלעגט געוויינלעך אָפּשפּיגלען זיין אייגענע לאַגע. טיילמאָל האָט עס פאַר אים אויפגעוויקלט דעם גאַנצן פּלאָנטער פון זיינע צע־

מישטע געדאַנקען. האָט אָבער אַזאַ איינער געלייענט דאָס ערשטע ביכל, איז ער שוין דערנאָך פאַרבליבן מיינער אַ שטענדיקער לייענער.

איין מאָל בין איך שיער ניט אַריינגעפאַלן אין אַ צרה. געווען איז עס אין אַ ווינטערדיקן טאָג. די גאַנצע נאַכט האָט געבושעוועט אַ גרויסער שניי־שטורעם. אַלץ איז פאַרשאָטן און פאַרגראָבן געוואָרן. גאנץ פרי האָט מען זיך גענומען צום רייניקן דעם שניי. דער פעלדפעבל פון אַ צווייטער ראָטע האָט אַרויסגעשיקט אַ צאָל זעלנער, אונטער דער אויפזיכט פון אַן אונטער־אָפיצער אָפּצורוימען אַ געוויסע שטרעקע. שפּעטער איז ער אַליין געקומען זען ווי די אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן. עס איז אים אָבער ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט דעריבער אַוועקגעשיקט דעם אונטער־אָפיצער אין קאַרצער אַריין. אַהינצו בין איך באַלד געקומען מיט מיין ביכל און מיין ליכטל, ווי געוויינלעך.

דאַרף גראָד איינפאַלן דעם קאָרפּוסנעם קאָמאַנדיר צו קומען פּלוצים אויף אַן אינספּעקציע. צום ערשטן איז ער אַריין אין דער הויפּטוואַך פונעם קאַרצער. ער האָט באַלד דערזען אַ שיין פון אַ ליכטל אין אַ צעל און האָט זי געהייסן עפנען. דאָרט האָט ער שוין געפונען די גאַנצע טרפה. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע אויספאָרשונג. דער אַרעסטירטער האָט גע׳טענהט אַז ער האָט דעם ביכל גע־קויפט ביי אַ פאַרבייגייענדיקן פאַקנטרעגער. ער האָט עס געוואָלט געבן זיין קאָמאַנדיר אונטערצושרייבן. דערווייל האָט אים זיין פעלדפעבל איינגעזעצט אין קאַרצער אַריין. זיין תירוץ איז אָבער געווען אומגלויבלעך: ערשטנס, ווי קומט אַ פאַקנטרעגער אַזוי פרי אין אַ פאַרוואָרפענעם געגנט פון שטאָט? — צווייטנס, האָט דאָך דער אַרעסטירטער געדאַרפט רעווידירט ווערן איידער מען האָט אים אָפּגעשיקט אין קאַרצער; דריטנס, ווי אַזוי קומט אַ ליכטל אין קאַרצער? —

עס איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל. דער קאָרפּוסנער קאָמאַנדיר האָט געמאַכט אַן אויסרייד דעם קאָמאַנדיר פון דער דיוויזיע; יענער האָט געגעבן אַ שאַרפן אויסרייד דעם פּאָלקאָווניק; דער לעצטער האָט גענומען אויפן צימבל דעם ראָטנעם קאָמאַנדיר. דאָס אַלץ איז געווען געדרוקט אין דעם ביולעטען פון פּאָלק. עס איז פאַרשריבן געוואָרן אויפן רעקאָרד פון די אָפיצערן. מיר אָבער, די אמתע „שולדיקע", האָבן דערפון גאָרניט געליטן.

דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע איז געווען אַ גרויסער שיכור. ער האָט שוין געהאַט דעם ראַנג פון אונטער־פּאָלקאָווניק; ער איז, הייסט עס, געווען באַרעכ־טיקט צו פאַרוואַלטן מיט אַ גאַנצן באַטאַליאָן פון פיר ראָטעס; ער האָט אָבער געהאַט בלויז איין ראָטע. זיין אומצופרידנקייט האָט ער פאַרטרונקען אין דעם ביטערן טראָפּן. ער האָט זיך שוין ווייניק געקימערט וועגן זיינע פליכטן און וועגן זיין רעפּוטאַציע. ער האָט די ראָטע אינגאַנצן איבערגעלאָזן אויפן באַראָט פון פעלדפעבל. יענער איז אָבער געווען מיינער אַ לייענער. דער ראָטנער שרייבער איז אויך געווען מיינער אַ לייענער, האָט ער אינגאַנצן „פאַרגעסן" צו פאַרשרייבן די פּאַסירונג אין די ביכער פון דער ראָטע. דער פעלדפעבל האָט

זיך אויך געמאַכט ניט ווילסנדיק. מיין נאָמען איז אין ערגעץ ניט דערמאָנט געוואָרן קיין איין מאָל.

## צעשטערטע פּלענער

אין 1896, בעת דער פייערונג, לכבוד דער קרוינונג פון דעם נייעם קיסר ניקאָליי דעם צווייטן איז פאָרגעקומען אַ גרויס אומגליק. מען האָט געזאָלט טיילן מתנות דעם עולם. קיין זיכערקייט־פּלאַן איז אָבער פריער ניט צוגעגרייט געוואָרן. די מענטשן־מאַסע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די אויסטיילערס. יעדער איינער האָט געוואָלט כאַפּן וואָס פריער. מענטשן האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן און געטראָטן איינער איבער דעם אַנדערן. עס איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק. די פּאָליציי האָט זיך פאַרלוירן. אַכט טויזנט מענטשן זיינען דעמאָלט צעטראָטן און דערשטיקט געוואָרן! די צאַרישע פּאָליציי האָט זיך ווייניק געקימערט וועגן דער זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג. קיין אָרדענונגס־פּלענער זיינען דעריבער פריער ניט אויסגעאַרבעט געוואָרן. זי איז געוואוינט געווען נאָר צו באַפעלן, צו שלאָגן און צו אַרעסטירן. אויסהיטן און פאַרזאָרגן — דאָס האָט זי ניט געקענט.

דאָס דאָזיקע אומגליק האָט אויפגערייצט דעם צאָרן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. די גלויביקע האָבן אין דעם געזען אַ וואָרנונג פון גאָט; גרויסע אומגליקן וועלן פאָרקומען, האָבן זיי פאָראויסגעזאָגט, אין דער צייט פון דעם נייעם קיסרס הערשאַפט. זיינע בילדער האָט מען געריסן, געברענט און געטראָטן אין די גאַסן. דער קיסר האָט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אין מאָסקווע, ער האָט אָבער אויך מורא געהאַט צו קומען קיין פּעטערבורג, ווייל דאָרטן איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען דער גרויסער סטרייק פון די וועבערס. אין דער געגנט פון פּעטערבורג האָבן דעמאָלט אויך געברענט די וועלדער נאָענט פון די פּולווער און דינאַמיט סקלאַדן. איבער פּעטערבורג איז געהאָנגען די סכנה פון גרויסע אויפטרייסלונגען. אונדזער גרויסער העלד האָט זיך דעריבער אויסבאַהאַלטן ביי איינעם פון זיינע גענעראַלן, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט. זאָל זיך פריער אַלץ איינשטילן און איינשטעלן, זאָל מען פריער אויסלעשן דעם פייער פון די וועלדער און פון די סטרייקערס. זאָל מען פריער שאַפן פולשטענדיקע רו און זיכערקייט, — דעמאָלט וועט ער זיך קומען באַזעצן מיט דער גאַנצער פּאָמפּע אין זיין ווינטער פּאַלאַץ אין פּעטערבורג.

אין שטאָט האָבן זעלנער באַוואַכט אַלע רעגירונגס־אינסטיטוציעס. מיר איז אויסגעקומען צו באַוואַכן פון אינעווייניק די פאַרוואַלטונג פון דער זשאַנדאַמעריע. דאָרטן האָב איך זיך גוט צוגעהערט צו די באַריכטן און פאַראָרדענונגען וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דורכן טעלעפאָן. וואָס איך האָב געהערט האָב איך באַלד איבערגעגעבן צו דער אָנפירונג פון סטרייק. אין עטלעכע טעג אַרום איז אונדזער פּאָלק אַרויסגעשיקט געוואָרן מיטהעלפן אונטערצודריקן דעם סטרייק. מען האָט אונדז באַהאַלטן אין אַ רייכן הויף נאָענט

פון אַ פֿאַבריק. מיר זיינען געווען אויסגעשטאַט מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג, וואָס איז נויטיק אין אַ שלאַכט. גאַנצע צוויי מעת־לעת זיינען מיר דאָרטן געווען. געשלאָפן זיינען מיר אין די קליידער און מיט דער גאַנצער אַמוניציע. אונדזערע ביקסן זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט שאַרפע קוילן, די פֿאַבריקאַנטן פלעגן אונדז גאַנץ אָפט צושיקן שנאַפּס און פֿאַרבייסן. דערמיט האָבן זיי געוואָלט אָפּקויפן די סימפּאַטיע פון די זעלנער.

פֿאַר מיר איז די לאַגע געווען זייער אַ שווערע, עס האָט מיך געמאַטערט די פראַגע ווי אַזוי דאַרף איך האַנדלען, ווען מען וועט אונדז הייסן שיסן אין די סטרייקערס? — שיסן מוז איך, ווייל מען וועט נאָך דעם קאָנטראָלירן די ביקסן, מען וועט דאָך געפינען מיינע ניט באַנוצטע קוילן. רעוואָלטירן דעמאָנסטראַטיוו איינער אַליין — וועט עס קיין ווערט ניט האָבן. מיין יידישקייט קען נאָך ברענגען אַן אומגליק אויף אַנדערע יידן. נאָך אַ לאַנגען טראַכטן און פיינלעכע זוכענישן, האָב איך באַשלאָסן צו שיסן אַריבער די קעפּ פון די שטרייקערס. איך האָב בלויז געדאַרפט צילן אַ ביסל העכער. קיינער וועט עס ניט קענען באַמערקן. אויב מיינע קוילן וועלן טרעפן אין די הויכע פענצטער פון די רייכע, וועט עס קלאָר דעמאָנסטרירן דעם פּראָטעסט פון די זעלנער. מען וואָלט אָבער ניט געקענט אויסגעפינען ווער עס האָט עס געטאָן.

יעצט בין איך שוין געווען רואיק. איך האָב שוין געוואוסט ווי אַזוי צו האַנדלען. צום גליק איז אונדז אָבער אינגאַנצן ניט אויסגעקומען צו שיסן. אויפן דריטן טאָג האָט מען אונדז צוריק געשיקט אין אונדזערע קאַזאַרמעס.

## דער געפּלאַנטער אַטענטאַט

אין 1898 איז די פאָן פון אונדזער פּאָלק אַלט געוואָרן הונדערט יאָר. לויט די צאַרישע געזעצן האָט די פאָן געדאַרפט אַרויס פון דינסט. די נייע פאָן האָט דער צאַר אַליין געדאַרפט איבערגעבן אין די הענט פון פּאָלקאָווניק. אַזאַ פייערונג ווערט אַדורכגעפירט מיט אַ גרויסאַרטיקער צערעמאָניע. דער קיסר מיט דער גאַנצער קייזערלעכער סוויטע, זיינע גענעראַלן און מיניסטאָרן, זיינען דערביי אָנוועזנד. די מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער פון די אויסערלעכע רעגירונגען זיינען אויך דערביי פאַרטראָטן. ביי אַזאַ פייערונג קומט אויך פאָר אַ פּאַראַדנער אויפמאַרש פון דעם גאַנצן פּאָלק.

די צוגרייטונגען צו דער פייערונג האָט מען אָנגעהויבן מיט אַ סך חדשים פאָראויס. די קלענערע אָפיצירן האָבן געאַרבעט לאַנגע שעהן. די קאָמאַנדירן פון פּאָלק, פון דער דיוויזיע און אפילו דער קאָרפּוסנער קאָמאַנדיר זיינען אָפטמאָל געקומען אָנצופירן מיט די מושטרעס. ענדלעך איז געקומען דער פּעטערבורגער מיליטערישער קאָמאַנדיר וולאַדימיר אַלעקסאַנדראָוויטש, דער פעטער פון קייסער, אַליין אַדורכפירן אַ שטרענגען און גרינטלעכן פאַרהער. די גאָר לעצטע פּראָבעס זיינען פאָרגעקומען אין דעם מיכאַילאָווסקען מאַנעזש, דאָס איז אַ ריזיקער סטאַדיום, וואו די פייערונג האָט געדאַרפט פאָרקומען. ביי די לעצטע פּראָבעס זיי־

נען דורכגעפירט געוואָרן אַלע צערעמאָניעס וואָס דאַרפן פּאָרקומען ביי דער פייערונג גופא. מיר האָבן דעריבער פּאָראויס געוואוסט ווער און וואו יעדערער וועט זיך געפינען און וואָס ווער עס וועט טאָן: ווען דער קייסער וועט אַריינ־קומען, וועט ער באַגריסן די אָפטיילונגען פון פּאָלק, אין דער אָרדנונג ווי זיי זיינען אויסגעשטעלט. ער וועט צוערשט באַגריסן די מוזיקאַנטן. זיי וועלן אים ענטפערן מיט גליקוואונטשן, און וועלן אָנהייבן שפּילן. דערנאָך וועט ער באַגריסן דעם ערשטן באַטאַליאָן, וואָס וועט אים ווידער ווינטשן גליק און אָנהויבן שרייען הורא. דאָס זעלבע וועט פּאָרקומען מיט דעם צווייטן, דריטן און פערטן באַטאַליאָן, ביז אַלע וועלן צוזאַמען שרייען הורא. אַלע קלענערע און גרעסערע קאָמאַנדירן וועלן שטיין אין די רייען צוזאַמען מיט די זעלנער. זיי וועלן זיך אפילו ניט טאָרן אומקוקן, אפילו אויף זייערע זעלנער, אַלע וועלן מוזן קוקן בלויז אויפן צאַר. דער פּלאַץ פון מיין ראָטע איז געווען באַשטימט ביי אַ צען פוס פון דער קייזערלעכער פּלאַטפּאָרמע.

איך האָב דעריבער געטראַכט אַז אין דעם געוואַלדיקן טומעל וואָלט פאַר מיר געווען גאַנץ גרינג צו וואַרפן אַ באָמבע, וואָס וואָלט געקענט אויפרייסן דעם קיסר מיט זיין גאַנצער קייזערלעכער סוויטע, מיט אַלע מיניסטאָרן, גענע־ראַלן און דיפּלאָמאַטן. די באָמבע וואָלט איך געקענט קריגן דורך מיינע חברים אין שטאָט. עס וואָלט מיר אויך געווען ניט שווער מיטצונעמען זי צו דער פייערונג. ביים אַרויסגיין פון דער קאַזאַרמע רעווידירט מען טאָקע יעדן זעלנער. אַלס ראָטנער שרייבער בין איך אָבער פריי געווען פון אַזאַ רעוויזיע. איך האָב דעמאָלט געדאַרפט שרייבן דעם באַריכט וואָס מיין ראָט־נער קאָמאַנדיר וועט דאַרפן איבערגעבן זיין פּאָלקאָווניק. צוליב דעם האָב איך געדאַרפט וואַרטן אויף די גאַר לעצטע ענדערונגען אין דער ראָטע. איך האָב דעריבער געדאַרפט אַרויסגיין שוין נאָך דער רעוויזיע.

אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם פּלאַן. איך האָב זיך אָבער באַרעכנט אַז צוליב מיין יידישער אָפּשטאַמונג וואָלט אַזאַ אַטענטאַט געקענט האָבן אַ טראַגישע ווירקונג אויף דער יידישער באַפעלקערונג. עס וואָלט געקענט אַרויסרופן אַ כוואַליע פון בלוטיקע פּאָגראָמען און אויסנאַמס־געזעצן קעגן יידן. אויף אויסלאַנד וואָלט עס אויך געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג. דער אומקום פון די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן וואָלט ביי זיי אַרויסגערופן גרויס צאָרן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אויפצוגעבן דעם גאַנצן פּלאַן.

## ספּאָנטאַנע פּראָטעסטן

מיין שטענדיקע אַגיטאַציע צווישן די זעלנער האָט, מיט דער צייט, גע־בראַכט גוטע רעזולטאַטן. זי האָט זיך ענדלעך איינגעגעסן אין זייערע מיי־נונגען און נייגונגען. עס האָט געענדערט זייער קוק אויף לויפנדיקע פּאַסירונגען. זיי האָבן דערזען זייער מיליטער־דינסט אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט. ספּאָנטאַן פלעגן זיי שוין אָנהייבן צו פּראָטעסטירן קעגן עוולות. אָט זיינען עטלעכע ביישפּילן:

אין אונדזער פֿאָלק איז געווען אַ ראַטנער קאָמאַנדיר וואָס איז געווען פֿאַר־
קאָכט אין שיסן; ער האָט געזוכט אויפֿצובויען זיין קאַריערע דורך דער דאָ־
זיקער „קונסט“. זיין אַמביציע איז געווען אַז זיין ראָטע זאָל זיין די בעסטע
אין שיסן פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק. צוליב דעם פֿלעגט ער זיינע זעלנער שטענדיק
מאַטערן און פּלאָגן מיט איבונגען. יעדער איינער פֿון זיי האָט געמוזט ד'ער־
גרייכן די שטופֿע „אויסגעצייכנט“. ער האָט טאַקע דערגרייכט זיין ציל. זיין
ראָטע איז טאַקע געוואָרן די בעסטע אין שיסן. דער צאָרן פֿון זיינע זעלנער איז
אָבער כסדר געוואַקסן. דער פֿאַנאַטישער שיסער האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן פֿון
זיין אויפֿטו. ער איז געווען זיכער מיט זיין דערפֿאָלג, ער האָט נאָר געוואַרט
אויף אַ געלעגנהייט צו באַווייזן זיך פֿאַר די העכערע קאָמאַנדירן. אַזאַ גע־
לעגנהייט איז ענדלעך געקומען. עס האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אַן אינספּעקציע
פֿון גאָר אַ גרויסן קאָמאַנדיר. אונדזער גרויסער שיסער האָט זיך דאַן גענומען
צו זיינע זעלנער נאָך מיט מער אימפּעט. די הינטערשטעליקע זעלנער פֿלעגט
ער שווער באַשטראָפֿן, זיינע זעלנער האָבן געליטן און געשוויגן. זיי זיינען טאַקע
געוואָרן גאָר גרויסע שיסער. ער האָט זיך שוין געפֿילט ווי אין זיבעטן הימל.

עס איז אים אָבער ניט באַשערט געווען צו געווינען די דערוואַרטעטע
אויסצייכנונגען. די זעלנער האָבן אים אָנגעטאָן אַ שפּיצל. זיי האָבן צעשאָסן
אַלע זיינע אַמביציעס. פּאַסירט האָט עס אַזוי:

דער דאָזיקער העכערער קאָמאַנדיר האָט אויסגעפּרופֿט די שיס־קענטניש
ניט פֿון יעדן זעלנער באַזונדער, נאָר פֿון גאַנצע ראָטעס. די דערצאָרנטע זעלנער
האָבן אין דעם דערפֿילט אַ געלעגנהייט אָפּצורעכענען זיך מיט זייער פֿייניקער.
זיי האָבן בכיוון געשאָסן אַריבער דעם אָנגעוויזענעם ציל. מיט דעם האָט זיך
די ראָטע ווירקלעך אויסגעצייכנט, זי האָט געקראָגן דעם ערגסטן רעקאָרד
פֿון גאַנצן פֿאָלק. עס איז געווען קלאָר אַז זיי האָבן דאָס געטאָן ספּעציעל.
זייערע קוילן האָבן צעשאָסן די גאַנצע רעפּוטאַציע און קאַריערע פֿון זייער
פֿייניקער. דער צעשלאָגענער דעספּאָט האָט שוין דאָ דערפֿילט זיין אומבאַהאָלפֿנ־
קייט. ער האָט דעריבער שפּעטער געמוזט ענדערן די גאַנצע באַנעמונג צו
זיינע זעלנער. די גאַנצע פּאַסירונג איז געווען אַ ספּאָנטאַנע, ניט אָפּגערעטערהייט,
יעדערער פֿון די זעלנער האָט אַזוי געהאַנדלט לויט זיין אייגענעם איינפֿאַל. דער
אַלגעמיינער רעזולטאַט איז אָבער געווען דער זעלבער. מיין אַגיטאַציע האָט
אין דעם זיכער געהאַט אַ שטאַרקן חלק.

און אָט איז נאָך אַן ענלעכער פֿאַל:

ווען אונדזער פֿאָלק האָט זיך געגרייט צו דער פֿייערונג פֿון דער נייער
פֿאָן, האָט מען לאַנגע חדשים פֿריער אונדז גענומען מושטירן און מאַטערן.
איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ פֿאַל: דער ראָטנער קאָמאַנדיר האָט אונדז געטריבן
הין און צוריק איבערן פֿעלד. ער פֿלעגט אויסשרייען דעם קיסערס באַגריסונג
און מיר פֿלעגן דאַרפֿן ענטפֿערן אין איין קול. מיר פֿלעגן דערביי מוזן איינ־
שטעלן אַ גלייכן פֿראָנט. אין אָנהייב איז אַלץ צוגעגאַנגען גאַנץ גלאַטיק. ווען

מיר זיינען שוין אָבער געוואָרן שטאַרק אויסגעמאַטערט, איז געוואָרן שלעכט. מיר האָבן שוין ניט געקענט אָנהאַלטן קיין גלייכן פראָנט. דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די זון האָט געברענט. דער שטויב פון מאַרשירן און לויפן האָט אונדז געשטיקט. עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטיק. מיר זיינען שוין געווען שטאַרק אויסגעהונגערט. אַלע אַנדערע ראָטעס זיינען שוין לאַנג באַפרייט געוואָרן.

אונדזער קאָמאַנדיר האָט אָבער ניט געוואָלט וויסן פון קיין זאַך. ער האָט אונדז ווידער און ווידער געטריבן און געמאַטערט. די פראָנט־ליניע איז אָבער געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, האָט ער אונדז דעמאָלט איבערגעגעבן צום פעלדפעבל און אים באַפוילן ניט אָפּצולאָזן אונדז ביז וואַנען מיר וועלן קענען פאָרמירן אַ גלייכן פראָנט. מיר זיינען שוין אָבער געווען אויסגעמאַטערט און הונגעריק, נערוועז און פאַרביטערט, האָבן מיר שוין מער ניט געקענט קאָנ־טראָלירן אונדזערע באַוועגונגען.

דער פעלדפעבל האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אונדז מיט זיין גאַנצן הינטישן ברען. ער האָט געסטראַשעט אַז ער וועט אונדז ניט פריי לאָזן, ביז מיר וועלן ניט קענען פאָרמירן אַ גלייכע ליניע. ער האָט אונדז מושטירט אָן אויפהער. קיין גלייכן פראָנט האָבן מיר אָבער אַלץ ניט געקענט שאַפן. דאָס האָט אים שוין אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ער האָט דאַן אַ קאָמאַנדע געטאָן צו לויפן. דערמיט האָט ער געוואָלט אונדז באַשטראָפן. אָבער אַנשטאָט צו לויפן זיינען מיר פאַרבליבן טרעטן אויפן זעלביקן אָרט. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַרום אַ שעה צייט. ער האָט געפּלאַצט פון צאָרן. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן. די גאַנצע ראָטע האָט ער דאָך ניט געקענט באַשטראָפן. סוף כל סוף האָט ער אונדז געמוזט פריי לאָזן.

אין קאַזאַרמע האָט זיך דער פעלדפעבל באַהאַלטן אונטער די טרעפּ. ער האָט געוואָלט אונטערהערן וועגן וואָס זיינען די הויפּט־שולדיקע. גראָד האָט אַ זעלנער זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר אַ צווייטן. דער פעלדפעבל איז באַלד אַרויסגעשפּרונגען און האָט אים אַרעסטירט. ווען מען האָט דעם זעלנער געפירט צום קאַרצער איז אונטערגעקומען דער קאָמאַנדיר אַליין. יענער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פון דער גאַנצער פאַסירונג, אַ בונט פון אַ גאַנצער ראָטע קען דאָך וואַרפן אַ פלעק אויף זיין אייגענער רעפּוטאַציע. ער האָט דעריבער געהייסן באַפרייען דעם זעלנער. אַזוי איז דער בונט דורכגעגאַנגען אין גאַנצן אומבאַשטראָפט.

אַזעלכע און ענלעכע פאַלן זיינען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע ראָטעס. די דאָזיקע האַנדלונגען זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון דער טיפער ענדערונג וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין די מיינונגען פון די זעלנער. אַזעלכע פּאַסיווע ווידערשטאַנדן פלעגן פאָרקומען אָן קיין שום צוזאַמענריידן זיך, זיי זיינען אָבער מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם פאַרפלאַנצן אומצוטרוי צום צאַרישן געזעץ און צו די קאָמאַנדירן.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך געלייענט אַ באַריכט, אַז מיין פּאָלק האָט זיך צעבונטעוועט. דאָס איז געווען בעת דער רוסיש־יאַפּאַנעזער מלחמה פון 1904. מען האָט דעמאָלט דעם גאַנצן פּאָלק פונאַנדערגעלאָזט און אַרעסטירט. די זעלנער האָט מען פאַרשיקט אונטער שטרענגער אויפזיכט. איך בין שוין דעמאָלט געווען אין אויסלאַנד, מיין האַרץ זאָגט מיר אָבער אַז מיין אַגיטאַציע האָט געהאַט אַ שטיק חלק אין דעם דאָזיקן בונט קעגן דעם צאַרישן רעזשים.

# אין דווינסק

## דער סטרייק ביי זאַקסן

אין אָקטאָבער 1899 האָט זיך פאַרענדיקט מיין טערמין אין צאַרישן מיליטער. אויף דער דערלייזונג האָב איך די גאַנצע צייט געוואַרט און געהאָפט. מיין איינציקע אַמביציע איז איצט געווען צו זיין אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך האָב זיך וועגן דעם דורכגעשריבן מיט מיינע חברים אין אַנדערע שטעט.

פון דווינסק האָב איך דאַן געקראָגן אַ פאָרשלאַג צו קומען מיטאַרבעטן אין דער אָרגאַניזאַציע. דאָרטן זיינען דעמאָלט טעטיק געווען אַ היפּשע צאָל וויטעבסקער. מען האָט זיך דאָרטן געגרייט צו קאַמפן. ענערגישע טוערס זיינען געווען דורכאויס בויטיק. האָב איך שנעל איינגעפּאַקט מיין קלומיקל און אַוועק קיין דווינסק. דאָרטן האָב איך זיך באַלד איינגעשפּאַנט אין וואָגן.

ווינטער 1899־900 איז אויסגעבראָכן דער סטרייק אין דער שוועבעלעך־פאַבריק פון זאַקסן. דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער סטרייק אין דער גאַנצער געגנט. די פאַבריק האָט באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטער, מערסטנס מיידלעך. די עקספּלואַטאַציע איז געווען זייער גרויס, די באַהאַנדלונג איז געווען גראָב, די שכירות זיינען געווען קליין, די אַרבעטס־שעהן זיינען אָבער געווען גאָר לאַנגע, קיין סאַניטאַרישע איינריכטונגען זיינען דאָרטן ניט געווען. עס האָט אויך געהערשט אַ סיסטעם פון רויבערישע שטראָפן. אויב איינער האָט פּראָטעסטירט, האָט מען אים באַלד געוויזן די טיר. הונגעריקע מיילער זיינען אין שטאָט געווען איבערגענוג, די אָפּגעליידיקטע פּלעצער פלעגן שנעל פאַרנומען ווערן.

דער דווינסקער קאָמיטעט פון „בונד" האָט זיך פאַרמאָסטן אויף דער פאַבריק. זיינע טוער זיינען ביסלעכווייז אַריינגעדרינגען אינווייניק. זיי האָבן אָנגעפירט אַ העפטיקע אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער. אינגיכן האָט דער „בונד" דאָרטן איינגעפירט אַן אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ היפּשע צאָל פון די פאַבריק־אַרבעטער. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך פאַרנומען אַרויסצורופן אַ סטרייק.

דער סטרייק איז באַלד געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטאָט. די גאַנצע באַפּעלקערונג האָט אַרויסגעוויזן אַקטיווע סימפּאַטיע מיט די סטרייקערס. זיי האָבן בייגעשטייערט שפּייז, געלט און קליידער. זאַקס האָט זיך אָבער געהאַלטן פּעסט. ער האָט אפילו ניט געוואָלט אויסהערן די סטרייקערס. ער האָט געבויט זיינע האָפענונגען אויפן הונגער, אויף דער פּאָליציי און אויף מעגלעכע רייסערייען צווישן די סטרייקערס. אַרעסטן זיינען פאָרגעקומען יעדן טאָג. דאָס האָט אָבער די סטרייקערס ניט אָפּגעשראָקן. עס האָט ניט לאַנג גענומען און זאַקס אַליין האָט שוין דערפילט די ערנסטקייט פון דער לאַגע. ער האָט באַנוצט אַלערליי מיטלען, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אויספּלאָנטערן. האָט ער זיך פאַרנומען אויף אַ גאַנץ נייעם וועג. ער האָט געהאַט אַ זון אַ ציוניסט אין ווין. יענער האָט געהאַט אַ רעפּוטאַציע פון אַ פריידענקער און אַ כלל־טוער. זאַקס האָט גערעכנט אַז צום זון וועלן די סטרייקערס האָבן מער צוטרוי. האָט ער טעלעגראַפירט צום זון ער זאָל באַלד קומען קיין דווינסק.

דער יונגער זאַקס האָט אָנגעהויבן אַ גאַנץ אַנדערע טאַקטיק. ער האָט גערעדט צו די סטרייקערס מיט אַ פריינטלעכער שפּראַך. דאָס ערשטע האָט ער געזען אָפּצושטעלן די פאַרפאָלגונגען פון דער פּאָליציי. ער האָט פאָרגעשלאָגן דורכצורעדן זיך מיט די סטרייקערס, אָבער ניט מיט זייערע פירערס. וועגן קיין פאָדערונגען האָט ער אפילו ניט געוואָלט הערן; דאָס, האָט ער געזאָגט, וועט מען זען שפּעטער. פריער מוז זיך ענדיקן דער סטרייק. מען קען דאָך ניט פאַרהאַנדלען מיט צערייצטע מענטשן.

צווישן מענטשן האָט ער גע׳טענהט אַז די קריוודעס און די פאָדערונגען פון די סטרייקערס זיינען אויפגעבלאָזענע; אַז אין דער אמתן האַנדלט עס זיך בלויז וועגן קלייניקייטן; אַז די פירערס זיינען גאָר אַליין אויסן בלויז זייערע פערזענלעכע נוצן; אַז צוליב דעם סטרייק פאַרלירן די אַרבעטער אַ סך שכירות, וואָס זיי וועלן דערנאָך אַ לאַנגע צייט ניט קענען אָפּמאַכן; אַז יידן דאַרפן אויסמיידן סטרייקן און פּאָליטיק; אַז מיט אַזאַ בונטעווען זיך שאַפן זיי אַ שלעכטן נאָמען פאַר דעם גאַנצן יידנטום, און אַז דער פאַבריקאַנט איז גרייט אַלעמען צו פאַרגעבן און פאַרגעסן.

ער האָט אָבער געפאָדערט, אַז די וואָס אַרבעטן ניט אין זיין פאַבריק זאָלן זיך ניט מישן אין „פרעמדע" זאַכן; און אַז די סטרייקערס זאָלן באַלד צוריקגיין צו זייער אַרבעט. ערשט דאַן וועט מען זען וואָס מען קען טאָן.

זיינע אַלע טענות און גוטע עצות האָבן אים אָבער גאָרניט געהאָלפן. די אַרבעטער האָבן זיך געענוג אָנגעליטן אין זיין פאַבריק. זיי האָבן אים ניט געגלויבט. אַקעגן איז דער צוטרוי צו זייערע פירער געוואָקסן. דער סטרייק איז אָנגעגאַנגען שטאַרק און ענטשלאָסן.

אַרום די פירער האָבן זיך געשאַפן גאַנצע לעגענדעס. זיי זיינען כמעט ווי פאַרגעטערט געוואָרן דורך די סטרייקערס. מען האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיי וואונדערלעכע מעשיות. אַז זיי קומען פון גאָר רייכע

עלטערן; אַז זיי האָבן זיך געבאָדן אין רייכטום און אין וואוילטאָג, זיי האָבן אָבער פאַרלאָזן זייערע רייכע היימען און אַוועק צו די אַרבעטער. זיי האָבן זיך פאַרשוואָרן צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די געדריקטע און פאַרפאָלגטע. די סטרייקערס האָבן זיך באַצויגן צו זייערע פירער אַזוי ווי צו די פאָרשטייער פון דער גערעכטיקייט זעלבסט.

## הילף פון פעטערבורג

דער סטרייק האָט זיך דערוויַיל געשלעפּט און געצויגן. די נויט האָט אַלץ שטאַרקער געפּלאָגט די סטרייקערס. מענטשן זיינען אַרומגעגאַנגען פאַר־שמאַכטע, פאַרהונגערטע און פאַרצאָרנטע. זייער קאַמפּס־פעאיקייט איז ביס־לעכווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס האָבן זיך שוין אָפּט געהערט שאַרפע פאַר־וואורפן אויף די פירערס.

די זאַקסעס האָבן געזוכט אַריינצוברענגען קריגערייען צווישן די סטרייקערס. זאָלן נאָר די ערשטע עטלעכע טויבן קומען צוריק אין שטיג אַריין — האָבן זיי זיך געטראַכט — די אַנדערע וועלן שוין מוזן קומען.

עס איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן אַז מען מוז דעם הונגער פאַרטרייבן וואָס גיכער. מען מוז באַפעסטיקן וואָס שנעלער דעם צוטרוי, צו דער סטרייק־אָנפירונג. ווי אַזוי אָבער קענען מיר עס באַווייזן? די אייגענע געלט־מיטלען זיינען צו ווייניק פאַר דעם. די ביישטייערונגען פון די סטרייקערס זיינען שוין אויסגעשעפּט. די שטיצע פון די אַרומיקע שטעטלעך איז ניט גענוג. מיר האָבן שוין ניט געקענט שפּייזן אפילו די אָרעמסטע פון די סטרייקערס. איך האָב דעריבער פאָרגעשלאָגן צו פאַראינטערעסירן די פעטערבורגער חברים מיט דעם סטרייק. דאָרטן, האָב איך זיי דערמאָנט, געפינט זיך דער „פאַרבאַנד צו באַ־פרייען די אַרבעט", די אָרגאַניזאַציע איז נאָך גאָר יונג, זי פאַרמאָגט אָבער אַ סך אינטעליגענטע קרעפטן. אירע פינאַנציעלע מיטלען זיינען גאַנץ גרויסע. זיי האָבן אָבער ניט וואָס צו טאָן דערמיט. איך האָב געדינט אין דער פעטערבור־גער אַרמיי קנאַפּע פיר יאָר צייט. איך בין גוט באַקאַנט מיט דער שטאָט און, טייל־ווייז, אויך מיט אירע באַוועגונגען. עטלעכע פון מיינע חברים זיינען מיטגלידער פון דעם פאַרבאַנד. איך וואָלט אפשר געקענט קריגן פון זיי גענוג געלט פאַר אונדזערע סטרייקערס. מיין פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן פון דעם סטרייק־קאָמיטעט. מען האָט מיך באַלד געשיקט קיין פעטערבורג נאָך הילף.

דער „פאַרבאַנד" האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט עטלעכע שטעט. זיין צענטער איז אָבער געווען אין פעטערבורג. ער האָט זיך הויפּטזעכלעך פאַר־נומען מיט פאָרשן, שטודירן און דיסקוטירן. זיינע דעבאַטן מיט די „נאַראָד־ניקעס" פלעגן ציען די אויפמערקזאַמקייט פונעם גאַנצן לאַנד. מיט די אַרבעטער אָבער האָבן זיי געהאַט זייער שוואַכע פאַרבינדונגען. פאַר די פעטערבורגער אינטעליגענטן איז שווער געווען צוזאַמענצורײדן זיך מיט אַרבעטער. זייער גאַנצער צוגאַנג איז געווען אַן אויסגעשטודירטער פון ביכל. זיי האָבן דעריבער

ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף אַרבעטער. מאַנכע אַרבעטער פלעגן אויף זיי קוקן ווי אויף פּריצים און ליידיקגייער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיי.

דער „פאַרבאַנד" האָט אָבער געזוכט אַנטייל צו נעמען אין דעם אַרבעטער־קאַמף. ווען זיי האָבן פאַר זיך דערזען אַ פאָרשטייער פון אַ גרויסן סטרייק זיינען זיי געוואָרן שטאַרק פאַראינטערעסירט. זיי האָבן זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט. די ליבעראַלע עלעמענטן פון פעטערבורג זיינען באַלד אויפ־גערודערט געוואָרן. געלט האָט גענומען שטראָמען פון אַלע זייטן. די פאַר־מעגלעכע האָבן געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט. אַ געהיימניספּולע פּושקעלע איז יענעם טאָג אַרומגעגאַנגען צווישן די סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן. כמעט יעדער פון זיי האָט עפּעס דאָרטן אַריינגעוואָרפן. אייניקע האָבן געגעבן צו רובל, צו פינף און צו צען; אַנדערע האָבן געגעבן לויט זייערע מעגלעכקייטן. פאַר אייניקע סטודענטן האָט עס אפשר געמיינט אָפּצוזאָגן זיך פון דעם נוי־טיקסן. זיי האָבן זיך אָבער געפילט גליקלעך צו העלפן אַזאַ גרויסן און וויכטיקן סטרייק. אין די צוויי טעג וואָס איך בין געווען אין פעטערבורג איז געשאַפן געוואָרן גאַנצע אַכט טויזנט רובל. פאַר יענע צייטן איז עס געווען זייער אַ גרויסע סומע.

דער „פאַרבאַנד" האָט אָבער געפאָדערט אַז אין באַריכט וועגן דעם סטרייק זאָל געזאָגט ווערן, אַז ער איז געפירט געוואָרן צוזאַמען מיטן „פאַרבאַנד". קיין גרויסער עקספּערט פון פאַרטיי־פּאָליטיק בין איך נאָך דאַמאָלט ניט געווען, האָב איך זיי עס צוגעזאָגט. פיר טויזנט רובל האָב איך געקראָגן אויף דער האַנט. די סטרייקערס האָבן שוין באַלד אויף צומאָרגנס געקענט אָפּפּאַסטן זיך. די אַנדערע פיר טויזנט זיינען געקומען אין עטלעכע טעג אַרום. אַ פאָרשטייערין פון „פאַרבאַנד", רחקע די בעראַזעווערן, האָט עס מיטגעבראַכט. זי איז געווען פון אונדזערע וויטעבסקער חברים. אין פעטערבורג איז זי געקומען שטודירן. דאָרטן איז זי געוואָרן אַ טוערין פון „פאַרבאַנד". זי האָט געפאָדערט פונעם סטרייק־קאָמיטעט צו האַלטן מיין צוזאָג. ער האָט עס אָבער אָפּגעוואָרפן. „דער סטרייק ווערט געפירט פון „בונד" — האָבן זיי געטענהט — „און אַזוי וועט באַריכטעט ווערן". עס האָט זיך צוליב דעם אַנטוויקלט אַ הייסער דיפּלאָ־מאַטישער קאַמף. דער „בונד" איז אָבער באַשטאַנען אויף זיינס און האָט ניט נאָכגעגעבן. דער „פאַרבאַנד" האָט אָבער ניט געוואַגט אַוועקצופירן דאָס געלט צוריק קיין פעטערבורג. זיי האָבן גוט געוואוסט אַז דערמיט וואָלטן זיי געשטעלט אין סכנה דעם אויסגאַנג פונעם סטרייק. דאָס געלט האָבן מיר געקראָגן. די לאַגע איז געוואָרן אַ סך בעסער. די אָנפירונג פונעם סטרייק איז געוואָרן לייכטער און זיכערער. אין די רייען פון די סטרייקערס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע אויפ־לעבונג. זייער גלויבן אין אַ שנעלן זיג איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. די פאַר־זאַמלונגען זיינען געוואָרן לעבעדיקער. דער געזאַנג פון די זיגערס האָט זיך שוין געלאָזט הערן באַצייטנס.

דיביידע זאַקסעס האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן שוין דערפילט זייער דורכפאַל. די פּעטערבורגער הילף האָט אויף זיי אָנגעוואָרפן אַ שרעק. זיי האָבן שוין מער ניט געקענט רעכענען אויף קיין הונגער און שפּאַלטונג צווישן די סטרייקערס. זיי האָבן דעריבער געלאָזט וויסן, אַז זיי ווילן פאַרהאַנדלען מיט דעם סטרייק־קאָמיטעט. זיי האָבן געפּרואווט אַראָפּ צודינגען פון די פאָדערונגען. זיי האָבן אונדז געוואָלט איבערצייגן, אַז זייער פאַבריק קען ניט עקסיסטירן ביי די נייע באַדינגונגען. מיר זיינען אָבער געשטאַנען פעסט און די זאַקסעס האָבן אַלץ געמוזט נאָכגעבן. דער סטרייק איז פולשטענדיק געוואונען געוואָרן. ער האָט געדויערט אַרום צען וואָכן. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז דורך דעם פאַרשטאַרקט געוואָרן. אַרעסטן זיינען אין דער צייט פון סטרייק געווען זייער ווייניק.

## דער סטרייק פון די בוכבינדערס

דער אויסגאַנג פונעם סטרייק אויף זאַקסעס פאַבריק האָט אויפגערודערט די גאַנצע באַפעלקערונג פון דווינסק. אומעטום האָט מען נאָר גערעדט וועגן אים, וועגן זיינע איבערגעגעבענע פירערס און וועגן די הילף פון פּעטערבורג. דער גרויסער נצחון האָט שטאַרק פּאָפּולאַריזירט דעם „בונד". די לעגענדעס וואָס זיינען דערציילט געוואָרן וועגן זיינע פירערס האָבן דעם איינדרוק נאָך מער פאַרשטאַרקט. די ברידערלעכע האַנט פון פּעטערבורג האָט קלאָר דע־מאָנסטרירט די מאַכט פון אייניקייט.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון דווינסק האָט גענומען וואַקסן און אויסשפּרייטן זיך מיט גרויס אימפּעט. די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן האָבן אויך גענומען אָרגאַניזירן סטרייקן. די באַלעבאַטים זיינען געווען צעשראָקן און פאַרלוירן. די אַרבעטער אָבער זיינען געווען מוטיק און אַנטשלאָסן. אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט זיך אויך גענומען רודערן. מען האָט אָנגעהויבן אַ פּלאַנמעסיקע סאָציאַליסטישע אויפקלערונג. מען האָט זיך גענומען צו שאַפן אָרגאַניזאַציעס. די לאַגע איז פאַר אונדז געוואָרן זייער גינסטיק.

אין דווינסק האָבן דעמאָלט געסטרייקט די בוכבינדער, די בערשטער און די מצה־אַרבעטער. די בוכבינדערס האָבן געאַרבעט ביי זייער שלעכטע באַ־דינגונגען. פערצן שעה איז געווען זייער דורכשניטלעכער אַרבעטס־טאָג. מיטאָג פלעגן זיי מוזן איבערבייסן ביים וואַרשטאַט גופא. דערמיט האָבן די באַ־לעבאַטים זיך איינגעשפּאָרט נאָך אַרבעטס־צייט. די אַרבעטס־וואָך פלעגט זיך אָנהויבן שבת באַלד נאָך הבדלה און מען פלעגט אַרבעטן ביז צומאָרגנס צען ביינאַכט (מען האָט זיך דאָך גוט אויסגעשלאָפן דורכן הייליקן שבת!) אין די וואָכנדיקע טעג פלעגט מען אַרבעטן פון זיבן אין דער פרי ביז אַרום ניין—צען ביינאַכט. קיין באַשטימטע צייט אַוועקצולייגן די אַרבעט איז ניט געווען. מען פלעגט אַרבעטן אַזוי לאַנג ביז דער באַלעבאָס פלעגט אויסלעשן די לאָמפּן. דאָנערשטיק פלעגט מען אָנהייבן די אַרבעט ווי געוויינלעך, אָבער אַרבעטן פלעגט מען אָן איבערייס דורך דער נאַכט ביז פרייטיק צו ליכט־בענטשן; דאָס שלאָפן

פלעגט מען אָפּלייגן אויף שבת. פֿאַר דעם אַלעם פלעגט מען קריגן פֿון 2 רובל ביז דריי פֿאַר איבער 80 שעה אַרבעט אַ וואָך. אויסער דעם איז נאָך געווען איינגעפירט, אַז יינגלעך פלעגן אַרבעטן עטלעכע יאָר אינגאַנצן אָן לוין.

אומבייטן אַ באַלעבאָס האָט מען ניט געקענט. צו דעם צוועק האָט מען געמוזט האָבן אַ דערלויבניש פונעם „צעך". פֿאַר אַזאַ דערלויבניש האָט מען אָבער געמוזט האָבן די הסכמה פֿון דעם פריערדיקן באַלעבאָס. די באַלעבאַטים האָבן אָבער געוואָלט האַלטן זייערע אַרבעטער צוגעבונדן צו זיך. אַזאַ דערלויבניש האָט מען דעריבער ניט געקענט קריגן. אַזוי האָבן די דווינסקער בוכבינדער געשקלאָפּט נאָך אפילו אין יענע יאָרן.

באַלד נאָך דעם זאַקס-סטרייק האָבן די בונדיסטן זיך אַ נעם געטאָן צו די בוכבינדערס. אַ געוויסע צייט האָבן מיר אָנגעפירט אַן אינטענסיווע אַגיטאַציע און אויפקלערונג. דערנאָך האָבן מיר גענומען אָרגאַניזירן די סטרייק-מאַשינעריע. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן עטלעכע באַראַטונגען מיט פאַרטרעטערס פון די אַרבעטער; עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די פאָדערונגען און די קאַמף מעטאָדן. די פאָדערונגען זיינען פאַרגעלייגט געוואָרן פֿאַר די באַלעבאַטים. מיר האָבן דעמאָלט באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט אָנצופירן דעם קאַמף מיט די באַלעבאַטים. ערשט נאָך דעם האָבן מיר אַרויסגערופן די בוכבינדערס אין סטרייק. דאָס איז געווען באַלד נאָך פסח 1900. דער אָפּרוף איז געווען שנעל און אַנטשלאָסן. אַלע בוכבינדער-אַרבעטער פון שטאָט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן סטרייק.

די באַלעבאַטים זיינען געוואָרן אויסער זיך פאַר צאָרן. אין אָנהויב האָבן זיי זיך געשפּאַרט און געבריקעט. „אונדז וועלן זיי לערנען ווי צו פירן די געשעפטן?" — האָבן זיי געטענהט — „אָט די אָפּגעריסענע שלעפּערס וועלן דאָס אונדז זאָגן דעות!? — אַזעלכעס וועלן מיר ניט דערלאָזן! — אין אַ וואָך אַרום האָט שוין אָבער געבלאָזן אַן אַנדער ווינטל. זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען אַז מיט בייזן וועלן זיי גאָרניט דערגרייכן. זיי האָבן דערזען אַז זיי האָבן צו טאָן ניט בלויז מיט זייערע אַרבעטער נאָר מיט דעם „אַלגעמיינעם בונד". זיי האָבן דעריבער געביטן זייער שטעלונג. זיי האָבן גענומען איינטענהן מיט די סטרייקערס, זיי האָבן אַרגומענטירט, געבעטן און געדונגען זיך. „עס איז שוין יעצט אַזאַ וועלט", האָבן זיי זיך באַקלאָגט, „אַז טאָמער פאַרדינט איינער אויף אַ לעבן, פאַרגינט מען אים ניט. מען באַפאַלט אים מיט סטרייקס, מיט בונטן און מיט ווילדע פאָדערונגען. זיי האָבן זיך געמאַכט אַ „בונד" און בונטעווען זיך!"

די אַרבעטער זיינען אָבער באַשטאַנען אויף זייערע פאָדערונגען. זיי זיינען שוין געווען זיכער אַז דער ווידערשטאַנד פון די באַלעבאַטים וועט געבראָכן ווערן. בלויז איין וואָך האָט דער סטרייק געדויערט. די באַלעבאַטים האָבן געמוזט נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען. דער אויסגאַנג פון זאַקס-סטרייק האָט דאָ אַ סך אַרויסגעהאָלפן. די הילף פון פעטערבורג האָט אויך געווירקט ווייכער צו מאַכן די באַלעבאַטים.

## די מצה־אַרבעטער

אין דער זעלבער צייט איז אויך געקומען צו אַ סטרייק פון די מצה־אַרבעטערינס אין דווינסק. דאָס זיינען געווען מערסטנס פרויען און מיידלעך פון די אָרעמסטע שיכטן. אַ גאַנצן יאָר פלעגן זיי זיך פּלאָגן אין זייערע כאַ־לופעס, אָפּפּינסטערן דאָרט זייערע טעג און יאָרן אין דחקות און אין נויט. זיי פלעגן אַלץ זוכן מיטלען איינצושטילן דעם הונגער. שטענדיק זיינען זיי געווען פאַרהאָרעוועט און פאַרטאָן ביי דאגות פּרנסה אָדער ביים פאַריכטן זייערע פאַרלאַטן די אַלטע קליידלעך און די צעריסענע הייזקעס פון זייערע אָפּגעריסענע און פאַרהונגערטע קינדערלעך.

ווען עס האָט זיך אָבער דערנענטערט דער יום־טוב פּסח איז פאַר זיי אויפגעקומען נאָך אַ דאגה: וואו נעמט מען אויף פּסח? — אַ סך פון זיי פלעגן זיך פאַרדינגען צום מצה־פּאַדראַד. דאָרטן פלעגן זיי קריגן זייערע אייגענע מצות אָן געלט; צווייטנס, פלעגן זיי ברענגען עטלעכע מצות יעדן טאָג פאַר זייערע קינדערלעך, און דער עיקר — זיי פלעגן אויך קריגן צוגעצאָלט עטלעכע רובל. אויף זאַלץ, אויף ציבעלעס און אויף חרוסות האָט דאָס געסטייעט — וועגן איבריקן — פלעגן זיי שוין מוזן וואַרטן אויף גאָטס גנאָד; ער שפּייזט דאָך אפילו אַ וואָרעם אונטער אַ שטיין.

אַ מצה־פּאָדראַד איז געווען אַ פאַבריקל וואָס איז איינגעאָרדענט געוואָרן אויף אַ ווילע, עס איז געווען ווי אַ מין שוועסטער־קינד פון דער סוכה. עטלעכע קבצנים פלעגן זיך צענויפנעמען און אָפּדינגען אַ ליידיק הויז. זיי פלעגן דאָרטן פאַריכטן דעם אויוון און פאַרגרייטן לאַנגע טישן אויף קאָזלעס. דערמיט איז דער פּאָדראַד געווען פאַרטיק. זיי אַליין, זייערע פרויען און קינדער פלעגן זיך שטעלן צו דער אַרבעט. אויסער דעם פלעגן זיי אָנדינגען עטלעכע אַרויסהעלפערס. די מענער פלעגן קנעטן די טייג און באַקן אין די אָנגעהייצטע אויוונס; די פרויען פלעגן וועלגערן די מצות און קריגן זיך; די יונגלעך פלעגן רעדלען און באַרי־מען זיך מיט זייערע קונציקע דריידלעך. דער טומל פלעגט זיין זייער גרויס: אַלע ריידן, אַלע בייזערן זיך, אַלע שרייען, — די לופט איז שטיקנדיק, די היץ — גרויס, אַזאַ פּאָדראַד פלעגט אָנהאַלטן פון פּורים ביז פּסח.

דער אַרבעטס־טאָג איז געווען זייער אַ לאַנגער. די שכירות זיינען געווען אַ סך קלענער ווי אין די ערגסטע פאַכן. אַזוי איז עס שוין געווען איינגעפירט פון כמה יאָרן. פאַר די מצה־אַרבעטערס איז דער אַרבעטער־קאַמף געווען אַ פרעמדע זאַך. אין יאָר (1900) איז אָבער געווען גאַנץ אַנדערש. זיי האָבן געזען אַז אַלע אין שטאָט סטרייקן און געווינען, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן אַליין אויך צו סטרייקן. מען דאַרף דאָך אַמאָל אויספּרוּוון דעם אייגענעם מזל, קיין אַגיטאַציע האָט זיי אויך ניט געפעלט. עס האָבן זיך געפונען עטלעכע בונדיסטן, וואָס האָבן שוין וועגן דעם געזאָרגט. זיי האָבן אויפגענומען די קריוודעס פון די מצה־אַרבעטער און פאָרמולירט זייערע פאָ־

דערונגען. ווען אַלץ איז שוין געווען באַזאָרגט זיינען די אַרבעטער אַרויס אין סטרייק.

די באַלעבאַטים זיינען געוואָרן פאַרצווייפלט. די מצות זיינען פאַרבליבן וואַרטן, דער פסח אָבער וואַרט ניט. זיי האָבן שוין קיין צייט ניט געהאַט צו זוכן אַנדערע אַרבעטער; יעדערער רייסט דאָך פון די הענט, יעדערער וויל דאָך האָבן זיינע מצות וואָס פריער. די באַלעבאַטים האָבן אפילו קיין צייט ניט געהאַט צו דינגען זיך מיט די סטרייקערס. זיי האָבן באַלד געמוזט נאָכ־געבן. דער גאַנצער סטרייק האָט געדויערט בלויז איין טאָג צייט. דער דאָזיקער סטרייק האָט אויך געהאַט אַ מאָראַלישע ווירקונג אויף דעם אָרטאָדאָקסישן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ענלעך איז אויך געווען דער אויסגאַנג פון די סטרייקן אין אַנדערע פאַכן: עס האָבן נאָך דעם געסטרייקט די געשעפטס־אָנגעשטעלטע, די וועש־נייטערקעס האָבן געוואונען זייערע פאָדערונגען אָן אַ סטרייק. די בערשטער פון דווינסק, פון קרעסלאָווקע און פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אויך געסטרייקט און געוואונען. די לאַגע איז געוואָרן זייער גינסטיק פאַר דער אָרגאַניזאַציע. דער „בונד" האָט גוט געוואוסט ווי אויסצונוצן אַזעלכע גע־לעגנהייטן.

## די אָפּאָזיציע

דער גרויסער זיג אין דעם זאַקס סטרייק האָט געעפנט נייע מעגלעכקייטן. די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער אין דווינסק איז געוואָרן גינסטיק פאַר אונדזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. מיר האָבן זיך דעריבער פאַרמאָסטן אַוועקצושטעלן אונדזער אַרבעט אין אַ ברייטן פאַרנעם. די סטרייקן וואָס זיינען נאָך דעם פאָרגעקומען און געוואונען געוואָרן האָבן אונדז צוגעגעבן מוט און גלויבן. מיר זיינען געוואָרן זיכערער אין זיך און אין די מעטאָדן פון אונדזער אַרבעט. אונדזערע האָפנונגען זיינען געווען גרויס. אונדזער ווירקונג איז שנעל געוואַקסן. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון דווינסק איז דעמאָלט אַריין אין איר פולן שוווּנג.

אונדזער גליק האָט אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. צוזאַמען מיט אונדזער וואוקס זיינען אויך געוואַקסן די שטערונגען. די אויסגעברייטערטע אָרגאַ־ניזאַציע האָט שוין פאַרמאָגט אויך אַ פלאַכערן עלעמענט. עס האָט זיך דעמאָלט אַנטוויקלט אַ שטימונג פון אומצופרידנקייט ביי אַ טייל פון די נייע מיטגלידער. זייערע טענות קעגן אונדזערע פירונגען זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער און שאַרפער. מאַנכע פון זיי האָבן אונדז אפילו געשטערט אין דער אַרבעט. די אומצו־פרידענע חברים האָבן אינגיכן פאָרמירט אַן אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע. מיי־נונגס־פאַרשיידנקייטן זיינען אַלע מאָל דערלאָזט געוואָרן אין די רייען פון „בונד". די דאָזיקע אָפּאָזיציע האָט זיך אָבער פאַרמאָסטן אַקטיוו צו שטערן אונדזער אַרבעט. עס האָט ניט לאַנג גענומען, און זיי האָבן שוין געפירט אַן אָרגאַניזירטן סאַבאָטאַזש קעגן אונדזערע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען.

זייערע פֿאָדערונגען זיינען געווען: אומבאַגרענעצטע פרייהייט, פולע דע־מאָקראַטיע אין דער אָרגאַניזאַציע; קיין שום סודות פֿאַר די מיטגלידער, און אַ גלייכע מעגלעכקייט פֿאַר בילדונג און אויפקלערונג פאַר אַלעמען. פולע דעמאָקראַטיע האָט אָבער ניט געקענט איינגעפירט ווערן אין אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געליטן פון פּאָליציייִשע רדיפות, מאַנכע באַראַ־טונגען האָבן געמוזט געהאַלטן ווערן בסוד אַפילו פאַר די אייגענע חברים; גרינטלעכע בילדונג און אויפקלערונג האָבן מיר אויך ניט געקענט געבן אַלע אונדזערע מיטגלידער גלייך. מיר האָבן דאָך ניט געהאַט גענוג אינטעלעק־טועלע קרעפטן פאַר דעם צוועק. מיר האָבן דעריבער ניט געקענט פאַרגרעסערן די צאָל פון אונדזערע שטודיר־קרייזן. גראָד די חברים וואָס האָבן דאָס צום שטאַרקסטן געפאָדערט זיינען געווען צום ווינציקסטן פעאיק צו לערנען און שטודירן. זיי האָבן אָבער פון גאָרניט געוואָלט וויסן. זיי האָבן זיך דווקא געוואָלט אויסגלייכן מיט די „פּריווילעגירטע".

די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און די אַנאַרכיסטן האָבן דעמאָלט אָר־גאַניזירט זייערע אייגענע גרופּן אין דווינסק. זייער ערשטע אַרבעט איז געווען צו באַקעמפן דעם „בונד". זיי האָבן זיך דעריבער פאַרנומען אָפּצורייסן וואָס מער אָנהענגערס פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן מיטגעהאָלפן דעם סאָ־באָטאַזש פון אונדזער אָפּאָזיציע. עס איז גיך געקומען דערצו, אַז זיי האָבן זיך דערלויבט צו באַוואַכן אונדזערע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען. דערמיט פלעגן זיי ציען די אויפמערקזאַמקייט פון שפּיאָנען צו אונדזער טעטיקייט. מיט קיין רייד און אַרגומענטן האָט מען זיי ניט געקענט איבערצייגן. מיט קיין חברישע מיטלען האָט מען שוין ניט געקענט איינצאַמען זייער ניט דערלאָז־באַרע אויפירונג. זייער סאַבאָטאַזש האָט געשטעלט אין סכנה די גאַנצע אַרבע־טער־באַוועגונג פון דווינסק. עס איז געוואָרן אַבסאָלוט אוממעגלעך ווייטער צו פירן די אַרבעט.

פאַר דער פאַראייניקטער אָפּאָזיציע איז דער „בונד" געווען זייער נאָענטסטער שונא. די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן ניט געגלויבט אין קלאַסן־קאַמף. אַלע זייערע האָפנונגען האָבן זיי געלייגט אויף דעם אינדיווידועלן טעראָר. די בונדיסטן האָבן אָבער געגלויבט אין מאַסן־קאַמף פון די אַרבעטער. זייער וואָפן איז דעריבער געווען פּראָפּאַגאַנדע, סטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. די אָפּאָזיציע איז געווען צו שוואַך צו באַקעמפן דעם „בונד" אידעאָלאָגיש. מיר האָבן ניט געוואָלט האָבן מיט זיי קיין טעאָרעטישע דעבאַטעס. עס איז צווישן זיי גאָרניט געווען מיט וועמען צו דעבאַטירן. זיי זיינען געווען קליין אין צאָל און נאָך קלענער אין ווירקונג.

אונדזער פּראָפּאַגאַנדע איז דעמאָלט אָנגעפירט געוואָרן דורך זייער אַן אינטעליגענטן חבר, זיין נאָמען איז געווען קאַץ (מיט יאָרן שפּעטער איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַ קאָנסערוואַטיווער יידישער צייטונג אין ניו־יאָרק). אין דווינסק פלעגט ער אָנפירן מיט אַ שטודיר־גרופּע פאַר אַן אָפּגעקליבענער

צאָל חברים, בסוד אפילו פאַר דער אייגענער אָרגאַניזאַציע. מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען אויף דעם בית־עולם הינטערן שטאָט. יעדן שבת פלעגט ער איינשטודירן מיט דער גרופּע די לערע פון סאָציאַליזם און דעם פּראָגראַם פון „בונד."

די אָפּאָזיציע האָט עס אָבער אויסגעפונען. זיי האָבן דאָרט צוגעשיקט אַ דעלעגאַציע צו פאָדערן בילדונג אויך פאַר זיך. „עס איז אייער שולד", האָבן זיי געטענהט, וואָס מיר זיינען אומוויסנדיק. מיר לעבן ווי די בהמות, ווייל איר גיט אונדז ניט קיין בילדונג. איר האַלט אונדז אין פינצטערניש. גיט אונדז אויפקלערונג". דער חבר קאַץ האָט זיי געפּרואווט איבערצייגן אַז דאָס איז אוממעגלעך. דאָס האָט זיי נאָך מער צערייצט. זיי האָבן דאָס ניט געקענט גלויבן. זיי האָבן זיך גענומען קריגן מיט אים. „גיט נאָך אונדזערע פאָדערונגען מיטן גוטן", האָבן זיי געשריען, „ווייל אויב ניט, ווייסט איר דאָך וואָס מיר קענען טאָן". עס איז געקומען צו אַ שאַרפער קריגעריי. די דעלע־גאַציע איז אים דאַן באַפאַלן און געשלאָגן. די אַנוועזנדיקע חברים זיינען אויפגעציטערט געוואָרן, זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער דעלעגאַציע. עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַן אַלגעמיין געשלעג. בלויז אַ דאַנק דער טאַקטי־שער האַלטונג פון דעם לערער איז דאָס פאַרמיטן געוואָרן. די דאָזיקע פּאַסירונג האָט געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק אויף דער באַוועגונג אין שטאָט.

אין גרונט זיינען די מענטשן געווען גאַנץ אומשולדיק. דער „בונד" האָט אויפגעוועקט ביי זיי די שטרעבונג צו בילדונג, אָבער ער האָט עס זיי ניט גע־קענט געבן אין דער געהעריקער מאָס. זיי זיינען דעריבער געקומען פאָדערן. דער „בונד" האָט דאָך זיי געלערנט ניט צו וואַרטן ביז וואַנען מען וועט זיי עפּעס געבן און ניט צו גלויבן קיין פּוסטע צוזאָגן. ער האָט דאָך זיי געלערנט אַליין צו נעמען, זיינען זיי טאַקע געקומען נעמען. פּשוטע אַרבעטער האָבן גענומען זאַכן גאַנץ פּשוט. „איר פּריידיקט דעמאָקראַטיע — טאָ גיט עס אונדז; איר פּריידיקט בילדונג — טאָ לערנט אונדז; איר קעמפט פאַר גלייכהייט — דאַרפט איר אונדז האַלטן גלייך מיט אַנדערע; אייערע תירוצים באַווייזן, אַז איר זייט ליגנער. פאַר ליגנער האָבן מיר פּייערדיקע פּעטש!".

מען קען ניט זאָגן אַז די אָפּאָזיציע איז געווען באַוואוסטזיניק אויסן צו שעדיקן די באַוועגונג. זי האָט נאָר געקעמפט קעגן אירע פירערס און פירונגען. אירע מיטלען זיינען אָבער געווען דורכאויס שעדלעך און צעשטערנדיק.

ביי די דאָזיקע אומשטענדן איז שוין געוואָרן אַבסאָלוט אוממעגלעך ווייטער צו פירן די אַרבעט. דער „בונד" האָט דעריבער באַשלאָסן אויפצולעזן דעם דווינסקער קאָמיטעט. זיין טעטיקייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ביז וואַנען די לאַגע וועט זיך ניט אויסבעסערן. דעם ערשטן מאַי פון יאָר 1900, האָבן מיר פאַרשפּרייט אונדזער לעצטע פּראָקלאַמאַציע. דאָרטן האָבן מיר דערקלערט, אַז דער דווינסקער קאָמיטעט פון „בונד" ווערט צייטווייליק אויפגעלייזט. מיר האָבן אויך אויפגעקלערט די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט

דערצו. די אָפּאָזיציע האָט אָבער צעפּויקט אין שטאָט אַז מיר קלייבן זיך פאַרשפּרייטן אַ מאַי־פּראָקלאַמאַציע. מיר האָבן עס דעריבער געמוזט טאָן אין דער גרעסטער סכנה אַרעסטירט צו ווערן. די טעטיקע חברים זיינען נאָך דעם זיך צעפאָרן און אַנדערע שטעט. איך אַליין בין צוריקגעפאָרן קיין וויטעבסק.

## וויטעבסקער רעוואָלוציאָנערן

ווען איך בין נאָכן מיליטער־דינסט געקומען קיין דווינסק, האָט זיך דאָרטן געפונען אַ היפּשע גרופּע וויטעבסקער חברים. צו זיי האָב איך געפילט אַן אַלטע ברודערשאַפט. מיר האָבן געהאַט דיזעלבע באַגריפן און דיזעלבע באַציאונג צו דער אַרבעט אין דער באַוועגונג. איך האָב דעריבער געמאַכט דווינסק פאַר מיין צייטווייליקע היים.

צוזאַמען מיט אונדז איז געווען אין דווינסק אַ וויטעבסקער סטודענט מיטן נאָמען גינזבורג. ער איז געווען זייער אַ באַגאַבטער מענטש. רייך אין בילדונג און אין וויסן. ער איז אויך געווען אַ שאַרפער מאַרקסיסט און אַ גוטער רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען הויך, שטאַרק און פעסט געבויט. ער האָט פאַרמאָגט אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פון ענערגיע און פון אונטערנעמונגס־גייסט. ער איז געווען אַ זון פון זייער רייכע עלטערן. זיי האָבן געפירט גרויסע געשעפטן. און זיינען אויך געשטאַנען אין נאָענטע באַציאונגען מיט די רע־גירונגס־קרייזן. פאַר זייער געראָטענעם זון איז שוין געווען גרייט אַ רייכע און צוזאַגנדיקע קאַריערע. מען האָט נאָר געדאַרפט אויסוואַרטן ביז וואַנען ער וועט פאַרענדיקן אוניווערסיטעט. די עלטערן האָבן אָנגעקוואָלן פון זייער זונס דערפאָלגן און פון די גרויסאַרטיקע פּלענער פאַר זיין צוקונפט. אַלץ וואָלט געווען זייער גוט, ווען ניט די אויפפירונג פון דעם זון אַליין, ער האָט צעשטערט אַלע זייערע פּלענער און האָפנונגען.

אין זיין פאָטערס געשעפטן האָט זיך דער יונגער גינזבורג אָנגעזען מיט גענוג אומגערעכטיקייטן. ער האָט געזען ווי מען באַרויבט דעם אַרבעטער; פאַר לאַנגע שעהן אַרבעט צאָלט מען אַ הונגער־לוין; ער האָט געזען ווי מען באַגזלט דאָס פאָלק ביים קויפן און פאַרקויפן. ער האָט עס ניט געקענט ענדערן, ער האָט עס אָבער אויך ניט געוואָלט פאַרשווייגן. זיין געפיל פאַר גערעכטיקייט האָט אין אים רעוואָלטירט.

אין דער גימנאַזיע און שפּעטער אין אוניווערסיטעט איז ער אַליין אויך אויסגעשטאַנען אָפטע באַליידיקונגען און שיקאַנעס. צוליב זיין יידישער אָפּ־שטאַמונג. זיינע ראַדיקאַלע מיינונגען האָבן אויפגערייצט קעגן אים די לערערס און אַ טייל סטודענטן. דאָס האָט אים געטריבן צו פּראָטעסט. עס האָט אים אויך פאַרדראָסן די אָפטע גלייכגילטיקייט פון די גערודפטע זעלבסט. עס האָט

אים געקרענקט צוצוזען ווי אַזוי די באַוועלטע ציען זיך אַליין צוריק, ווען אַנדערע נעמען זיך אָן זייער קריוודע.

אונדזער גינזבורג האָט געהאַט אַ סך צעזאַמענשטויסן מיט זיינע לערערס און אויפזעערס. בלויז אַ דאַנק זיין פּאָטערס רייכקייט און זיינע פאַרבינדונגען פלעגט מען די זאַכן פאַרגלעטן. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט יעדעס מאָל פאָרקומען אַ שאַרפע קריגעריי צווישן פּאָטער און זון. דאָס פלעגט אים אַלץ מער דער־ווייטערן און אָפּפרעמדן פון זיינע עלטערן.

## דער איבערבראָך

דאָס געפיל פון גערעכטיקייט האָט ניט געלאָזט רוען אונדזער יונגען רעוואָלוציאָנער, עס האָט אים אַלץ מער דערנענטערט צו די אונטערדריקטע. די אַרבעטער־באַוועגונג מיט איר ברייטן פאַרנעם האָט אים שטאַרק געצויגן. ער האָט געלייענט די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור מיטן גרעסטן אינטערעס; ער האָט זיך געחברט מיט עטלעכע פירערס פון דער באַוועגונג. דאָס האָט אים נאָך מער באַווירקט, עס האָט געגעבן אַ ריכטונג פאַר זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען.

צוויי מקצטיקע שטראָמען האָבן באַהערשט זיין אומרואיקע נאַטור; דאָס געפיל פון פּראָטעסט קעגן די אומגערעכטיקייטן אַרום אים, און דער איבערפלוס פון ענערגיע אין אים זעלבסט.ביידע שטרעמונגען האָבן אים געשטויסן צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָרטן האָט ער געפונען אַ ברייט פעלד און אַן אָפּענעם וועג פאַר זיך.

צו זיינע אַלע פּלאָגענישן איז צוגעקומען אַ נייע צרה. עטלעכע וואָכן פאַר די עקזאַמענס האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט. ער איז געווען איינער פון די פעאיקסטע און פלייסיקסטע סטודענטן. ער פלעגט שטענדיק ביי עקזאַמענס שטאַרק אויסצייכענען זיך. אָבער זיין אויפפירונג, זיין צוימען־ברעכעריי, זיינע אָפטע קריגערייען מיט די לערערס און אויפזעערס האָט זיי אויפגערייצט קעגן אים. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די אָפטע מסירהלעך וועגן זיין פּאָליטישער טעטיקייט. דאָס אַלץ האָט ענדלעך געחתמעט זיין שיקזאַל.

דאָס אויסשליסן אים פון אוניווערסיטעט האָט ווי אַ דונער דערשלאָגן זיין אַלטן פּאָטער. עס האָט צעשטערט אַלע זיינע פּלענער. דער זון האָט נאָך דערצו אָנגעהויבן אַרומצושלעפּן זיך מיט די שוסטער־יונגען און מיט די שניידערס. די קריגערייען זיינען דעריבער געוואָרן אַלץ אָפטער. פּאָטער און זון זיינען געווען פון דעם זעלבן טייג געקנאָטן. זיי זיינען ביידע געווען אָנטשלאָסענע און איינגעשפּאַרטע מענטשן. קיינער פון זיי האָט זיך ניט געוואָלט בויגן. זייער אַמפּערן זיך איז געוואָרן אַלץ מער פאַרביטערט, זייערע קריגערייען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ערנסטע צוזאַמענשטויסן.

דאָס אויסשליסן אים פון אוניווערסיטעט האָט אויך שטאַרק צערודערט

דעם יונגען גינזבורג. די שטענדיקע קריגערייען מיטן פאָטער האָבן צע־טרייסלט זיינע נערוון, — האָט ער געזוכט אַ פּאַרגיטיקונג און ער האָט עס געפונען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט זיך דעריבער נאָך מער איבערגעגעבן צו דער דאָזיקער טעטיקייט. דאָ האָט ער געפונען זיין אמתע גייסטיקע היים.

אין שטאָט האָט מען גענומען מורמלען, באַריידן און טייטלען מיט די פינגער. דעם פאָטערס נאָמען האָט גענומען פאַלן ביי די פאַרמעגלעכע באַלעבאַ־טים. די זעלבע לייט וואָס פלעגן אים שטענדיק חנפענען, האָבן זיך איצט באַצויגן צו אים קאַלט און מיט פאַרוואורף. דאָס האָט דעם פאָטער נאָך מער פאַרביטערט. ער האָט דעם זון געגעבן אַ קאַטעגאָרישן אויסוואַל: ער קען פאַרבלייבן דעם טאַטנס זון אויב ער וועט ענדערן זיין אויפפירונג, אויב ניט — איז ער פאַר אים אַ פרעמדער און מוז פאַרלאָזן זיין פאָטערס הויז. דער מוטערס וויינען און בעטן האָט גאָרניט געקענט העלפן.

דער זון האָט אָבער ניט געוואָלט אויפגעבן זיין אידעאַל אין לעבן. ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט געטראַכט צו פאַרלאָזן זיין רייכן גהינום. ער האָט געהאַסט די רייכע לײַדיקגייערס מיט זייערע נאַרישע מאַנירן און פוסטן שטאָלץ. פאָ־טער און זון האָבן זיך שטאַרק צעקריגט. דער יונגער גינזבורג האָט דעמאָלט איבערגעריסן די לעצטע שוואַכע פעדעם וואָס האָט אים נאָך געהאַלטן געבונדן מיט דער אַלטער וועלט. ער האָט געטאָן אַ קלאַפּ אין טיר פון זיין רייכער היים — און איז דאַן אַוועק קיין דווינסק. דאָרטן האָב איך אים געטראָפן.

## אין דער באַוועגונג

גינזבורג האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין שטורמישער נאַטור. ער האָט געאַרבעט אומאויפ־הערלעך און אומדערמידלעך. ער האָט זיך אויסגעטויגט צו אַלע אַרבעטן — טעכנישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע און אינטעלעקטועלע. מען קען זאָגן אַז ער האָט די גאַנצע אָרטיקע באַוועגונג געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט אַ סך געאַרבעט פאַר דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון איר צייטונג דער „דרום־אַרבעטער". ער איז אויך געווען דער פאַרוואַלטער פון איר אומלעגאַלער דרוקעריי. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער אויך אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט דעם „בונד" אין דווינסק (קיין באַזונדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּן זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען אין דווינסק). וואָס מער אָנשטרענגונג און ריזיקע זיין אַרבעט האָט געפאָדערט, אַלץ מער האָט עס אים צופרידן געשטעלט. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויסצונוצן זיין גאַנצע ענערגיע. זיין גאַנצע צייט פלעגט ער אָפּגעבן פאַר אויפקלערונג, פאַר אַגיטאַציע און דער עיקר פאַר אָרגאַניזאַציע. אין דעם האָט ער געפונען זיין גליק און גענוס אין לעבן.

גינזבורג פלעגט אַלץ אַליין פאַרטראַכטן און באַלד עס אויך דורכפירן.

ער האָט ניט געוואַרט ביז וואַנען די אָרגאַניזאַציע וועט די זאַך באַטראַכטן און באַשליסן. ער האָט אויך ניט געוואַרט ביז וואַנען מען וועט אים אַסיגנירן געלט. ער האָט גענומען פון זיין אייגענער קעשענע, אָדער פלעגט באָרגן און שפּעטער אָפּצאָלן.

פון קיין אייגנס האָט ער ניט געוואָלט וויסן. ניט צוליב דעם האָט ער פאַרלאָזן זיין רייכע היים און זיין צוזאָגנדיקע צוקונפט. יעדן חודש פלעגט ער קריגן הונדערט רובל פון זיין מוטער אויף דער הוצאה. ביי איר איז ער נאָך אַלץ געווען דער ליבלינג. זי פלעגט עס אים צושיקן זייער רעגלמעסיק. אין יענע צייטן איז עס געווען אַ גאַנץ פאַרמעגן. אַן אַרבעטער־פאַמיליע פלעגט דעמאָלט לעבן פאַר צוויי־דריי רובל אַ וואָך. גינזבורג פלעגט זיין געלט אָבער ניט פאַרברויכן פאַר זיך אַליין. די נויטן פון דער באַוועגונג זיינען ביי אים געווען וויכטיקער פון זיינע אייגענע. ער פלעגט מיט זיין געלט באַצאָלן אירע חובות, דערנאָך פלעגט ער מאַכן נייע חובות. די הוצאות פון דער באַוועגונג זיינען שטענדיק געווען גרעסער ווי איר הכנסה. מען האָט געדאַרפט צאָלן פאַר קאָנספּיראַטיווע דירות, שטיצן די אַרעסטירטע, אונטערקויפן די פּאָליציי אד״גל. דאָס אַרומפאָרן איבער די דערבייאיקע שטעט האָט אויך געקאָסט אַ סך געלט; דרוקן האָט ווידער אַמאָל געפאָדערט געלט. אויף דעם אַלעם איז די קליינע הכנסה ניט געווען גענוג. גינזבורגס הונדערטער זיינען דעריבער שטאַרק צונוץ געקומען. אַזוי שנעל ווי ער פלעגט קריגן דאָס געלט, פלעגט ער עס פאַרנוצן פאַר דער באַוועגונג.

מיר האָבן מיט דער צייט באַמערקט אַז ער איז פאַרהונגערט. מיר האָבן עס געזען לויט זיין אויפפירונג. צו וועמען ער פלעגט נאָר אַריינקומען, פלעגט ער זיך גלייך נעמען צום עסן. ער פלעגט ניט בעטן, נאָר פלעגט אַליין עפענען די אַלמערס, און אַרויסקריגן פון דאָרטן וואָס ער האָט געדאַרפט. קיין גרויסער איבערקלייבער איז ער ניט געווען. אַלץ איז פאַר אים גוט געווען. ער פלעגט אַלץ פאַרשלינגען שטייענדיק און ריידנדיק דערביי. ער האָט בכלל ניט געמאַכט קיין וועזן מיטן עסן אָדער קליידונג. ער האָט אָבער גוט געוואוסט, אַז די חברים זיינען זייער צופרידן מיט זיין היימישער באַציאונג. זיי האָבן באַטראַכט ווי אַ כבוד וואָס ער האַלט זיך חבריש מיט זיי.

גינזבורג האָט געהאַט זיינע גרויסע מעלות, ער האָט אָבער אויך געהאַט גרויסע פעלערן. זיי האָבן געשטאַמט פון דער זעלבער ברוויזנדיקער נאַטור זיינער. זיי האָבן אָבער געבראַכט גענוג שאָדן פאַר דער באַוועגונג. די חברים מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן האָבן צוליב דעם אָפּט געליטן.

ער איז געווען אַ גרויסער דעספּאָט. זיין דיקטאַטאָרישע פירונג איז געווען אַלעמען דערווידער. ער איז שטענדיק באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע. ער האָט געמוזט דורכפירן זיין ווילן און זיינע פלענער ביי אַלע אומשטענדן. אַנדערע מיינונגען האָבן פאַר אים קיין ווערדע ניט געהאַט. וועגן זיך אַליין האָט ער זיך טאַקע אויך ווייניק געקימערט, האָט ער דעריבער ניט געלייגט

קיין אַכט אויך אויף אַנדערע; דער עיקר איז געווען ביי אים די באַוועגונג אַלס גאַנצע. דעם מענטשן האָט ער ניט געזען.

ער איז אויך ניט געווען געגנוג אָפּגעהיטן מיט דער פּאָליציי און מיט שפּיאָנען, וואָס האָבן שטענדיק געלויערט אויף די טוערס פון די פרייהייט־באַוועגונגען. גינזבורג האָט זיך אָבער מיט דעם ניט גערעכנט. ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ פרייער פויגל אָן שום זעלבסט־באַגרענצונג. פאַר דער באַוועגונג איז דאָס אָבער געווען זייער שעדלעך. ער האָט דערמיט פאַר־לייכטערט די אַרבעט פון דער פּאָליציי און שפּיאָנען, ער האָט דעקאָנספּירירט אַנדערע חברים, און נאָך מער — זיך זעלבסט, און דאָך האָט מען אים אָנפאַר־טרויט די מער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן. אייגנטלעך האָט מען עס אים גאָרניט געדאַרפט אָנפאַרטרויען. ער אַליין איז דאָך געווען דער איניציאַטאָר פון די אַלע אונטערנעמונגען: ער האָט זיי אַליין פאַרטראַכט, אַליין אויסגע־פּלאַנירט און אַליין דורכגעפירט, אָפט מאָל ניט פרעגנדיק ביי קיינעם.

גינזבורג איז געווען דער אָנפירער פון אַ קאָנספּיראַטיווער דרוקעריי פאַר דרום־רוסלאַנד. ער פלעגט צושטעלן די מאַנוסקריפּטן, פאַרב און פּאַפּיר, געצייג און אַלע אַנדערע דרוק־מאַטעריאַלען. פון דאָרטן פלעגט ער צוריק־קריגן די שוין אָפּגעדרוקטע צייטונג, בראָשורן אָדער פּראָקלאַמאַציעס. זיין אַרבעט איז געווען זייער אַ געפערלעכע. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מען זיך פירן גאַנץ פאָרזיכטיק. ווער עס איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אומלעגאַלער דרוקעריי האָט זיך ניט געטאָרט באַטייליקן אין קיין אַנדער אַרבעט פון דער באַוועגונג. אַזאַ איינער האָט געמוזט זיין אינגאַנצן אָפּגעזונדערט, כדי אויס־צומיידן יעדן חשד אויף זיך. גינזבורג האָט אָבער פון דעם אַלעם ניט געוואָלט וויסן. ער איז גלייכצייטיק געווען טעטיק אויך אין אַנדערע אַרבעטן פון דער באַוועגונג.

אין זיין אומלעגאַלער דרוקעריי איז אַמאָל דערגאַנגען צו אַ סטרייק פון די חברטעס, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, די סיבה פון דעם דאָזיקן מערקוויר־דיקן סטרייק איז געווען טאַקע ער, גינזבורג אַליין. ער פלעגט זיך באַציען גראָב צו די חברטעס. ביים טיש פלעגט ער זיך פאַרהאַלטן צו זיי גאַנץ ציניש. ער האָט געהאַט אַ פאַרגעניגן פון רייצן זיי. די חברטעס האָבן עס אָבער ניט געוואָלטליידן. זיי האָבן זיך געבעטן, ער זאָל זיך אויפפירן אָנשטענדיק, מענטשלעך, ער האָט עס אָבער אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער האָט עס באַטראַכט פאַר פאַרעלטערטער מאָראַל, פאַר אַלט־פרענקישע צניעות־ און האָט זיך ווייטער אויפגעפירט ווי פריער. פאַר אים אַליין איז זיין אויפפירונג אויסגעקומען גאַנץ אומשולדיק. פאַר די חברטעס אָבער איז עס געווען דער־ווידער. זיי האָבן זיך צוליב דעם געפילט באַליידיקט און דערנידריקט. זיי האָבן גאָרניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קען אין אַזאַ הייליק אָרט און ביי אַזאַ הייליקער אַרבעט זיך אויפפירן אַזוי וואולגאַר.

די חברטעס האָבן אים געוואָרנט, אַז דאָס וועט צו קיין גוטס ניט פירן.

זיי וועלן זיין געצוואונגען אָפּצושטעלן די אַרבעט. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפֿן. גינזבורג איז געווען זייער אַן איינגעשפּאַרטער, נאָכגעבן איז ניט געווען אין זיין נאַטור. ענדלעך זיינען די חברטעס אַרויס אין אַ סטרייק. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן, ביז ער וועט ניט אויפגעבן זיינע גראָבקייטן. גינזבורג איז נאָך אַלץ געווען איינגעשפּאַרט. ער האָט אָבער סוף כל סוף געמוזט זיך בויגן. ער האָט געזען אַז די זאַך איז שוין צו ערנסט, די גאַנצע דרוקעריי קען זיך צוליב דעם צעפאַלן, האָט ער ענדלעך נאָכגעגעבן.

איך אַליין האָב אויך געהאַט מיט אים אָפּטע סיכסוכים. איך וועל דאָ דערציילן בלויז איין ביישפּיל. איך פּלעג שרייבן און אַליין העקטאָגראַפירן פּראָקלאַמאַציעס און אַגיטאַציע־בלעטלעך פאַר דעם שטאָטישן קאָמיטעט פון „בונד״. דעם אָריגינאַל פּלעג איך, נאַטירלעך, שרייבן מיט דער האַנט. איינ־מאָל ברענגט מיר גינזבורג אַן אַלטע שרייבמאַשין מיט אַ העקטאָגראַפישער לענטע. אין אָנהייב בין איך געווען דערפון צופרידן. דאָס האָט דאָך שטאַרק פאַרגרינגערט מיין אַרבעט. די טעקסטן זיינען געוואָרן אַ סך קלערער און שע־נער. זיי זיינען דעריבער געווען אַ סך לייכטער צום לייענען. גינזבורג פּלעגט מיר ברענגען אויך זיינע מאַנוסקריפּטן און פּאַפּיר און איך פּלעג עס העקטאָגראַפירן אין מיין צימער. און פּלעג עס אים אַוועקטראָגן. אָפּטמאָל פּלעגט ער עס אַליין צונעמען פון מיר.

די מאַשין איז אָבער געווען אַן אַלטע, אַ גרויסע און אַ האַמעטנע. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס זי האָט זיך שטאַרק געקלאַפּט. זי האָט, ווייזט אויס, פּראָטעסטירט קעגן איר אייגענעם שיקזאַל, וואָס אויף דער עלטער קען זי אויך קיין רו ניט האָבן. דאָס קלאַפּן האָט מיך שטאַרק געערגערט, אָבער עס איז נאָך אַלץ געווען צו דערליידן. באַלד איז אָבער צוגעקומען אַ נייע צרה, און אַ סך אַן ערגערע.

איך האָב זיך געהאַט נאָר וואָס אַריינגעקליבן אין אַ נייעם צימער. די ווירטין איז געווען אַן אַלטע קריסטלעכע פרוי. מיט איר האָט געוואוינט אירע אַ שוועסטער. זיי זיינען ביידע געווען צוריקגעהאַלטענע מענטשן. און זיינען געווען צופרידן אַז מען לאָזט זיי צורו. זיי האָבן זיך דעריבער ניט אינטע־רעסירט ווער איך בין, און מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך. אין אַ שיינעם פרימאָרגן דערזע איך אין פּאָדערהויז אַן אָפּיצערסקען מונדיר און אַ שווערד. איז דאָס שוין געווען אַ סך ערגער ווי דאָס קלאַפּן פון דער שרייב־מאַשין. פאַר אַן אָפּיצער וועט עס לאַנג ניט נעמען אויסצוגעפינען מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך. דעמאָלט הענגט מיין פרייהייט אויף אַ האָר. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב שוין מער ניט געאַרבעט אויף דער מאַשין. מיינע אַלע פּאַפּירן און דעם העקטאָגראַף האָב איך באַלד אַוועקגעטראָגן. אָבער וואָס זאָל איך טאָן מיט דער גרויסער, האַמעטנער מאַשין? — דאָס אַליין איז דאָך ביי דער פּאָליציי דאָס גרעסטע טרפה.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער אָפּיצער איז אַ זון פון דער אַלטער

פרוי, מיין באַלעבאָסטע, ווען איך האָב זיך אַהינצו אַריינגעקליבן איז ער געווען אויף אורלויב. איצט איז ער צוריקגעקומען. איך האָב דעריבער ניט געטאָרט ווייטער אָנהאַלטן דאָס צימער. מיין הויפּט פּראָבלעם איז אָבער געווען די שרייב־מאַשין. איך האָב געבעטן גינזבורגן אַז ער זאָל זי איבערפירן אויף אַן אַנדער אָרט. ער האָט עס מיר געגעבן צוגעזאָגט, ער האָט זיך אָבער ניט געאיילט אַוועקצונעמען עס. איך האָב אים ווידער אַמאָל און ווידער אַמאָל געבעטן. ער האָט מיר ווידער צוגעזאָגט, אָבער די מאַשין האָט ער נאָך אַלץ ניט צוגענומען. איך האָב שוין געפּאָדערט און פּראָטעסטירט, עס האָט אָבער אויך ניט גע־האָלפן. איך האָב אים דאַן געוואָרנט אַז איך וועל מוזן די מאַשין ערגעץ אַרויס־וואַרפן ווייל סיי ווי וועט עס דאָך די פּאָליציי צונעמען און דערביי נאָך מיך אויך פאַרנעמען. נאָך לאַנגע ראַנגלענישן האָט ער זי פון מיר צוגענומען, דעמאָלט האָב איך שוין געקענט אַרויסקלייבן זיך פון מיין צימער.

איין מאָל אין פרילינג פון יאָר 1900 איז גינזבורג געפאָרן מיט זיינע מאַנוסקריפּטן צו דער אומלעגאַלער דרוקעריי. אויף דער באַן איז ער אַרעס־טירט געוואָרן.

די שפּיאָנען האָבן מסתמא אויסגעפונען אַז זייער קרבן גרייט זיך אַוועק־צופאָרן פון זייער ווירקונגס־קרייז. זיי האָבן אָבער ניט געוואָלט אַרויסלאָזן אַזאַ וויכטיקן פויגל, וועלכן זיי האָבן שוין געהאַט אין האַנט, האָבן זיי שוין אים געמוזט אַרעסטירן. זיי האָבן נאָר אָפּגעוואָרט ביז וואַנען ער וועט זיך אַריינקלייבן אין וואַגאָן מיט אַלע זיינע זאַכן. דאָרטן האָבן זיי אים אַרעסטירט. אַלץ וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך און ביי זיך האָבן זיי באַלד פאַרנומען; אויך די מאַנוסקריפּטן פאַר זיין אומלעגאַלער צייטונג. צווישן די מאַנוסקריפּטן איז אויך געווען מיינע אַ קורצע דערציילונג פון קאַזאַרמע־לעבן אין פּעטערבורג.

מען האָט אים אָפּגעפירט אונטער אַ שטרענגער וואַך. זיין ערשטע סטאַנציע איז געווען אין דער זשאַנדאַמעריע. פון דאָרטן האָט מען אים אַוועק־געפירט אין זיין צייטווייליקער „היים". דאָס איז געווען אַן ענגע, פינצטערע און פייכטע צעל אין קעלער פון דער דווינסקער פעסטונג האַרט ביים דווינאַ־טייך. די ווענט און דער שטיינערנער דיל זיינען געווען נאַס און קאַלט. דאָס עסן איז געווען קאַרג און ווערעמדיק. די וואַך איז געווען שטרענג און ברוטאַל. דער גאַנצער רעזשים איז דאָרטן געווען אויסגערעכנט צו צוברעכן דעם מענטשן פיזיש און גייסטיק. מען האָט דאָרטן אָנגעווענדעט ספּעציעל אכזריותדיקע מיטלען צו ברעכן דעם מוט פון אַרעסטירטן.

דאָרטן איז גינזבורג אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים. יעדע פּאָר טעג פלעגט מען אים נעמען אויף אַ פאַרהער. מען האָט נאָר געוואָלט אַרויסקוועטשן פון אים וואָס ער ווייסט וועגן אַנדערע רעוואָלוציאָנערן. דאָ, אין געפענגניש איז אָבער גינזבורג געוואָרן פאַרזיכטיק מיט יעדן וואָרט. ער האָט ניט געגעבן קיין ענטפער אויף קיין שום פראַגן. מען האָט אים דעריבער גיך פאַרשיקט אין סיביר.

# אין סיביר

אין דעם ווייטן סיביר איז שוין גינזבורג געווען ווייט פון מענטשן, פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון זיין וועלט. אין אָנהויב האָט ער זיך געפילט זייער שלעכט. די געגנט איז געווען אַ ווילדע, ניט קיין באַוואוינטע. די קעלטן זיינען דאָרטן געווען שרעקלעך גרויס. די נעכט זיינען דאָרטן געווען אומענדלעך לאַנג. דאָס קליינע קעראָסין־לעמפּל האָט געררויכערט און פאַרפּעסטעט די לופט אין צימער, קיין גענוג ליכטיקייט האָט עס אָבער ניט געגעבן. די אַלטע חורבה וואו מען האָט אים באַזעצט, איז געווען קליין, נידריק און ענג. דאָס ערגסטע פאַר אים זיינען אָבער געווען זיינע גייסטיקעליידן. קיין שום צייטונג און קיין ביכער האָט ער ניט געהאַט. וואו צו קויפן זיי איז דאָרטן אויך ניט געווען. די פּאָסט איז דאָרטן אָנגעקומען בלויז צוויי־דריי מאָל אין יאָר. קיין פּאָסיקע מענטשן מיט וועמען אַ וואָרט צו ריידן איז אויך ניט געווען. די עטלעכע אָפּגעשטאָנענע פויערים האָבן געקענט ריידן בלויז אויף זייער אייגענער שפּראַך. פאַר אַ ציוויליזירטן מענטשן איז דאָס לעבן דאָרטן געווען ערגער איידער אין תפיסה. ער האָט זיך דעריבער געפילט צעבראָכן, פאַרלוירן און פאַרצווייפלט. ער האָט שוין ניט געזען קיין מעגלעכקייט פאַר אַ וועלכן ניט איז אויסוועג. מיט דער צייט אָבער האָט ער זיך גענומען אויפמונטערן. ער האָט אָנגעהויבן צו פילן אַ דערוואַכונג פון זיינע גייסטיקע כוחות. האָט ער שוין גענומען מאַכן פּלענער וועגן אַ רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט צווישן די פאַרשיקטע.

אין די אַרומיקע דערפער האָבן זיך געפונען נאָך פאַרשיקטע. זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן גינזבורגן, איז איינער געקומען אים זען. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגענען, דורכריידן זיך און פּלאַנעווען. גינזבורג האָט שוין געהאַט אויספּאָרמירט פאַרשיידענע פּלענער פאַר אַרבעט צווישן די פאַרשיקטע. ער האָט זיך גענומען צו פאַנאַנדערוויקלען אַ באַוועגונג אין סיביר גופא.

מיט דער צייט האָט מען אים אַריבערגעפירט אין אַ גרעסערן דאָרף. דאָרטן האָבן די וועכטער געקענט בעסער אַכטונג געבן אויף זיין אויפפירונג. פאַר גינזבורגן איז עס אָבער געווען אַ פאַרגרינגערונג. עס איז געווען אַ סך לייכטער זיך אויסצולעבן געזעלשאַפטלעך און קולטורעל, ווייל אין דעם דאָרף האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע פאַרשיקטע. דאָרט איז אויך געווען אַ קליינע ביבליאָטעק פון גאַנץ גוטע ביכער. די באַפרייטע פון פאַרשיקונג פלעגן זיי איבערלאָזן פאַר די נײַ־פאַרשיקטע. דער רעזשים איז דאָרטן אויך געווען ניט אַזוי שטרענג.

צוזאַמען מיט די עטלעכע פאַרשיקטע האָט גינזבורג זיך פאַרנומען אויפצובויען אַן אָרגאַניזאַציע אין סיביר גופא. זי האָט שפּעטער געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דעם גאַנצן אַרום. אירע באַריכטן זיינען געדרוקט געוואָרן אין מאַנכע רעוואָלוציאָנערע צייטשריפטן פונעם אייראָפּעאישן רוסלאַנד. איינגיכן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַן אייגן העקטאָגראַפירט בלעטל. אייגנטלעך האָבן

זיי גאָרניט געהאַט דאָרט וועמען צו אַגיטירן. די עטלעכע פויערים פון דער געגנט האָבן דאָך ניט געקענט לייענען. די פאַרשיקטע ווידער זיינען דאָך שוין געווען פאַרטיקע רעוואָלוציאָנרן. דאָס בלעטל האָט דעריבער געקענט בלויז באַריכטן וועגן די פּאַסירונגען אין דער סיבירער וויסטעניש. זי האָט אָבער אויך געקענט צוזאַמענקלייבן און צוזאַמענקלעפּן די ברעקלעך נייעס וואָס יעדערער פון זיי האָט זיך דערוואוסט. זי האָט אונטערגעהאַלטן דעם מוט פון די פאַרשיקטע. זי האָט אויך באַריכטעט וועגן די אוממענטשלעכע פאַר־פאָלגונגען און האָט געקעמפט פאַר געוויסע אויסבעסערונגען.

אַ געוויסע צייט האָט עס אַלעמען צופרידן געשטעלט. עס איז שווער אָנגעקומען, מען האָט זיך דאָך געדאַרפט אויסהיטן פון אַ בייז אויג. אָבער גראָד דערפאַר איז עס ביי זיי געווען זייער טייער. עס האָט דאָך געשמעקט מיט געפאַר, -- און דאָס האָט די זאַך געמאַכט אַזוי וויכטיק. דער צושטאַנד האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. בלויז אַ בלעטל איז פאַר זיי געווען צו ווינציק. עס איז געווען ניט דאָס צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט. זיי זיינען דאָך געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דעם ברויזנדיקן שטראָם. זייער אַנטוישונג איז כסדר געוואַקסן. עס האָט ווידער גענומען אָנוואַקסן זייער פאַרצווייפלונג און האָפנונגסלאָזיקייט.

## דער ווידערשטאַנד

אין דעם איינזאַמען לעבן פון אַ פאַרשיקטן קומט ענדלעך אָן דער אומפאַרמיידלעכער צעזאַמענבראָך. דאָס צעשרויפט זיינע נערוון. עס פאַר־וויסטעט דאָס ביסל לעבן וואָס איז נאָך אין אים פאַרבליבן. זיינע גייסטיקע כוחות ווערן אויסגעשעפּט. ער קען שוין מער ניט אַריבערטראָגן דעם טעמפּן מאָנאָטאָן פון די קריכנדיקע טעג. די שרעק פאַר די זינלאָזע און האָפנונגס־לאָזע יאָרן עסן זיך איין אין זיינע ביינער. זיין האַרץ ווייטיקט און בענקט. דער לעבעדיקער קבר ווערט פאַר אים שוין אינגאַנצן אומדערטרעגלעך. ער בענקט נאָך אַן ענדערונג פון זיין וויסטער עקזיסטענץ, זאָל עס אפילו זיין צום ערגערן, אבי זאָל עס ווערן אַנדערש. מיט די לעצטע קרעפטן רייסט ער זיך דעמאָלט פון זיין קאַטאָרזשנעם גהינום. ער איז גרייט אויף אַלץ. דאָס לעבן איז דאָך שוין פאַר אים סיי ווי גאָרניט ווערט. אַזאַ קריזיס איז ענדלעך באַפאַלן אויך אונדזער פאַרשיקטן.

אויף די פאַרשיקטע האָט זיך דעמאָלט אָנגערוקט אַ ניי אומגליק. מען האָט אויסגעפונען וועגן זייער געהיימע אָרגאַניזאַציע; מען האָט אַנטדעקט זייער העקטאָגראַפירטן בולעטין. פון פעטערבורג זיינען אָנגעקומען נייע גזירות. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער הערשער איבער דער געגנט. עס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען אַז די נייע מאַכט גייט איינפירן אַ מער ברוטאַלע דיסציפּלין. די וועכטער זיינען געוואָרן זייער שטרענג און צערייצט. אַ מיליטערישער אָפּטייל האָט זיך באַזעצט אין אַ דערבייאיקן שטעטל. עס איז געווען קלאָר אַז עס ווערט צוגעגרייט אַן איבערפאַל אויף זיי. עפּעס סודוספּולס האָט זיך

געטראָגן אין דער לופט. די פראַגע איז דעריבער געווען — ווי אַזוי קען מען עס אויפנעמען אָדער אויסמיידן ?

די פאַרשיקטע אָנהענגער פון פאַרשיידענע פאַרטייען, האָבן באַשלאָסן צוריק צושלאָגן דעם אָנגריף. זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין דעם הויז וואָס טראָגט פון דעמאָלט אָן דעם היסטאָרישן נאָמען, „ראָמאַנאָווקע" און האָבן זיך גענומען גרייטן צו דאָס אומפאַרמיידלעכע. אונדזער גינזבורג האָט דאָ מיט אַמאָל אויפגעלעבט. ער איז געוואָרן מונטער און האָט אויך אויפגע־מונטערט אַנדערע חברים. אַ נייע פרייד האָט דעמאָלט אָנגעפילט זייערע הערצער. „קאַמף ביזן לעצטן אָטעם!" איז געוואָרן זייער שלאָגוואָרט. דער אָנגריף איז ענדלעך געקומען. זיי האָבן אים אָבער אויפגענומען מיט ווערדע. זיי האָבן געצאָלט מיט דער זעלבער מטבעה, יעדער שאָס פון די אָנגרייפער איז צוריק אָפּגעענטפערט געוואָרן. דער שונא האָט געקראָגן באַצאָלט אַ קויל פאַר אַ קויל.

עטלעכע טעג און נעכט איז דער דאָזיקער קאַמף אָנגעגאַנגען אומאויפ־הערלעך. דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער צאַרישער דעספּאָטיע האָט זיך באַטייליקט אין דעם אָנגריף: די פּאָליציי, די זשאַנדאַרן, די מיליטער און די וועכטערס. זיי זיינען אָבער געווען הילפלאָז קעגן דעם קליינעם הייפל פון די אַנטשלאָסענע רעוואָלוציאָנערן. ווען ביי די פּאַרטיידיקער האָט זיך שוין אויסגעשעפּט דאָס לעצטע ביסל אַמוניציע, האָבן די אָנגרייפערס ערשט געקראָגן די אויבער־האַנט. אונדזערע מאַרטירערס זיינען געשמידט געוואָרן אין קייטן און אונ־טער אַ שטרענגער מיליטערישער וואַך זיינען זיי אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ קאַטאָרזשנער טורמע. אין 1904 זיינען זיי אַלע פאַרמשפּט געוואָרן. יעדער פון זיי האָט געקראָגן צוועלף יאָר קאַטאָרגע. פון אונדזערע וויטעבסקער זיינען דאָרטן געווען: גינזבורג, בארקע צייטלין, חנקע ראָזענפעלד, מענדל לוריע, קאַמענמאַכער און אַנדערע. מיטן אויסנאַם פון קאַמענמאַכער זיינען אַלע געווען קינדער פון רייכע עלטערן. אַלע זיינען זיי געווען הויך געבילדעט און האָבן אַלע דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג אין זייער העראָאיש לעבן: די זעלבע רייכע היים, דער זעלבער אוניווערסיטעט און די זעלבע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, כאָטש זיי האָבן געהערט צו פאַרשיידענע פאַרטייען. זיי האָבן אַלע פאַרלאָזן זייערע וואַרעמע נעסטן כדי צו אָרגאַניזירן און בילדן די אָרעמע און אונטערדריקטע. אָט דאָס זיינען געווען אונדזערע וויטעבסקער רעוואָלוציאָנערן.

איך האָב פון זיי שפּעטער געקראָגן בריוו, שוין פון קאַטאָרגע. איך בין שוין דעמאָלט געווען אין ניו־יאָרק. איך האָב אָבער ווייניק וואָס געקענט טאָן פאַר זיי. זייערע בריוו האָב איך דעמאָלט איבערגעגעבן דעם סאָציאַליס־טישן רויטן קרייץ, ער האָט אָבער אויך ווייניק געקענט טאָן עפּעס ממשותדיקס פאַר זיי.

# צוריק אין וויטעבסק

אין מאַי 1900 בין איך צוריקגעקומען קיין וויטעבסק. פאַר מיר איז עס שוין געווען אַ גאַנץ אַנדער שטאָט. פאַר די פינף יאָר פון מיין אָפּוועזנהייט איז די דאָרטיקע באַוועגונג שטאַרק אויסגעוואַקסן. זי האָט שוין געטראָגן אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער דור, מיט אַ ברייטערן פאַרנעם. דאָס זיינען שוין ניט געווען בלויז די געוועזענע ישיבה־בחורים פון די בילדונג־קרייזלעך. די יונגע האָבן שוין ווייניקער דעבאַטירט און מער געטאָן. זייער גייסטיקער מצב איז געווען נידעריקער, פּלאַכער. זייער אַרבעט איז אָבער געווען אַ סך ברייטער אוןווירקזאַמער. עס איז שוין געוואָרן אַ באַוועגונג פון אַרבעטער און ניט פון באַלעבאַטישע לײדיקגייערס. עס האָט שוין געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ מאַסן־באַוועגונג. די דערפאַרונג פון סטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי און אַרעסטן האָט זיי אַ סך געלערנט.

איינעם פון די יונגע חברים האָט מען אַ קורצע צייט נאָך זיין אַרעסט געפונען אויפגעהאָנגען אין טורמע. זיין נאָמען איז געווען וועלוול מינץ אָבער גערופן האָט מען אים וועלוול סאַמאָסעד. ער איז געווען מיינער אַ נאָענטער קרוב. ער איז געווען אויף פּאַרשיקונג אין אַ קליין שטעטל. דאָרטן האָט ער זיך געפילט פרעמד און עלנט. קיין אַרבעט האָט ער דאָרטן ניט געקענט קריגן. ער איז דעריבער צוריקגעקומען אומלעגאַל קיין וויטעבסק. **דער געשמדטער שפּיאָן פּאָדוואָראָטניק, האָט אים אָבער באַלד דערקענט; ער האָט אַרויסגערופן עטלעכע פּאָליציאַנטן און זיי האָבן דעם חבר אַרעסטירט.** אין טורמע האָט מען אים שרעקלעך געפּייניקט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. מען האָט אים פאַרהונגערט און ענדלעך דערשלאָגן צום טויט. נאָך דעם האָבן זיי אים אויפגעהאָנגען אין זיין צעל, כדי צו סימולירן אַ זעלבסטמאָרד. צו דער לוויה האָט די אָרגאַניזאַציע אַראַנזשירט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. מען האָט זיך פאַרזאַמעלט אַרום דעם שפּיטאָל וואו די פּאָליציי האָט דעם טויטן אַוועקגעפירט. דאָ האָט מען זיך אָבער דערוואוסט אַז ער איז שוין דאָרטן ניטאָ. די פּאָליציי האָט אים צוגענומען אין מיטן דער נאַכט און ערגעץ באַהאַלטן. עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומעל און גערודער. די דעמאָנסטראַנטן האָבן דעמאָלט מאַרשירט צום הויז פון דעם שולדיקן שפּיאָן; אים אַליין האָבן זיי דאָרטן ניט געפונען, די פּאָליציי האָט אים אויסבאַהאַלטן אין טורמע, מען האָט זיך אָבער אַריינגעריסן אין זיין הויז, צעבראָכן און צעריסן אַלץ וואָס מען האָט דאָרטן געפונען. עס זיינען שפּעטער געווען אַרעסטן און עטלעכע זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר. דאָס האָט פּאַסירט ווען איך בין נאָך געווען אין פּעטערבורג.

די באַוועגונג אין שטאָט איז אָבער ווייטער געוואַקסן. שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען ביי די גאַרבערס, ביי די מעבל־אַרבעטער, ביי די

בוכבינדערס און ביי די נייטערקעס. עס זיינען אויך געווען אָרגאַניזאַציעס ביי די פּאַרבערס, ביי די שניידערס, ביי די קאַמאַשן־שטעפּערס און ביי די פּאַפּיראָסן־אַרבעטער. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו פֿאָרמירן אָרגאַניזאַציעס ביי די בלעכערס, ביי די אייזן־אַרבעטער און אויך ביי די ציגל־אַרבעטער. בלויז די הוטן־מאַכערקעס האָבן זיך ניט געלאָזט אָרגאַניזירן. זיי האָבן זיך גע־האַלטן פאַר גאַנצע „אַריסטאָקראַטקעס", האָבן זיי ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט „געוויינלעכע" אַרבעטער.

די צייט איז דעמאָלט געווען אַ גינסטיקע, די שטימונג איז געווען אַ קריגע־רישע. דער „יידישער אַרבעטער בונד" איז שוין געווען אָרגאַניזירט אין לאַנד־מאַסשטאַב. דער וויטעבסקער קאָמיטעט איז געווען אָנגעשלאָסן אָן „בונד". אין די אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיך שוין אויך גענומען שאַפן אַר־בעטער אָרגאַניזאַציעס. דאָס אַריינקומען פון די פּשוטע אַרבעטער האָט פאַרטריבן פון דער אָרגאַניזאַציע די באַלעבאַטישע פיינשמעקער. עס איז זיי געווען דערווידער צו חברן זיך מיט „פּראָסטע" מענטשן. די באַוועגונג איז געוואָרן צו וואָכעדיק און צו טומלדיק פאַר זיי. אויסער דעם איז עס דאָך אויך געוואָרן צו ריזיקאַליש. זיי זיינען דעריבער געוואָרן „קליגער" און פראַקטישער.

פון די עלטערע חברים זיינען שוין כמעט קיינער ניט געווען אין וויטעבסק. זיי האָבן מערסטנס געאַרבעט אין פאַבריקן אין גרעסערע שטעט. דאָרטן האָבן זיי געפירט זייער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. עטלעכע פון זיי זיינען שוין געווען אין טורמעס. אַנדערע זיינען געווען פאַרשיקט אין סיביר. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעטרייסלט פון דער באַ־וועגונג. זיי האָבן חתונה געהאַט און געוואָרן מיט לייטן גלייך. אַ טייל זיינען פרום געוואָרן צוליב פּרנסה.

עטלעכע קריסטלעכע אַרבעטער און סטודענטן אין וויטעבסק זיינען אויך געווען אונטער דער ווירקונג פון „בונד". איין קריסטלעכער סטודענט איז אפילו געווען אין דער אָנפירונג פון „בונד". ער איז געווען אַ זון פון אַ גאָר הויכן רעגירונגס־באַאַמטן. זיין פאָטער איז געווען דער פּאָרזיצער פון דעם העכסטן קרימינעלן געריכט פון דעם ראַיאָן. ער האָט שפּעטער חתונה־געהאַט מיט דעם וויטעבסקער רבס אַ טאָכטער. ער איז נאָך דעם אַרעסטירט געוואָרן און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. ער איז געווען אַ זעלטענער מענטש. מיטן גאַנצן לעבן איבערגעגעבן דער אַרבעטער־באַוועגונג, צוליב איר האָט ער איבערגעריסן מיט זיינע עלטערן און מיט זייער גאַנצער אַריס־טאָקראַטישער געזעלשאַפט.

## דער געהיימער אַפּאַראַט

די אַלגעמיינע אַרבעט פלעגט באַטראַכט און באַשלאָסן ווערן פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט. די פאַך־קאָמיטעטן פלעגן אָפּגעבן באַריכטן ביי די פאַרזאַמלונגען פון דעם אינטער־פאַכן קאָמיטעט. נאָך דעם פלעגט דער פאַר־

טרעטער פון שטאַטישן קאָמיטעט געבן וויטערדיקע אינסטרוקציעס. טייל מאָל פלעגט מען דאַרפן דעבאַטירן און גוטהייסן געוויסע באַשלוסן. די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען מערסטנטיילס אין די וועלדער הינטערן שטאָט. עס פלעגן אַוועקגעשטעלט ווערן פאַראַנטוואָרטלעכע חברים צו היטן די וועגן פון פּאָליציי און שפּיאָנען. צייטנווייז פלעגן מיר זיך אויך באַנוצן מיט שיפלעך. מיר פלעגן זיך פאַרקלייבן ביינאַכט אויף עטלעכע גרויסע שיפלעך. די ערשטע צייט פלעגן מיר זיך שיפן אַרויף דעם וואַסער. מיר האָבן שוין געוואוסט פון אַ פּאַסיקן וואַלדיקן ברעג, ווייט פון שטאָט. דאָרטן פלעגן מיר אָפּשטעלן אונדזערע שיפלעך. אַ טייל פלעגן גיין צוזאַמענקלייבן צווייג־לעך צו מאַכן אַ פייער. אַנדערע, איבערהויפּט די חברטעס, פלעגן צוגרייטן דעם צובייסן. מען פלעגט פאַנאַנדערלייגן אַ פייער. די חברטעס פלעגן אַרויסלייגן ברויט, הערינג, וואורשטן און פרוכט. זיי פלעגן אויך מיטברענגען געפעס, גרינס און האַנטעכער. מיר פלעגן זיך אַלע אַרומזעצן אַרום דעם פייער און לאָזן זיך וואוילגיין. געזאַנג און געלעכטער איז אויך געווען איבערגענוג. מיט דער סעודה האָבן מיר באַצוועקט צו פאַרענטפערן זיך אין פאַל פון אַ פּאָלי־ציייִשן איבערפאַל. אויסער דעם זיינען טאַקע אַ סך פון אונדז געווען שטענדיק פאַרהונגערט.

נאָך דער סעודה פלעגן מיר די געפעס לאָזן שטיין אַרום דעם פייער — עס זאָל הייסן אַז די סעודה קומט נאָך פאָר. מען פלעגט אָנהייבן פון די באַ־ריכטן פון די פאַך־קאָמיטעטן. יעדער באַריכט פלעגט גרינטלעך דעבאַטירט ווערן. נאָך דעם פלעגן מיר אויספלאַנעווען אונדזערע וויטערדיקע אַרבעטן. דער פאַרטרעטער פונעם שטאַטישן קאָמיטעט פלעגט נאָך דעם באַריכטן די באַשלוסן וואָס דאַרפן גוט געהייסן ווערן. ער פלעגט אויך געבן די אינסטרוק־ציעס פאַר די פאַך־קאָמיטעטן. נאָך דעם פלעגן מיר זיך ווידער פאַרוויילן מיט דעקלאַמירן, זינגען און דערציילן ביזן גרויסן טאָג אַריין.

ווען מיר זיינען שוין געווען גוט אויסגעמאַטערט און שלעפעריק, פלעגן מיר צוריק אַריין אין אונדזערע שיפלעך. מיר פלעגן זיי לאָזן שווימען אַראָפּ דעם וואַסער, קיין אָנשטרענגונג האָט עס שוין ניט געפאָדערט. פאַרשלאָפענע און מידע פלעגן מיר צוריק קומען אין שטאָט אַריין. צו דער אַרבעט פלעגן מיר שוין יענעם טאָג ניט גיין. עס איז שוין דעמאָלט אַזוי געווען איינגעפירט אַז ווען מען איז ניט געקומען צו דער אַרבעט האָט מען קיין פראַגן ניט געשטעלט, און קיין אויפקלערונגען ניט געדאַרפט געבן.

ווינטער פלעגן מיר פּראַווען כלמרשטע תנאים און חתונות אין אַ הויז. מיר פלעגן זיך באַזאָרגן מיט „חתן־כלה", מיט מחותנים און מיט אַלע נויטיקע צערעמאָניעס. דאָרטן פלעגן מיר ווידער אויפנעמען די פאַך־באַריכטן און אָנגיין מיט אונדזערע דיסקוסיעס. דער פאַרטרעטער פונעם שטאַטישן־קאָ־מיטעט פלעגט, ווי געוויינלעך, געבן אַ באַריכט וועגן דער אַלגעמיינער אַרבעט, ווי אויך זיינע אינסטרוקציעס פאַר די פאַך־קאָמיטעטן.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער פלעגן פאָרקומען זומער אין די וועלדער, אויך סטרייק־פאַרזאַמלונגען פלעגן דאָרטן פאָרקומען. אין אַזעלכע פאַלן פלעגן מיר אַוועקשטעלן זיכערע און דערפאַרענע וואַכן אויף אַלע אַרומיקע וועגן.

## מיין בייטראַג

מיין אַרבעט אין וויטעבסק איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע. מען האָט מיר צוגעטיילט אַזעלכע אַרבעטן וואָס זיינען פאַר אַנדערע חברים געווען שווער אויסצופירן. צוליב מיין דערפאַרונג אין דער אַרמיי, האָט מען מיר געגעבן די אַרבעט צווישן די זעלנער. מען האָט מיר אויך צוגעטיילט די קריסטלעכע שוסטערס, צוליב מיין דערפאָלג ביי די קריסטלעכע זעלנער אין פעטערבורג. איך האָב אויך אָנגעפירט מיט די בוכבינדערס, איך בין דאָך אַליין געווען זייערס אַ פאַך־קאָלעגע. אויסער דעם האָב איך געדאַרפט שרייבן אויפרופן און דרוקן זיי אויפן העקטאָגראַף, ווי אויך איינבינדן די אומלעגאַלע ליטעראַטור. איך האָב אַ חוץ דעם אַנטיילגענומען אין די באַראַטונגען און אַרבעטן פון שטאָ־טישן קאָמיטעט. נאָך אַן אויפגאַבע מיינע איז געווען צו שפּיאָנירן די שפּיאָנען.

די אַרבעט צווישן די זעלנער איז נאַטירלעך געווען גאַנץ געפערלעך. איך האָב דעריבער אָפּגעקליבן בלויז אַ קליינע גרופּע יידישע זעלנער. אונדזער אַרבעט איז אָנגעגאַנגען גאַנץ דערפאָלגרייך. מיר פלעגן זיך פאַרקלייבן מיט די עטלעכע זעלנער אין אַ דערבייאיקן וועלדל. דאָרטן פלעגן מיר לייענען און דעבאַטירן. מיר פלעגן אויך באַהאַנדלען פראַגן פון לעבן אין דער קאַזאַרמע. נאָך דעם פלעג איך זיי מיטגעבן אומלעגאַלע בראָשורן. זיי האָבן גוט געוואוסט ווי צו באַגיין זיך דערמיט. זיי פלעגן עס לייענען זייער גערן און מיט גרויס אינטערעס. ווייטער פון דעם האָט עס אָבער ניט געקענט גיין. צו קיין ממשותדיקע האַנדלונגען האָט עס ניט געקענט פירן. עס איז געווען בלויז אויפקלערונג און ניט מער.

גאַנץ אַנדערש איז עס געגאַנגען ביי די קריסטלעכע שוסטערס. פון זיי האָב איך געהאַט בלויז פאַרדראָס און האַרצווייטיק. מיר האָבן דעמאָלט געגרייט אַ שוסטער־סטרייק. צוליב דעם האָבן מיר געמוזט האָבן כאָטש עטלעכע פון זיי אונטער אונדזער איינפלוס. מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען בלויז איין מאָל אין וואָך. זיי זיינען געווען בלויז פינף־זעקס. יעדעס מאָל פלעג איך דאַרפן מיטברענגען בראָנפן און צובייסן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע. נאָך דעם פלעגן מיר שמועסן וועגן גאַנץ אומוויכטיקע זאַכן. ערשט נאָך דעם אַלעם פלעג איך פאַר זיי פאָרלייענען עפּעס אַ קורצע זאַך פון אַ ראַדיקאַל ביכל. דאָס האָט זיי אָבער זייער ווייניק אינטערעסירט. זיי זיינען געווען טעמפּ, קאַלט, שווייגנדיק און איינגעשלאָסן אין זיך. מען האָט פון זיי ניט געקענט אַרויסקריגן קיין מיינונג אָדער באַמערקונג. איך פלעג זיך מיט זיי אָפּמאַטערן עטלעכע שעה. קיין ליטעראַטור האָב איך זיי ניט מיטגעגעבן. זיי האָבן עס גאָר ניט געדאַרפט. זיי האָבן אויך ניט געקענט לייענען. מיין אַרבעט

מיט זיי איז געווען זייער אַ שווערע, אַ פּרוכטלאָזע און אַן אומדאַנקבאַרע. זיי האָבן מיך שפּעטער אויסגעגעבן צו דער פּאָליציי. דאָס איז געשען טאַקע אין דער צייט פון שוסטער־סטרייק. זיי האָבן אָבער געוואוסט בלויז מיין קאָנספּיראַ־טיוון נאָמען. די שפּיאָנען האָבן מיך דעריבער ניט געקענט אַזוי לייכט געפינען. ווען איך בין שוין געווען אַרעסטירט, האָבן די דאָזיקע שוסטערס מיך דערקענט לויט דער פּאָליצייאישער פאָטאָגראַפיע.

גוט איז מיר געגאַנגען ביי די בוכבינדערס. ביי זיי איז מיין אַרבעט אָנגעגאַנגען מיט גרויס דערפּאָלג. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו אַרבעטן מיט זיי. דאָס זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן זיך געריבן אַרום דעם גע־דרוקטן וואָרט און האָבן גוט געוואוסט ווי עס צו שעצן. זיי האָבן אויך געוואוסט ווי עס צו באַשיצן. איך פלעג פאַר זיי פאָרלייענען פון דער אומלעגאַלער ליטע־ראַטור. זיי האָבן ממש געשלונגען יעדעס וואָרט. זיי האָבן געוואָלט לערנען און האָבן עס געקראָגן. זיי האָבן געשטרעבט צום קאַמף פאַר גערעכטיקייט און האָבן זיך אין דעם באַטייליקט. אונדזערע דיסקוסיעס זיינען אַלעמאָל געווען אינטערעסאַנט און באַלערנדיק. זיי האָבן אַרויסגעבראַכט זייערע מיינונגען גאַנץ קלאָר און פאַרשטענדלעך. צייטנווייז זיינען זיי אויך באַשטאַנען אויף זייערע אייגענע מיינונגען. זיי פלעגן איך יאָ געבן אומלעגאַלע ליטעראַטור מיטצונעמען אַהיים.

איין מאָל אין וואָך פלעגן מיר באַהאַנדלען פאַך־פראַגן. דאָ פלעג איך שוין לערנען פון זיי. אין זייער סטרייק, וואָס איז שפּעטער פאָרגעקומען, האָבן זיי זיך געהאַלטן אייניק און מוסטערהאַפט. זיי האָבן אים טאַקע שנעל געוואונען. אַ טייל פון זיי זיינען פאַרבליבן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אויף לאַנגע יאָרן. עטלעכע פון זיי האָב איך, מיט יאָרן שפּעטער, געטראָפן אין ניו־יאָרק. דאָ זיינען זיי נאָך אַלץ געווען טעטיק אין דעם הילפס־פאַראיין פון „בונד“. זיי האָבן אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. (חיים־בער, ברוך שטיין און אַנד.).

## העקטאָגראַפישע אַרבעט

מיר פלעגן קריגן אונדזער אומלעגאַלע ליטעראַטור דורכן צענטראַלן קאָמיטעט. עס זיינען אָבער שטענדיק געווען אויך אָרטיקע פראַגן אויף וועלכע מיר האָבן זיך געדאַרפט אָפּרופן. צייטנווייז האָבן זיך געפאָדערט באַלדיקע אויפרופן און מעלדונגען. צוליב אונדזער איינפלוס אויף דער ברייטער אַר־בעטערשאַפט, האָבן מיר אָפט געמוזט אַרויסגעבן שריפטן און פּראָקלאַמאַציעס. קיין אומלעגאַלע דרוקעריי האָבן מיר ניט געקענט איינאָרדנען. האָבן מיר געמוזט נוצן אונדזער אייגענעם העקטאָגראַף, וואָס איז געווען לייכטער צו באַהאַלטן. דאָס איז געווען אינגאַנצן מיין אַרבעט. העקטאָגראַפירן איז געווען אַ זייער ריזיקאַלישע באַשעפטיקונג. פאַר אַזאַ פאַרברעכן האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר.

עס איז אָבער אָנגעקומען גאַנץ שווער איינצוקויפן די מאַטעריאַלן וואָס זיינען נויטיק געווען צוזאַמענצושטעלן דעם העקטאָגראַף. אַזוי פיל גליצערין וואָס איז נויטיק געווען פאַר דעם, איז שווער געווען צו קויפן. קיין שום אַפּטייקער וואָלט עס ניט געבן. עס וואָלט ביי אים געווען שטאַרק פאַרדעכטיקט. קיין פאַרטיקן העקטאָגראַף האָבן מיר דאָך געוויס ניט געקענט קויפן. איז עס טאַקע געווען אַ שווער פּראָבלעם. מיר האָבן אָבער אויך דערצו געפונען אַן עצה. אַן אַלטע מוטער האָט אונדז אין דעם אויסגעהאָלפן. זי איז געווען פון דעם טיפּ רעוואָלוציאָנערן, וואָס גאָרקי האָט שפּעטער פאַראייביקט אין זיין „מוטער". די אַלטע מוטער פלעגט איינקויפן פאַר אונדז די מאַטעריאַלן גאַנץ אומגעשטערט. אויף איר איז דאָך ניט געפאַלן קיין חשד. דעם גליצערין פלעגט זי איינקויפן ביסלעכווייז אין פאַרשיידענע אַפּטייקן. דעם זשעלאַטין פלעגט זי אויך אַזוי איינקויפן אין קראָמען. ביי איר אין הויז פלעג איך עס אויפקאָכן און צוגרייטן. דאָרטן פלעג איך אויך שרייבן און העקטאָגראַפירן.

דעם אָריגינאַל פלעג איך שרייבן מיט געדרוקטע בוכשטאַבן. איך האָב עס געטאָן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס איז עס דייטלעכער און לייכטער צום לייענען; צווייטנס האָט עס מיך אויסגעהיט אַז די פּאָליציי זאָל ניט דערקענען מיין האַנטשריפט. נאָך יעדן מאָל נוצן, האָט מען געדאַרפט איבערקאָכן און איבעראַרבעטן דעם העקטאָגראַף. דאָס פלעג איך ווידער אַמאָל טאָן ביי דער אַלטער מוטער אין הויז. ווען איך פלעג פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט, פלעג איך כשר מאַכן דאָס הויז. איך האָב ניט פאַרגונען דער פּאָליציי, זי זאָל לייכט קענען געפינען צייכנס פון „טרפה". איך פלעג אַלץ צוזאַמענעמען און אַוועקטראָגן אין אַן אַנדער אָרט.

## דריי סטרייקס

סוף זומער פון 1900 איז אין וויטעבסק געווען אַ גערעטעניש אויף סטרייקס. עס האָבן געסטרייקט די בוכבינדערס, די מעבל־אַרבעטער און די שוסטער — אַלע אין דערזעלבער צייט. די בוכבינדערס און די מעבל־אַרבעטער זיינען געווען יידישע. די שוסטערס זיינען כמעט אַלע געווען דאָרפישע קריסטן. צוערשט זיינען אַרויס סטרייקן די בוכבינדערס. זיי זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט און גאַנץ באַוואוסטזיניק. זייער סטרייק איז געוואָרן אַ דערפאָלג באַלד פון אָנהייב אָן. קיין „סקעבס" האָט מען ניט געקענט קריגן. די באַלעבאַטים האָבן דעריבער גיך געמוזט נאָכגעבן. די סטרייקערס האָבן געוואונען אַלע זייערע פאָדערונגען.

אין דער זעלבער צייט זיינען אויך אַרויס אין סטרייק די מעבל־אַרבעטער. זיי זיינען אויך געווען גוט אָרגאַניזירט און קאַמפּס־לוסטיק. זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען געווען ניט בעסער ווי ביי די בוכבינדערס. אויך זיי זיינען געשטאַנען פעסט און אַנטשלאָסן און די באַלעבאַטים האָבן אויך דאָ געמוזט נאָכגעבן אַלע זייערע פאָדערונגען.

געווען אַ מערקווירדיקער פאַל אין דעם מעבל־סטרייק: דער אָרגאַניזאַ־טאָר און פירער פון סטרייק איז געווען אַ זון פון אַ מעבל־באַלעבאָס. ער האָט אָנגעפירט דעם סטרייק אויך ביי זיין פאָטער. ווען דער סטרייק איז געוואונען געוואָרן האָט זיך זיין פאָטער אָפּגעזאָגט צוריק צו נעמען זיין אייגענעם זון צו דער אַרבעט. קריגערייען צווישן פאָטער און זון זיינען נאָך פאָרגעקומען איידער דער סטרייק איז פאַררופן געוואָרן. ער איז געווען איינער פון די פּעאיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן. מיר האָבן אים אָפט געדאַרפט אַרויסרופן אין מיטן טאָג פון דער אַרבעט צו באַראַטן זיך מיט אים. דער פאָטער האָט דאָס ניט געוואָלט ליידן. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן. ער האָט גוט געוואוסט אַז אַלע זיינע אַרבעטער וועלן זיך איינשטעלן פאַר זיין זון. איצט אָבער, נאָכן סטרייק, האָט ער ניט געוואָלט צוריקנעמען זיין זון צו דער אַרבעט. אונדזער פאָדערונג איז אָבער געווען אַז אַלע סטרייקערס מוזן צוריק אָנגעשטעלט ווערן. מיר האָבן דעריבער ווידער אַרויסגערופן זיינע אַרבעטער אין סטרייק. דאָס האָט געצוואונגען דעם פאָטער צוריקצונעמען זיין אייגענעם זון צו דער אַרבעט.

גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער צוגעגאַנגען ביי די שוסטערס. דאָרטן האָבן מיר שוין געהאַט אַ האַרטן נוס צום צעקנאַקן. עס איז געווען שווער אַרויסצו־רופן זיי אין סטרייק. די מערסטע פון זיי האָבן זיך ניט גערירט פון די וואַרשטאַטן. זיי זיינען דאָרטן געזעסן אַזוי ווי צוגעניטן מיט אַ דראָטווע. פון די וואָס האָבן שוין יאָ אָנגעהויבן סטרייקן זיינען אַ טייל באַלד צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. זייער ביישפּיל האָט שלעכט געווירקט אויף די אַנדערע. די באַלעבאַטים האָבן דעריבער זיך ניט געאיילט נאָכצוגעבן. דער סטרייק איז גאַנץ שנעל צעקראָכן געוואָרן.

איך האָב גוט געקענט דעם צושטאַנד ביי די שוסטערס. איך האָב דעריבער געראַטן אָפּצולייגן דעם סטרייק. איך האָב אָבער ווייזט אויס ניט גענוג קלאָר אַרויסגעבראַכט מיינע אַרגומענטן. די באַראַטונג האָט פאָרט באַשלאָסן אַז איצט איז די גינסטיקע צייט, ווייל די שטימונג אין שטאָט איז זייער געהויבן. זאָלן נאָר די שוסטערס אַרויס אין סטרייק וועלן מיר זיי שוין דעמאָלט לייכטער קענען אָרגאַניזירן; דער סטרייק אַליין וועט זיי פאַראייניקן און באַוואוסטזיניק מאַכן. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן דעם סטרייק קעגן מיין וואָרענונג.

דער דאָזיקער סטרייק איז געווען אַן אַרויפגעצוואונגענער. די שוסטערס האָבן טאַקע געאַרבעט ביי זייער שלעכטע באַדינגונגען. זיי האָבן עס אָבער ניט אַזוי שטאַרק געפילט. דאָס זיינען געווען דאָרפישע מענטשן וואָס האָבן אין דער היים נאָך ערגער געלעבט. זיי האָבן געאַרבעט ווי די פערד אין פינצטערע, נאַסע קעלערס, זייער לאַנגע אַרבעטס־שעהן. געלעבט האָבן זיי ווי די בהמות. זיי זיינען אָבער געווען איבערגעגעבן צו זייערע באַלעבאַטים. לייענען און שרייבן האָבן זיי ניט געקענט. מיט קיין געזעלשאַפטלעכע פראַגן האָבן זיי זיך ניט פאַראינטערעסירט. זיי זיינען געווען פרום און האָבן נאַאיוו געגלויבט אין

געזעץ. ווען עס פלעגט קומען דער זונטיק, האָבן זיי זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן אין דעם פרייען טאָג. זייער אומצופרידנהייט פלעגן זיי אויסלעשן אין דעם ביטערן טראָפּן. שיכורערהייט פלעגט אַזאַ איינער אויסלאָזן זיין כעס צו זיין אייגענער פאַמיליע. די פרוי און קינדער פלעגן זיך צעלויפן פון הויז, פלעגט ער ברעכן און רייסן זיין אייגענע באַלעבאַטישקייט. מיט אַזאַ עלעמענט האָט מען קיין סטרייק ניט געקענט געווינען.

## דרוקן און שמוגלען

ווי איך האָב פריער דערציילט, פלעגן מיר אונדזערע לאָקאַלע שריפטן, ווי אויפרופן, מעלדונגען און אַרטיקלען פּראָקלאַמאַציעס, אַליין צוגרייטן. מיין העקטאָגראַף פלעגט אַרויסגעבן איבער הונדערט קלאָרע קאָפּיעס פון איין אָריגינאַל. דאָס איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר אונדזער אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער. די אַלגעמיינע פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן פלעגן זיך דרוקן אין אומלעגאַלע דרוקערייען. דער „בונד" איז געווען אַ קינסטלער איינצו־אָרדנען אַזעלכע דרוקערייען. ער פלעגט אויך אַרויסהעלפן דער צענטראַלער פּאַרטיי, דער רוסלענדער ס"ד, איינצושטעלן אירע דרוקערייען.

די פּעריאָדישע צייטונגען און זשורנאַלן פון „בונד" פלעגן זיך דרוקן אין אויסלאַנד. זיי פלעגן זיין געדרוקט אויף זייער דינעם פּאַפּיר און מיט גאָר קליינע אותיות, כדי צו פאַרלייכטערן דאָס שמוגלען איבערן גרענעץ. דאָס האָט אויך געהאָלפן ביים אויסבאַהאַלטן די בראָשורן אויף די ערטער. דער „בונד" האָט איינגעאָרדענט אַ שטענדיקן גרענעץ־שמוגל פון ליטעראַטור, שריפט, מענטשן, און שפּעטער אויך — געווער. ער איז געווען אַ מאַדיים אויף שוואַרצן די גרענעץ. ווען עס פלעגט דורכפאַלן איין גרענעץ, פלעגט ער באַלד איינ־שטעלן אַן אַנדערע. די גרענעצן פון לאַנד האָבן זיך געשפּרייט ווייט און ברייט; ניט אַלע וועכטער האָבן זיך געוואָלט באַגרענצן מיט זייער הונגער־לוין, — האָט מען שטענדיק געקענט געפינען אַזעלכע וואָס האָבן לייכט זיך געלאָזט איבערקויפן. די געדרוקטע ליטעראַטור פלעגט געבראַכט ווערן אין אַ גרע־נעץ־שטאָט. פון דאַרטן פלעגט מען עס שיקן אַלס פּראַכט אין אַ ווייטער שטאָט, פון לאַנד, געוויינלעך אויפן אַדרעס פון אַ גרויסן געשעפטסמאַן. די באַן־אָנווייזונג פלעגט איבערגענומען ווערן דורך איינעם פון די חברים. פון דער דאָזיקער שטאָט פלעגט די ליטעראַטור צעשיקט ווערן צו אַלע קאָמי־טעטן פון לאַנד. יעדעס מאָל פלעגט מען אָבער מאַכן דעם שיקונג־צענטער אין אַן אַנדער שטאָט.

אין מערץ 1900, ווען איך בין נאָך געווען אין דווינסק, איז דאָרט אָנגע־קומען אַזאַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלע ליטעראַטור פאַרן גאַנצן לאַנד. מיר האָבן עס צוגענומען פון פּראַכט־הויז גאַנץ, אומגעשטערט. מיר האָבן עס צעשיקט צו די שטעט אָן קיין שום שוועריקייטן. אין סעפּטעמבער פון דעם זעלבן יאָר

איז דער טראַנספּאָרט צוגעשיקט געוואָרן קיין וויטעבסק. דעמאָלט זיינען שוין אַ סך שטעט שטאַרק געהיט געוואָרן דורך דער פּאָליציי. וויטעבסק איז אָבער געווען ווייט פון גרענעץ. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן צו זוכן דאָרטן שמוגלעריי, האָט מען דעם טראַנספּאָרט געשיקט קיין וויטעבסק. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשער רעכנונג. גראָד דעמאָלט איז די שטאָט געווען צע־רודערט; סטרייקס זיינען אָנגעגאַנגען אין דריי פאַכן אין דער זעלבער צייט. די פּאָליציי, די זשאַנדאַרן און שפּיאָנען זיינען אָן אויפהער געווען אויף דער וואַך. זיי האָבן געזוכט און גענישטערט. אויסער דעם זיינען שוין אין שטאָט געווען זובאַטאָווס אַגענטן.

די אָנווייזונג פאַר דער ליטעראַטור איז, ווי געווײנלעך, געשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון אַ גרויסן געשעפטסמאַן. די פּאָליציי האָט אָבער די אָנווייזונג פאַרכאַפּט אויף דער פּאָסט. זיי האָבן דעם קאָנווערט געעפנט, קאָפּירט, צוריק פאַרמאַכט און ווייטער געשיקט אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. ווען די ליטע־ראַטור איז אָנגעקומען איז זי באַוואַכט געוואָרן פון שפּיאָנען. מיר האָבן אָבער וועגן דעם קיין אַנונג ניט געהאַט. מיר האָבן אַרויסגענומען דעם טראַנספּאָרט ליטעראַטור און אַוועקגעפירט אין דעם באַנק־קאַנטאָר פון די שנייערסאָנס. דער קאַסירער איז געווען אונדזערער אַן אָנהענגער. ער האָט די ליטעראַטור באַהאַלטן אויף אַ זיכער אָרט.

דעם זעלבן אָוונט איז די קאַנטאָר באַפאַלן געוואָרן דורך זשאַנדאַרן און פּאָליציי. זיי האָבן צוגענומען די ליטעראַטור און אַרעסטירט יעדן איינעם וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען. די אַרעסטירטע זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אונטער אַ שטרענגער וואַך אין טורמע. עטלעכע חדשים האָט מען געהאַלטן אין איין אויספרעגן זיי. כמעט אַלע אַרעסטירטע זיינען שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די שנייערסאָנס האָבן געשטאַמט פון דער באַקאַנטער רביישער משפחה. די חסידים האָבן דעריבער געהאַט צו אונדז שטאַרקע טענות. „אָבער וואָס האָט איר געהאַט צו דעם רבינס אייניקלעך?״ — האָט מיין פרומער ברודער געטענהט צו מיר, — „צו וואָס האָט איר געדאַרפט אויך זיי אַריינשלעפּן אין אַזאַ צרה?״. ער אַליין, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע חסידים, האָט זיך באַצויגן מיט אַכטונג צו אונדזער באַוועגונג. ער האָט פאַרשטאַנען די ערנסטקייט פון אונדזערע צילן, ער האָט באַוואונדערט אונדזער רעוואָלוציאָנערע פרומקייט. פאַר מיר האָט ער געהאַט נאָך מער אַכטונג פאַר מיין איבערגעבנקייט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אָבער ניט געקענט ליידן וואָס מיר האָבן געשטעלט דעם רבינס אייניקלעך אין אַזאַ סכנה.

## זובאַטאָוו

פון דער מינסקער אָפּאָזיציע איז אַרויסגעוואַקסן אַ גאַנץ נייע סכנה פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג. צו ערשט זיינען עס געווען בלויז מיינונגס־פאַר־

שיידנקייטן אין בונד גופא. שפּעטער האָט זיך עס אַנטוויקלט אין אַ רעפאָרם־באַ־וועגונג, וואָס האָט געזוכט איבערצובויען דעם בונד פון אינעווייניק. אין די יאָרן 1899 און 1900 איז עס שוין געוואָרן אַ פאַררעטערישע באַוועגונג.

דער פירער פון דער דאָזיקער פאַרשווערונג איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער זובאַטאָוו. ער איז געווען פּאָפּולער און באַגלויבט ביי אַ טייל פון די נאַאיווע אַרבעטער. צו ערשט האָט די אָפּאָזיציע געאַרבעט בלויז אינעווייניק, אין בונד, האָט מען עס דעריבער באַטראַכט ווי אַן אינערלעכע אָרטיקע צרה. שפּעטער האָבן זיי שוין אַרויסגעשטעלט זייער אייגענע פּראָגראַם, אַלץ נאָך אינעווייניק, אין בונד. זיי האָבן געזוכט צו שאַפן וואָס מער אומצופרידנקייט אין דער אָרגאַניזאַציע. ענדלעך האָבן זיי אָנגעהויבן אַרבעטן ווי אָפענע אַגענטן פאַר דער רעגירונג.

די זובאַטאָוועס האָבן געוואָלט איינפירן די סיסטעם, וואָס מען האָט שפּעטער באַצייכנט מיטן נאָמען „געלע פאַראיינען". זיי האָבן געפּריידיקט פרידן מיט דער צאַרישער רעגירונג: די אַרבעטער דאַרפן זיך ניט מישן אין פּאָליטיק, — האָבן זיי געטענהט — זייער אינטערעס דאַרף זיין בלויז שכירות און אַרבעטס־צייט; זיי קענען דאָס דערגרייכן דורך פרידלעכע אונטערהאַנד־לונגען מיט די באַלעבאַטים. די רעגירונג וואָלט דעמאָלט אויפגעהערט צו פאַר־פאָלגן די סטרייקערס, זי וואָלט נאָך באַאיינפלוסט די באַלעבאַטים, זיי זאָלן דורכקומען מיט די אַרבעטער.

די זובאַטאָוועס זיינען אָבער אויסן געווען ניט די ברויט־אינטערעסן פון די אַרבעטער און געוויס ניט זייערע ברייטערע אינטערעסן. זייער כוונה איז געווען צו פאַרנאַרן און צו פאַרפירן; זיי האָבן געוואָלט שפּאַלטן די פאַראייניגען און צו ברעכן די סטרייקס; פאַר פרידלעכע באַציאונגען איז דאָך ניט נויטיק קיין קאַמפס־גרייטקייט. דאָס איז טאַקע געווען דער צוועק פון דער רעגירונג. דער בונד האָט נאַטירלעך אויך געקעמפט פאַר בעסערע שכירות און קלענערע אַרבעטס־צייט. ער האָט עס אָבער באַטראַכט ווי אַ מיטל צום ציל. עס איז דאָך ניט דאָס ברויט אַליין מיט וואָס אַרבעטער קענען זיך באַנוגענען. זיי דאַרפן דאָך אויך האָבן פרייהייט, גלייכבאַרעכטיקונג, בילדונג, — און דאָס מוז מען דאָך אויסקעמפן קעגן דער רעגירונג.

די צאַרישע רעגירונג האָט אָנערקענט די „גוטע" אַרבעט פון די זובאַטאָוו־צעס. ער אַליין האָט געטאָן די דירעקטע שפּיאָנאַזש. זיינע מענטשן האָבן גע־אַרבעט אומהאָפּהענגיק פון דער אָרטיקער פּאָליציי. זיי פלעגן זיך מיט איר באַנוצן בלויז ווען זיי האָבן שוין געדאַרפט מאַכן רעוויזיעס און אַרעסטן. זיי האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ געפּוצט אין די פעדערן פון אומשולד. זיי האָבן גע־וואָלט איינרעדן די אַרבעטער, אַז זיי נאַרן בלויז אָפּ די רעגירונג, אין אמתן, אַרבעטן זיי גאָר פאַרן וואוילזיין פון דער באַוועגונג. אויפן פאַרהער פלעגן זיי זיך באַציען צו דעם אַרעסטירטן מיט פריינטשאַפט, זיי פלעגן מיט אים דעבאַ־טירן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן. זיי האָבן געפּרואווט צו מאַכן דעם

איינדרוק פון אמתע רעוואָלוציאָנערן. אַ טייל חברים זיינען טאַקע דורך דעם אַריינגעגאַרט געוואָרן.

דער בונד האָט אויפגעדעקט זייערע פּאַררעטערישע צילן. עס איז אָבער שווער געווען צו גלויבן, אַזוי האָבן דאָך אַ סך חברים ניט געקענט שפּעטער גלויבן, אַז אַזוי איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. דער וויטעבסקער קאָמיטעט פון בונד האָט באַטראַכט די פראַגע. איך האָב דעמאָלט פאָרגעשלאָגן אָפּצוראַ־מען זאַבאַטאָוון פון וועג. נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע איז מיין פאָרשלאַג אָנגענו־מען געוואָרן. בלויז צייטלין האָט געשטימט קעגן. ער איז געווען אונדזער פאַרטרעטער ביים צענטראַלן קאָמיטעט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ברענגען אונדזער רעקאָמענדאַציע צום צ. ק. מיר האָבן געפאָדערט און געמאָנט, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

## דער גרויסער אַרעסט

אין סעפּטעמבער 1900 האָט דער וויטעבסקער קאָמיטעט געהאַט פאַר זיך אַ סך אַרבעט. אַזוי שנעל ווי מען האָט אַרויסגעקראָגן די ליטעראַ־טור פונעם פּראַכט־הויז, איז באַלד גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אויף ביינאַכט. מען האָט געדאַרפט אויספּלאַנעווען, אָרגאַניזירן און אויסטיילן די אַרבעט. דער גאַנצער שטאָט־קאָמיטעט צוזאַמען מיט די פירערס פון די פאַכן זיינען זיך דעמאָלט צוזאַמענגעקומען. די באַראַטונג האָט זיך געצויגן, ווי געוויינטלעך, אַ גאַנצע נאַכט. ווען מען איז שוין כמעט פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, איז די פאַרזאַמלונג פּלוצלינג באַפאַלן געוואָרן פון דער פּאָליציי. כמעט די גאַנצע שטאָטישע פּאָליציי, זשאַנדאַרן, זעלנער און שפּיאָנען האָבן פול געמאַכט די צימערן. זיי האָבן אַרומגעזוכט יעדן איינעם. ביי אַ טייל האָבן זיי געפונען בריוו, נעמען, אַדרעסן און ליטעראַטור. די פאַרזאַמלונג איז פאַררופן געוואָרן אויף גיך, האָבן זיי דעריבער ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו גיין אַהיים און אויסליידיקן די טרפה.

דער איבערפאַל איז אָנגעפירט געוואָרן פון די זובאַטאָווצעס. זיי האָבן אויפגעריסן דעם דיל, זיי האָבן אויסגעטרייסלט אַלע שרענק, זיי האָבן אויפ־געשניטן אַלע קישנס און פּערענעס, זיי האָבן אומעטום געזוכט, געפּאָרשט און געשנישטערט. אַ היוכער אָפיצער האָט אויסגעפרעגט יעדן איינעם דעם נאָמען, אַדרעס און באַשעפטיקונג. אויף די אָנגעגעבענע אַדרעסן זיינען באַלד פאָרגע־קומען נייע רעוויזיעס און אַרעסטן. איבער הונדערט מענטשן זיינען אין יענער איין נאַכט אַרעסטירט געוואָרן. די וואַך איז אַרעסטירט געוואָרן די ערשטע, זי האָט דעריבער נישט געקענט וואָרענען די פאַרזאַמלונג.

עס איז געווען איין הויז, וואָס די זובאַטאָווצעס האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן. דאָרטן האָט געוואוינט אַן אלמנה מיט עטלעכע טעכטער, און איר זון, וואָס איז געווען אונדזערס אַ חבר. דאָס הויז איז געווען אַ טרעפפּונקט פון דער באַוועגונג. אַהינצו פלעגט מען קומען זעען זיך און איבערגעבן נייעס און אינסטרוק־

ציעס. צוגעפאָרענע חברים פלעגן דאָרטן איבערנעכטיקן אויפן דיל. עס איז געווען קענטיק אַז די זובאַטאָוועצעס האָבן גוט געוואוסט וועמען זיי וועלן גע־פינען אויף דער פאַרזאַמלונג. זיי האָבן עס אָבער ניט געקענט אַליין אויפגע־פינען, ווייל זי איז צוזאַמענגערופן געוואָרן בלויז עטלעכע שעה פאַר דעם אָנ־הויב. מען האָט דעריבער פאַרדעכטיקט, אז איינער פון אינעווייניק האָט עס זיי אויף שנעל געלאָזט וויסן. כמעט דער גאַנצער שטאָטישער קאָמיטעט און די וויכטיקסטע פירערס פון אַלע פאַכן זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע. די חברים צייטלין, ברוסער, עטקע, שיינקע די שוואַרצע, חנקע ראָזענפעלד און די שנייערסאָנס, זיינען אַלע אַרעסטירט געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג פון שטאָט איז צעבראָכן געוואָרן. עס זיינען אָבער גיך אויפגעשטאַנען נייע טוערס און נייע פירערס. דער גרויסער דורכ־פאַל איז ביסלעכוויז פאַרהיילט געוואָרן. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן ווייטער.

:: :: ::

יענע טעג בין איך געווען פאַרנומען מיט איינבינדן די אומלעגאַלע ליטע־ראַטור. די בראָשורן פלעגן גיין פון האַנט צו האַנט, זיי פלעגן דעריבער שנעל צעריסן ווערן. דאָס איינבינדן האָט זיי פון דעם אויסגעהיט. צוערשט האָט מען געמוזט כשרן זייער אויסזען. איך פלעג אויסשניידן דאָס שער־בלאַט און פלעג אַריינקלעפּן אַ שער־בלאַט פון אַ ספר אָדער פון אַ רוסיש לערנביכל, וואָס האָבן געהאַט די געדרוקטע דערלויבעניש פון דעם צענזאָר. נאָך דעם פלעג איך זיי איינבינדן אין דיקע סאַראַטענע טאָוולען, וואָס לאָזן זיך צונויפדרייען און האַלטן אין קעשענע. די אַרבעט פלעג איך טאָן ביי מיין פרומען ברודער אין הויז. געוואוינט האָט ער אין אַ ווייטער געגנט פון שטאָט (צוליב קאָנספּיראַציע האָט קיינער פון די חברים ניט געוואוסט דעם אַדרעס). ווען איך בין געגאַנגען צו אים אַרבעטן פלעג איך מיטנעמען אַ הונדערט אָדער מער אַזעלכע בראָשורן. איך פלעג שוין ניט אַרויס פון הויז ביז וואַנען זיי פלעגן אַלע פאַרטיק ווערן. דע־מאָלט פלעג איך אויסרייניקן די גאַנצע „טרפה" פון הויז, און פלעג עס אַוועק־טראָגן וואו מען דאַרף. פאַר מיין גאַנצע אַרבעט מיט מיינע אייגענע מאַטעריאַלן פלעג איך רעכענען דער באַוועגונג בלויז דריי קאָפּיקעס פאַר אַ בראָשור. ווען עס איז פאַררופן געוואָרן די אייליקע פאַרזאַמלונג, בין איך גראָד געווען ביי מיין ברודער אין הויז. קיינער האָט דעריבער ניט געוואוסט וואו מיך צו געפינען.

פון צייט צו צייט פלעג איך דאָרטן אויך אַרבעטן אויפן העקטאָגראַף. מיט אַ וואָך פריער האָב איך די העקטאָגראַפירטע אַרבעטן צוזאַמען מיטן העקטאָ־גראַף פאַרגראָבן אונטער אַ פאַרלאָזענעם שפייכלער. אַ חבר האָט מיר דאָס אָרט אָנגעוויזן. אויף מאָרגן, ווען איך בין געקומען נעמען די זאַכן, האָב איך זיי שוין דאָרטן ניט געפונען. איך בין דעריבער געוואָרן זייער אומרואיק. וועגן דעם גרויסן אַרעסט האָב איך זיך דערוואוסט ערשט אויף מאָרגן. מיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען אויסצוגעפינען ווער וואו עס געפינט זיך. מען האָט דאָך

צו קיינעם אין הויז ניט געקענט גיין, ווייל מען האָט זיכער שפּיאָנירט די היי־
זער. איך בין אַוועק אין שטאָט פּרוואָון אָפּגעפינען די פאַרבליבענע חברים
אויף דער פריי.

## אין טורמע

נאָך דעם גרויסן אַרעסט בין איך נאָך געווען אויף דער פריי בלויז פינף טעג. אין די עטלעכע טעג האָבן מיר געהאַט אַ סך אַרבעט צו טאָן. צוזאַמען מיט אַרקען דעם פּאַסאַטציק, זינאַ שעוועלאָוו און אַ פאַרטרעטער פון צ. ק., וועמענס נאָמען מיר האָבן ניט געוואוסט, האָבן מיר גענומען אויסגראָבן זיך פון דעם חורבן. מיר האָבן אויסגעפונען ווער עס איז אַרעסטירט געוואָרן און וועלכע וואוינונגען עס ווערן שפּיאָנירט. מיר האָבן וועגן דעם געגעבן צו וויסן אונדזערע חברים אין די אַנדערע שטעט. מיר האָבן אויך צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם שטאָטישן קאָמיטעט, וואָס האָט גלייך גענומען צוריק איינשטעלן די אַרבעט. עס איז אונדז אָבער נאָך פאַרבליבן אַ זער שווערע פּראָבלעם: דאָס איז ווידער געווען די פראַגע וועגן דער אומלעגאַלער ליטעראַטור.

מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז עס איז אָנגעקומען אַן אָנווייזונג אויף נאָך אַ גרויסן טראַנספּאָרט ליטעראַטור, וואָס איז שוין געשיקט געוואָרן פון אַן אַנ־דער שטאָט און אויף אַן אַנדער אַדרעס. מיר האָבן זיך אָבער דערוואוסט, אַז אויך די דאָזיקע אָנווייזונג איז דורכגעגאַנגען דורך די הענט פון דער פּאָליציי. זיי האָבן די אָנווייזונג קאָפּירט און צוריקגעשיקט אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס. די שפּיאָנען היטן דאָס אָרט און וואַרטן אויף דעם חבר, וואָס וועט עס קומען אָפּנעמען. עס איז דעריבער געווען אַ געפאַר צוצורירן זיך דערצו. אָבער ווי קען מען עס לאָזן אַזוי פיל ליטעראַטור אויף הפקר? — און ווי קאָן מען עס לאָזן די בונדישע קאָמיטעטן פון לאַנד אָן ליטעראַטור? — איז עס טאַקע געווען פאַר אונדז גאָר אַ שווערע פּראָבלעם.

מיר האָבן אויך געדאַרפט אָפּדרוקן און פאַרשפּרייטן אַ פּראָקלאַמאַציע פונעם נייעם וויטעבסקער קאָמיטעט, וואָס זאָל דערמוטיקן די חברים ווייטער צו פירן די אַרבעט נאָכן דורכפאַל. דאָס וואָלט אויך געקענט העלפן די אַרעס־טירטע; עס וואָלט באַוויזן דער פּאָליציי, אַז צווישן די אַרעסטירטע איז ניט פאַראַן דער קאָמיטעט. מען האָט אויך געדאַרפט אויסגעפינען ווער עס זיינען די מוסרים, און פאַר די אַרעסטירטע זעלבסט האָט מען דאָך אויך געדאַרפט עפּעס טאָן, און אויך זוכן צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט זיי. מיר האָבן דעריבער געהאַט זייער וויכטיקע אויפגאַבן צו דערפילן. אין מיטן פון די אַלע אַרבעטן בין איך אָבער אויך אַרעסטירט געוואָרן.

:: :: ::

באַלד ביים אַרעסט האָב איך געהאַט גוטע געלעגנהייטן צו אַנטלויפן. מען האָט מיך צוערשט געבראַכט אין דער פּאָליציי־פּאַרוואַלטונג. אַהינצו פלעגט מען ברענגען ניט וויכטיקע פאַרברעכער. האָט מען דעריבער דאָרטן זייער

שוואַך געהיט. מען איז געזעסן און געוואַרט. דאָרטן זיינען אויך געזעסן מענטשן, וואָס זיינען געקומען עפּעס בעטן, פרעגן אָדער באַקלאָגן זיך. מען איז געקומען און געגאַנגען. ווען מען האָט מיך שפּעטער אַביסל שוין פאַרשפּאַרט אין קאַר־צער, האָב איך אויך פון דאָרטן געקענט אַנטלויפן. די שטאָטישע טורמע איז געווען איבערפולט. מען האָט דאָרט קוים אַריינגעקוועטשט אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע פונעם גרויסן אַרעסט, — האָט מען מיך דעריבער אויף דערווייל אַריינגעזעצט אין קאַרצער, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר מינדערוויכטיקע פאַרברעכערס. דער רעזשים איז דאָרטן געווען אַ לויזער און די דיסציפּלין אַ גאַנץ שוואַכע. די וועכטער זיינען ניט געווען אַזוי שטרענג און וואַכזאַם. איך פלעג אָפּט דאַרפן אַרויסגיין אין מיטן דער נאַכט אויפן הויף. דער וועכטער פלעגט אָבער ווייניק אַכטונג געבן אויף מיר. דער טויער איז שטענדיק געווען אָפן. איך האָב דעריבער געקענט זייער לייכט אַנטלויפן. איך האָב אָבער אויס־גערעכנט, אַז די באַשולדיקונגען קעגן מיר זיינען גאַנץ מאָגערע. אין שטאָט בין איך דאָך אינגאַנצן געווען בלויז עטלעכע חדשים. די שפּיאָנען האָבן מיך מסתמא נאָך ניט געקאָנט. קיין „טרפהנע" זאַכן האָט מען ביי מיר אויך ניט גע־פונען, האָב איך דעריבער בעסער געוואָלט אָפּקומען מיט אַ לייכטער שטראָף און פאַרבלייבן נאָך דעם אין לאַנד לעגאַל, איידער צו מוזן לעבן כסדר אויף פאַלשע פּאַספּאָרטן. אַנטלויפן פון רוסלאַנד האָב איך געוויס ניט געוואָלט. איך וואָלט דאָך דערמיט דעזערטירט פון דער רעוואָלוציע. עס איז שוין דעריבער בעסער געווען צו וואַרטן און ליידן.

מיין רעכענונג איז אָבער געווען אַ פאַלשער. עס האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, אַז די פּאָליציי האָט שוין געהאַט קעגן מיר גענוג באַווייזן. עס איז אויך מעגלעך (און אפילו גאַנץ וואַרשיינלעך), אַז עמיצער פון די חברים פלעגט זיי באַריכטן וועגן אונדזער טעטיקייט, אויך נאָך דעם גרויסן אַרעסט. דער סוף איז געווען, אַז נאָך אַלע אויספאָרשונגען, איז געוואָרן קלאָר, אַז עס דערוואַרטעט מיך אַ פאַרשיקונג־אורטייל קיין סיביר, האָב איך שוין דעמאָלט באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

ווען די נייע טורמע איז פאַרטיק געוואָרן, בין איך געווען פון די ערשטע וואָס זיינען אין איר פאַרשפּאַרט געוואָרן. מען האָט מיך איינגעשלאָסן אין אַ צעל צוזאַמען מיט אַ יונגן חבר פון אַן אַנדער שטאָט. ער האָט געליטן פון דער פאַליגע, — האָט מען אים דעריבער ניט געקענט האַלטן אַליין אין אַ צעל. ער איז שטענדיק געווען פריילעך, גוטמוטיק און פריינטלעך. מיר האָבן זיך גאַנץ גוט צוזאַמען געלעבט. שלעכט איז אָבער געווען ווען עס פלעגן אים באַפאַלן די פאַליקע קרעמפּן. דאָס איז געווען שרעקלעך בייצואוואוינען. ער פלעגט זיך וואַרפן און שרייען מיט באַנומענע קולות. עס פלעגט זיך דאַכטן, אַז באַלד וועט ער שוין אויסגיין פאַר מיינע אויגן. נאָך ערגער איז געווען ווען דאָס פלעגט אים באַפאַלן אין מיטן דער נאַכט. איך פלעג אַראָפּשפּרינגען פון מיין הילצערנעם געלעגער, שטיין לעבן אים און טרייסלען זיך פון שרעק און קעלט. איך האָב

געוואוסט, אַז מען טאָר אים ניט רירן און גאָרניט געבן. איך האָב אים דעריבער גאָרניט געקענט העלפן. מען קען דאָך אָבער ניט לאָזן אַ מענטשן אַזוי מאַטערן זיך. פלעג איך אַזוי שטיין לעבן אים אַ באָרוועסער, אויפן קאַלטן שטיינערנעם דיל. דעמאָלט האָב איך עס געקראָגן די ערשטע שפורן פון רעוומאַטיזם, פון וועלכן איך לייד פון דעמאָלט אָן מיין גאַנץ לעבן.

אויף דער באַהאַנדלונג אין דער נייער טורמע קען איך זיך ניט באַקלאָגן, עס איז גאָרניט געווען אַזוי שלעכט. צו יענער צייט פלעגן די פּאָליטישע נאָך באַהאַנדלט ווערן גאַנץ נישקשהדיק. זיי האָבן געטראָגן זייערע אייגענע קליידער און געקראָגן אַביסל בעסערע שפייז און נאָך אַנדערע קליינע פּריווילעגיעס. די רעגירונג האָט זיי געוואָלט באַווירקן מיט גוטער באַהאַנדלונג. זי האָט זיי ווי עס ווייזט אויס, געוואָלט איבערצייגן אַז זי איז גאָרניט אַזוי שלעכט ווי זיי האָבן זיך איינגערעדט. פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַחוץ די גאָר „געפערלעכע", זיינען דעמאָלט באַהאַנדלט געוואָרן מיט איינזעעניש.

ווען מען האָט מיך דאָרטן פאַרשפּאַרט בין איך געווען אויסגעהונגערט, אָפּגעשוואַכט און שטאַרק נערוועז. די אָנגעשטרענגטע אַרבעט אין דער באַוועגונג האָט אויסגעשעפּט מיינע קרעפטן; דאָס שטענדיקע היטן זיך פון די שפּיאָנען האָט צעשרויפט מיינע נערוון; צום שלאָפן און רוען האָב איך געהאַט ווייניק צייט; מיין עסן איז געווען קנאַפּ און מאָגער, בלויז צו פאַרטעמפּן דעם הונגער, עס האָט מיר אָבער ניט געגעבן גענוג נאַרונג. אין טורמע אָבער איז דאָס עסן געווען אַ סך בעסער און נאַרהאַפטיקער. איך האָב געפאָדערט אַ קראַנקן־פּאָרציע צוליב מיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד און איך האָב עס באַלד באַקומען. אויסער דעם פלעג איך קריגן צוויי מאָל אַ וואָך גוטע מאָלצייטן צוגעשיקט פון שטאָט. די חברים האָבן עס באַקומען פון מיינע קרובים. איך האָב געהאַט גענוג פאַר זיך אַליין און פאַר די פריינדלעכע טויבן הינטער די גראַטעס פון מיין פענצטער. זיי האָבן מיר צוריק געצאָלט מיט זייער וואָרקען און טאַנצן. עס איז אָבער געווען דער שלאָף און רו, אין וואָס איך האָב זיך צום מערסטן גענויטיקט. אויף דער פריי האָב איך זיך דאָך געדאַרפט שטענדיק היטן און שרעקן זיך פאַר די שפּיאָנען, דאָ אין טורמע בין איך אָבער געווען פריי פון זיי. אַזוי האָב איך דעמאָלט געטראַכט.

איך האָב דאָרטן געהאַט גענוג צייט צו שלאָפן און רוען. צו דעם האַרטן געלעגער און צום קאַלטן דיל בין איך נאָך פון פריער געווען צוגעוואוינט. ווען איך בין באַפרייט געוואָרן האָבן די חברים באַוואונדערט מיין גוטן אויסזען. איך בין אַרויס פון טורמע אַ סך קרעפטיקער און געזונטער איידער ווען איך בין אַרעסטירט געוואָרן.

אונדזער דעמאָנסטראַטיווע אויפפירונג אין טורמע איז געווען ניט באַרעכנט און האָט אונדז געבראַכט בלויז שאָדן. אונדזערע שטענדיקע קריגערייען מיט די וועכטערס און מיט די אויפזעערס, די רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס מיר פלעגן שטענדיק זינגען, האָבן סותר געווען אונדזערע דערקלערונגען אויף די

פאַרהערן, וואו מיר פלעגן לייקענען שטיין און בײַן. דאָרטן האָבן מיר זיך דער־קלערט אינגאַנצן אומשולדיק, אין טורמע גופא האָבן מיר זיך אָבער אויפגעפירט אַזוי ווי אמתע רעוואָלוציאָנערן. אונדזער אויסרעכענונג איז געווען אַז מיר זײַנען דאָך שוין סײַ ווי אונטערן שלאָס און ריגל, דאַרפֿן מיר זיך דעריבער שוין מער ניט אויסבאַהאַלטן. מיר דאַרפֿן בעסער דעמאָנסטרירן אונדזער מוט און אַנטשלאָסנקייט. מיר דאַרפֿן זיך בלויז היטן ניט צו פאַרשיטן אַנדערע חברים וואָס זײַנען נאָך אויף דער פרײַ. דאָס איז אָבער אויך געווען אַ פאַלשער חשבון ווײַל אין טורמע איז מיט אונדז אָפט געזעסן אַ פאַרשטעלטער שפּיאָן.

אַזוי איז עס אויך געווען אין אַנדערע שטעט און אין אַנדערע טורמעס. מען פלעגט אַלץ לייקענען אויף די אויספאָרשונגען. אין טורמע גופא פלעגט מען אָבער דעמאָנסטרירן די רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען. מען האָט ניט געוואָלט אָפּשטיין פון די חברים, וואָס זײַנען שוין געווען פאַרמשפּט. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשע אויסרעכענונג. די פאַרמשפּטע האָבן דאָך שוין ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, אונדזער שולד האָט אָבער נאָך ערשט געדאַרפט באַ־וויזן ווערן. מיר האָבן דעריבער געדאַרפט זײַן מער פאָרזיכטיק אין טורמע. עס איז אָבער שוין געווען אַזאַ טראַדיציע און מען האָט עס אויפגעפאָלגט גאַנץ בלינד.

## די אויספאָרשונגען

אויף די אויספאָרשונגען האָב איך געלייקנט אַלע באַשולדיקונגען קעגן מיר. אפילו די גאָר קלאָרע באַווייזן האָב איך אויך אינגאַנצן אָפּגעלייקנט. די פאַרטיי האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אינסטרוקציעס ווי צו האַלטן זיך אויף די אויס־פאָרשונגען. זי האָט פאַראָרדנט אָפּצוזאָגן זיך פון געבן ענטפערס, ווײַל איין כלומערשט אומשולדיקע פראַגע פירט צו אַ צווייטער, און צו אַ דריטער. זיי אַלע פירן אָבער צו איין ציל, — אויסצוגעפינען אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, פאַר־בינדונגען מיט אַנדערע שטעט, פעסטשטעלן די מעטאָדן און טאַקטיק פון דער באַוועגונג, און אַזוי ווײַטער. אַלע פאַרענטפערונגען פון דעם אַרעסטירטן וועלן אים סײַ ווי ניט העלפן, זיי קענען אים אָבער פאַרפּלאָנטערן און קענען טיילמאָל פאַרשיטן אַנדערע חברים. דעריבער דאַרף פאַרשלאָסן ווערן די טיר צו אַלע פראַגן גלײַך אין אָנהייב.

בײַ די דאָזיקע אָנווייזונגען האָב איך זיך פעסט געהאַלטן. בײַ אַלע אויס־פאָרשונגען האָב איך גאָרניט געענטפערט און אַלץ געלייקנט. איך האָב גע־וואוסט, אַז פאַר מײַן האַלטונג וועל איך דאַרפן באַצאָלן א גרויסן פרײַז, איבער־הויפּט ווען דאָס שווײַגן קומט לויטן באַפעל פון דער פאַרטיי, (וועגן וואָס די אויספאָרשערס האָבן גוט געוואוסט). פאַר דעם איז מען באַשטראָפט געוואָרן זייער שטרענג דאָס אָפּזאָגן צו ענטפערן איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ גרויסן פאַרברעכן. יעדע ניט פאַרענטפערטע באַשולדיקונג איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר באַשטעטיקט. מיטן שווײַגן האָט מען דאָך קלאָר באַוויזן, אַז אפילו אין טורמע פאָלגט מען אויס די אינסטרוקציעס פון דער פאַרטיי. דערויף האָט די

רעגירונג געענטפערט מיט געפענקעניש און פאַרשיקונג, מיט סיביר און קאַ־טאָרגע. איך האָב אָבער שטרענג אויסגעפאָלגט די פּאַרטיי־אינסטרוקציעס. מיין אויספאָרשונג איז דעריבער גיך אָפּגעשלאָסן געוואָרן. זיי האָבן מיין עניין אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג. מיך האָבן זיי דערווייל באַפרייט פון טורמע אונטער פּאָליציייאישער אויפזיכט. זיי האָבן מסתמא געוואָלט נאָכשפּירן מיט וועמען איך טרעף זיך, כדי צו קענען מאַכן נייע אַרעסטן.

איך האָב זיך געריכט אויף אַן אורטייל פון פאַרשיקונג קיין סיביר. דעריי־בער האָב איך זיך דעמאָלט איבערגעשריבן מיט מיינע חברים אין ביאַלאָסטאָק וועגן אַריבערפאָרן דאָרט און מיטאַרבעטן אין דער דאָרטיקער באַוועגונג.

## מיין פאַרדאַכט

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָט דער זובאַטאָווסקער אַרעסט, פאַרכאַפּט כמעט דעם גאַנצן שטאָטישן קאָמיטעט און די פירערס פון אַלע פאַכן. בלויז צוויי מיטגלידער זיינען צופעליק פאַרבליבן אויף דער פריי. מען האָט געמוזט אויף שנעל צוזאַמענשטעלן אַ נייעם קאָמיטעט. די פאַרבליבענע טוערס זיינען אָבער געווען ווייניק דערפאַרן. דער נייער קאָמיטעט איז דעריבער געווען זייער אַ שוואַכער. נאָך מער האָט עס זיך געלאָזט פילן אין אַזאַ קריטישער צייט. ניט אַלע האָבן פאַרדינט געניג צוטרוי צו זיין אין קאָמיטעט. צווישן זיי האָט זיך געפונען איינער, וואָס מיט יאָרן שפּעטער, האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן חשדים קעגן אים, אַז ער האָט געדינט דער פּאָליציי.

דאָס זיינען מיינע חשדים קעגן אים, ווי איך זע זיי איצט: ער האָט גע־וואוינט צוזאַמען מיט זיין מוטער און עטלעכע שוועסטער. זייער הויז איז שטענ־דיק באַזוכט געוואָרן פון אונדזערע חברים. דאָרטן איז געווען אַ מין זאַמלונג־פּלאַץ פאַר דער באַוועגונג. אַהינצו פלעגן די חברים שטענדיק קומען און גיין. דאָס הויז האָט זיך דעריבער געמוזט וואַרפן אין די אויגן פון די שפּיאָנען. פונדעסטוועגן איז דאָרטן קיינמאָל ניט פאָרגעקומען קיין הויז־זוכונג אָדער אַרעסט.

ווען איך בין נאָך געזעסן אין קאַרצער, פלעגט ער אָפט קומען צו מיין פענצטער. ער פלעגט ריידן מיט מיר אַ היפּשע צייט. דורך די גראַטעס, פלעגט ער מיר אויך איבערגעבען ביכער צום לייענען. דער קאַרצער איז געווען כמעט אַנטקעגן דער פּאָליציי־געביידע. פּאָליציי און שפּיאָנען פלעגן זיך דאָרטן שטענ־דיק אַרומדרייען, קיינער האָט אים אָבער קיינמאָל ניט געטשעפּעט; אין קאַר־צער האָב איך אָנגעשריבן אַ פּראָקלאַמאַציע אין נאָמען פונעם קאָמיטעט. איך האָב זי אים געגעבן איבערצושיקן עס צו דער פּאַרטיי אין מינסק. די פּראָק־לאַמאַציע איז אין ערגעץ ניט אָנגעקומען; אַ סך פון די באַווייזן, וואָס מיינע אויספאָרשערס האָבן פאָרגעבראַכט קעגן מיר, האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם דאָזיקן בחור, פונדעסטוועגן האָט מען אים קיינמאָל ניט אַרעסטירט. ער האָט איינמאָל אַראַנזשירט אַ באַראַטונג ביי דעם ברעג פון אַ טייכל. ווען ער האָט אונדז געפירט צו דעם אָרט האָבן אונדז שפּיאָנען פאָטאָגראַפירט פונעם גע־

דיכטן װעלדל. מען האָט מיר די פֿאָטאָגראַפֿיע געװיזן אויף דער אויספֿאָרשונג; ער האָט איינמאָל זיך אָפּגערעדט צו טרעפֿן זיך מיט מיר אויף אַ באַשטימטן אָרט, פֿון דאָרטן האָט ער מיך געפֿירט צו אַ דערבייאיקן הויף, װאו מיר האָבן באַגראָבן דעם העקטאָגראַף צוזאַמען מיט די מכשירים אונטער אַ פֿאַרלאָזענעם שפּייכלער. אויף מאָרגן, װען איך בין געקומען עס נעמען, איז עס שוין דאָרטן ניט געװען. אויך דעם העקטאָגראַף האָט מען מיר געװיזן בעת די אויספֿאָרשונגען. ער האָט מיך אַמאָל אַװעקגעפֿירט אין אַ פּריװאַטער קיך, װאו מען סערװירט גוטע מאָלצייטן פֿאַר זייער ביליק. שפּעטער בין איך אַליין געגאַנגען אַהינצו עטלעכע מאָל. די קיך איז געװען אַ שפּיאָנען־נעסט, דאָס איז מיר קלאָר געװאָרן לויט די פֿראַגעס אויף די אויספֿאָרשונגען. װען איך בין שוין געזעסן אין טורמע, איז ער איינמאָל אַריינגעקומען צו מיר אין צעל. ער איז געקומען, האָט ער געזאָגט, אויסצוגעפֿינען אויב מען דאַרף ניט פֿאַרריכטן די שויבן. דאָס האָבן דאָך געקענט זען די װעכטער אַליין, און װי קומט ער דערצו? ער איז דאָך ניט קיין גלעזער און האָט אפֿילו ניט די נויטיקע געצייג פֿאַר דעם. און װי אַזוי האָט ער געקראָגן אַ דערלויבעניש צו באַזוכן מיך? דער װעכטער האָט אים אַריינגעלאָזט אין מיין צעל און איז אַליין פֿאַרשװאונדן. מיר זיינען פֿאַרבליבן צוזאַמען אַ היפּשע װיילע. אַזאַ זאַך דערלויבט מען דאָך קיינעם ניט; ער האָט מיר אויסדערציילט זיין גאַנצע העלדישקייט: װי אַזוי ער האָט אַרויסגעקראָגן די אומלעגאַלע ליטעראַטור פֿונעם פּראַכט־הויז און װי אַזוי ער האָט אויסגעכיטרעװעט די פּאָליציי און די װעכטערס. ער האָט געזאָגט, אַז איך קען דורך אים שיקן אַ בריװ צו װעמען איך װיל. װען ער װעט קומען אַ צװייטן מאָל, װעט ער נעמען דעם בריװ. אין אַ װאָך אַרום איז ער װידער געקומען. ער איז װידער פֿאַרבליבן אין מיין צעל אָן דעם װעכטער. װי אַזוי זשע האָט ער װידער געקראָגן א דערלויבעניש צו באַזוכן מיך נאָכאַמאָל? — איך האָב אים געגעבן מיין בריװ אָפּצושיקן צו מיינעם אַ קרוב אין פּעטערבורג. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך זיך דערװאוסט, אַז מיין בריװ איז קיינמאָל ניט אָנגעקומען.

אין עטלעכע יאָר אַרום, װען איך בין שוין געװען אין לאָנדאָן, איז ער אויך געקומען אַהינצו. ער איז אָבער געקומען ניט אַלס אַן אַנטלאָפֿענער נאָר אַלס אַ באַזוכער. ער האָט זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אַרום זעקס־זיבן מאָנאַטן. קיין אַרבעט האָט ער ניט געזוכט. ער פֿלעגט קומען צו אַלע אונדזערע פֿאַרזאַמלונגען און פֿאַרװיילונגען. ער פֿלעגט אָפֿט באַזוכן די דרוקעריי פֿון בונד. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט עפּעס אַ „דראַמע”, װאָס װער ניט איז האָט פֿאַר אים אָנגעפּאַטשקעט. דערמיט האָט ער מסתמא געװאָלט צוקומען צו די העכערע קרייזן. ער האָט געפֿאָדערט, אַז דער בונד זאָל עס פֿאַר אים דרוקן. זיי האָבן זיך אָבער מיט דעם ניט געװאָלט פֿאַרנעמען און זיי האָבן אים איבערגעשיקט צו מיר. זיין „דראַמע” האָט ניט געהאַט קיין אינהאַלט, קיין שפּראַך, קיין זין און קיין װערט. ער איז שפּעטער צוריקגעפֿאָרן קיין רוסלאַנד.

עס שטעלט זיך די פראַגע, נאָך וואָס איז ער געקומען? וואו האָט ער גענומען דאָס געלט אויף צו פאָרן אַהין און צוריק? וואו האָט ער גענומען אויף צו לעבן אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין לאָנדאָן? אין לאָנדאָן האָבן זיך דעמאָלט געפונען עטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכע וויטעבסקער בונדיסטן, וואָס האָבן אים גוט געקענט. זיי האָבן אויך געוואוסט אַ סך פון די פאַקטן, וואָס רופן אַרויס מיין איצטיקן פאַרדאַכט. קיינער האָט אים אָבער קיינ־מאָל ניט פאַרדעכטיקט. ווען איך האָב זיך אָבער פאַרנומען צוזאַמענבינדן די פאַקטן פאַר מיינע „זכרונות" און אָפּשאַצן די פּאַסירונגען, זיינען פאַר מיר אַרויס געשוואומען די דאָזיקע ספקות און פאַרדאַכטן. איך וויל ניט דערמאָנען זיין נאָמען. קיין זיכערע באַווייזן קעגן אים האָב איך דאָך ניט. מיין חשד איז דאָך געבויט בלויז אויף אויסטייטשונגען. מיין געוויסן פּלאָגט מיך אָבער אויך איצט. איך האָב דאָך אים אַריינגעבראַכט אין וויטעבסקער קאָמיטעט פון בונד.

# אין ביאַלאָסטאָק

אָנהייב 1901, בין איך באַפרייט געוואָרן פון טורמע אונטער דעם אויפ־זיכט פון דער פּאָליציי. מיין אורטייל האָט געדאַרפט אָנקומען פון פּעטערבורג. צוויי מאָל אַ וואָך האָב איך געמוזט קומען זיך מעלדן אין דער פּאָליציי. עס איז פאַר מיר געווען גאַנץ אומבאַקוועם אָנצושטויסן זיך אויף די שפּיאָנען און זשאַנדאַרן אויף יעדן טריט און שריט. נאָכן אַרעסט האָבן זיי דאָך אַלע מיך גוט געקענט. נאָך ערגער איז געווען דאָס וואָס איך האָב ניט געקענט גיין צו קיינעם אָדער באַגעגענען זיך מיט עמיצן. איינער פון די זשאַנדאַרן פלעגט מיך גאַנץ אָפט אָפּשטעלן אין גאַס. ער פלעגט מיך פריינטלעך באַגריסן און נאָך־פרעגן זיך, וואָס איך טו, און ווי איך פאַרברענג מיין צייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז דאָס אַלץ געווען זייער דערווידער. איך האָב דעריבער געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין ביאַלאָסטאָק. איך האָב אָנגעוויזן, אַז איך קען דאָרטן קריגן אַרבעט. די דערלויבעניש האָב איך באַלד געקראָגן. די פּאָליציי איז געווען זייער גערן פּטור צו ווערן פון מיר. דאָס האָט דאָך איר פאַרשפּאָרט אַרבעט.

אין ביאַלאָסטאָק בין איך אויך געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער דאָרטיקער פּאָליציי. די שפּיאָנען האָבן מיך אָבער דאָרטן ניט געקענט. די זשאַנדאַרן האָבן זיך ניט געפריינדלט צו מיר. געווען נאָר איין פאַל, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו פאַרקלאָגן זיך צו דער וויטעבסקער זשאַנדאַרסקער פאַר־וואַלטונג. איינעם פון די ביאַלאָסטאָקער זשאַנדאַרן איז איינגעפאַלן צו מאַכן אַ רעוויזיע אין מיין צימער, אין מיין אָפּוועזנהייט. דאָס האָט נאַטירלעך אָפּ־געשראָקן די מענטשן ביי וועמען איך האָב געוואוינט. איך האָב פּראָטעסטירט צו דער זשאַנדאַרמסקער פאַרוואַלטונג אין וויטעבסק (ווייל זי האָט געהאַט די

דעה איבער מיר), איך האָב זיך באַקלאָגט אַז צוליב דער רעוויזיע מוז איך פאַר־לאָזן מיין צימער. אינגיכן איז אָנגעקומען אַ באַפעל אַז מען זאָל מיך לאָזן צורו. דער זשאַנדאַרמסקער אָפיצער האָט מיר דעמאָלט פאַרזיכערט אַז מער וועט אַזויגס ניט פּאַסירן.

ביאַלאָסטאָק איז דעמאָלט געווען דער אָרגאַניזאַציעלער צענטער ניט בלויז פאַר דער אַרומיקער געגנט. עס איז אויך געווען די היים פון דעם צענ־טראַל־קאָמיטעט פון בונד. דאָרטן האָבן געוואוינט ד״ר פאַוול ראָזענטאַל און זיין פרוי אַנאַ (אין דער באַוועגונג האָט מען זי גערופן יהודית), ביידע זיינען זיי געווען מיטגלידער פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט. נח, און גאַנצע פלעגן זיי אָפט באַזוכן. ביינוש מיכאַלעוויטש האָט זיך דעמאָלט מערסטנטייל געפונען אין ביאַלאָסטאָק. צו ד״ר ראָזענטאַלן האָבן זיי געקענט קומען און גיין גאַנץ אומ־געשטערט. ער איז דאָך געווען אַ באַרימטער דאָקטאָר אין שטאָט, צו אים פלעגן דאָך קומען אַלערליי באַזוכערס. ביי אים אין הויז פלעגן דעריבער פאָרקומען זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט.

די שטאָט איז געווען אַזוי ווי אויסגעפּלאַנט פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון די רעוואָלוציאָנערן. אין דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל זיינען געווען אַ סך דורכגאַנגס־הויפן. דורך זיי האָט מען געקענט ארויסגיין צו פאַרשיידענע גאַסן. אַ סך פון די הייזער זיינען געווען באַוואוינט פון זיבעציק־אַכציק איינוואוינער. קיין סטרוזשעס און קיין פאַרשלאָסענע טויערן, ווי אין פּעטערבורג אָדער וואַר־שע, זיינען דאָרט ניט געווען. ווען איינער האָט זיך געדאַרפט אַרויסדרייען פון אַ שפּיאָן האָט ער בלויז געדאַרפט אַריינגיין אין אַזאַ הויף. דער שפּיאָן האָט אים שוין דאָרט ניט געקענט אויסגעפינען. ער האָט ניט געקענט וויסן אין וועלכער וואוינונג דער חבר איז אַריין, ער האָט אויך ניט געקענט טרעפן אין וועלכער גאַס ער איז אַנטלאָפן. דאָס איז טאַקע געווען די סיבה פאַרוואָס עט־לעכע צוזאַמענפאָרן פון בונד און א סך פון זיינע באַראַטונגען זיינען פאָרגעקו־מען אין ביאַלאָסטאָק.

ווען איך בין געקומען קיין ביאַלאָסטאָק האָט שוין די שטאָט פאַרמאָגט אַ פאַרצווייגטע אַרבעטער־באַוועגונג. עטלעכע פאַכן האָבן שוין געהאַט שטאַר־קע אָרגאַניזאַציעס. די פאַראיינען פון די וועבער־אינדוסטריע זיינען שוין געווען פעסט איינגעוואָרצלט אין דעם אָרטיקן אַרבעטער־לעבן. עס זיינען שוין פאָרגע־קומען דערפאָלגרייכע סטרייקס. דער גאַרבער־בונד האָט קאָנטראָלירט די אַר־בעטס־באַדינגונגען אין דער גאַנצער אומגעגנט. זיין הויפּט־פעסטונג איז געווען אין סמאַרגאָן, אין קרינקי, אין גראָדנע און אין ביאַלאָסטאָק. דער גאַרבער־בונד איז שנעל געוואַקסן אין צאָל און אין איינפלוס. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן זיין אייגענע פעריאָדישע צייטונג. דאָס ערשטע אָרט האָט אין ביאַלאָסטאָק פאַר־נומען די וועבער־אינדוסטריע. עס זיינען אָבער אויך פאָרגעקומען אָפטע רע־וויזעס, אַרעסטן און פאַרשיקונגען, בעת איינעם אַ סטרייק זיינען א סך פון די פירערס אַרעסטירט געוואָרן און אַ טייל זיינען פאַרשיקט געוואָרן.

אַחוץ דעם בונד איז אין ביאַלאָסטאָק דעמאָלט געווען אויך אַ גרופּע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן (ס. ר.); אַ קליינע גרופּע אַנאַרכיסטן האָט זיך שוין אויך געטומלט. די פּוילישע סאָציאַליסטן (פּ. פּ. ס.) האָבן שוין פאַרמאָגט דאָרטן אַ גאַנץ איינפלוסרייכע אָרגאַניזאַציע. דער בונד האָט זיך מיט זיי אַלעמען געמוזט שטאַרק רעכענען.

אינגיכן האָב איך געקראָגן אַרבעט ביי אַ בוכבינדער. איך האָב זיך באַלד פאַרנומען צו אָרגאַניזירן דאָס פאַך. די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען דאָ געווען אַ סך בעסער, ווי אַמאָל אין דווינסק און אין וויטעבסק. קיין נאַכט־אַרבעט האָט שוין דאָ ניט עקזיסטירט, די אַרבעט־צייט איז געווען אַ גאַנץ לאַנגע, אָבער פאָרט אַ באַגרעניצטע, ווייל דאָס פאַך האָט שוין דורכגעמאַכט אַ דערפאָלגרייכן סטרייק מיט אַ יאָר פריער. די שכירות זיינען אָבער נאָך אַלץ געווען זייער קליין.

קיין שטענדיקע אָרגאַניזאַציע האָבן די ביאַלאָסטאָקער בוכבינדער ביז דעמאָלט ניט געהאַט; צוליב די פּאַרטיי־רייסערייען מיט דער פּ. פּ. ס. נאָך מיין קומען, האָבן מיר אָבער געגרינדעט אַ פאַראיין און איינגעשטעלט אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן באַלד אַרויסגעשטעלט נייע פאָדערונגען, מיר האָבן אָבער געמוזט פאַר זיי סטרייקן. עס האָט ניט לאַנג גענומען און מיר האָבן געוואונען אַלע אונדזערע פאָדערונגען.

## אינערלעכע דעמאָקראַטיע

אַרום 1901 האָט זיך פאַרנאַנדער געוואָקסן אַ געוויסע אומצופרידנקייט אין די רייען פון בונד. עס האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַן אָפּאָזיציע צו זיין אינערלעכער פירונג. אין עטלעכע ערטער איז זי געווען אַ מילדע, אין אַנדערע שטעט איז עס אָבער דערגאַנגען ביז צו אַ שאַרפער קעגנערשאַפט. עס איז אפילו דערגאַנגען ביז צו פאַלן פון דירעקטע שטערונגען אין דער אַרבעט. אויך אין ביאַלאָסטאָק איז געווען אַ געוויסע אומצופרידנקייט מיט דער פירערשאַפט. אייניקע חברים האָבן ניט געקענט פאַרליידן דאָס פעלן פון אינערלעכער דעמאָקראַטיע. זיי האָבן געפילט, אַז זייער גאַנצע אַרבעט האָט קיין אָנזען ניט און אַז אַלץ ווערט פאָראויס באַשלאָסן פון אויבן, זייערע אייגענע מיינונגען קענען כמעט גאָרניט ענדערן.

די אָפּאָזיציע אין ביאַלאָסטאָק איז אָבער געווען אַ מילדע און א חברשע. זיי האָבן די גאַנצע צייט מיטגעאַרבעט מיט דעם אָרטיקן קאָמיטעט כאָטש זיי האָבן געהאַט טענות קעגן אייניקע פירערס. צו מיר האָבן זיי גראָד געהאַט צוטרוי. איך בין דאָך אַליין אויך געווען פאַר מער אינערלעכער דעמאָקראַטיע. גאַנץ אָפט האָב איך דאָס געפאָדערט פון די פירנדיקע קרייזן. צווישן די אומצופרידענע פלעג איך אָבער פאַרענטפערן די אָנפירונג. איך פלעג זיי דערוויזן אַז פולע דעמאָקראַטיע איז אוממעגלעך אונטער די אומלעגאַלע צאַרישע באַדינגונגען. עס איז דעריבער אויסגעקומען, אַזביידע צדדים האָבן מיך גענוצט פאַר זייער פאַרמיטלער.

מיינע פֿאָדערונגען פֿאַר מער אינערלעכע דעמאָקראַטיע זיינען אָבער ניט געווען צום האַרצן די מיטגלידער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט. מיין גאַנצע אויפֿפֿירונג איז געווען פֿאַר זיי אומפֿאַרשטענדלעך; איך בין פֿאַר זיי געווען צו זעלבסשטענדיק. ווען איך בין געקומען קיין ביאַלאָסטאָק האָב איך זיך אפֿילו ניט געמאָלדן צו זיי. קיין רעקאָמענדאַציעס האָב איך אויך ניט מיטגעבראַכט. איך בין געקומען צו די אַרבעטער ווי אַן אייגענער מענטש. עטלעכע פֿון מיינע אַלטע וויטעבסקער חברים האָבן מיך באַלד אַריינגעשלעפּט דירעקט אין שטראָם פֿון דער באַוועגונג. אַזוי האָב איך זיך דאָך אויך געפֿירט אין וויטעבסק, אין פּעטערבורג און אין דווינסק. איך האָב אַליין אָנגעהויבן וועבן די ערשטע פּע־דים און אָרגאַניזירט וואָס עס האָט זיך געלאָזן. שפּעטער האָב איך דאָס, וואָס איך האָב געשאַפֿן, פֿאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע. מיין אַלטע געוואוינהייט אויסצומיידן אויטאָריטעטן און רעקלאַמע, איז אין יענע ערטער וואו איך בין געווען צווישן די ערשטע טוערס, געווען גאַנץ נאַטירלעך. דאָ, אין ביאַלאָסטאָק, איז אָבער שוין די גאַנצע באַוועגונג געווען פֿעסט אָרגאַניזירט און קאָנטראָלירט ווען איך בין דאָרטן געקומען. מיין האַלטונג איז דעריבער געווען פֿאַר זיי מאָדנע. קיין בייז האָבן זיי דערין ניט געזען, זיי האָבן דאָך גע־קענט מיין פֿאַרגאַנגענהייט און האָבן געוואוסט מיין ווערט פֿאַר דער באַוועגונג. זיי האָבן אָבער מסתמא מורא געהאַט אַז מיין איינשטעלונג קען מיך שפּעטער פֿירן צו קעגנערשאַפֿט. זיי האָבן דעריבער ניט געוואָלט פֿאַרטרויען מיר קיין מער פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט צווישן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

ביי אַ געוויסער באַראַטונג האָט מען פֿאַרטיילט די אָנפֿירונג פֿון די פֿאַכן. איך האָב פֿאַרלאַנגט אַ וויכטיקן פֿאַך. מען האָט עס אָבער מיר ניט געגעבן. מען האָט דורכאויס געוואָלט אַז איך זאָל אָנפֿירן מיט דער אַרבעט צווישן די קריסטן. אַזאַ אַרבעט האָט אָבער ניט געהאַט קיין גרויסן באַטייט, איך האָב דאָך שוין געהאַט מיין ביטערע דערפֿאַרונג צווישן די קריסטלעכע שוסטערס אין וויטעבסק.

ביי אַ באַראַטונג פֿון די קולטור־טוערס האָב איך פֿאָרגעשלאָגן מען זאָל פֿאַרטיפֿן די אַרבעט. מען זאָל אָפּדרוקן אַ שטודיר־בוך וועגן דער טעאָריע און פּראַקטיק פֿון רעוואָלוציע. יעדער איינער פֿון די בילדונגס־קרייזן זאָל עס קע־נען אַדורכגיין אין לעקציעס. יעדער מיטגליד זאָל דאָס בוך דאַרפֿן איינשטודירן און קענען ענטפֿערן אויף אַ פֿאַרהער. דאָס וואָלט געגעבן אונדזער אויפֿקלערונג אַ דויערהאַפֿטן ווערט. מיין פֿאָרשלאַג איז אפֿילו ניט דערלאָזט געוואָרן צו דע־באַטירן.

אויף דער נאָענסטער באַראַטונג איז די פֿאַרשטייערן פֿונעם צענטראַל־קאָ־מיטעט אַליין, חברטע אסתר פֿון לאָדזש, געקומען מיט דער זעלבער פֿראַגע. עס איז געווען קלאָר אַז פֿון אויבן האָט מען שוין געגעבן די דערלויבעניש צו באַטראַכטן מיין פֿאָרשלאַג. איך האָב אָבער אַזאַ זאַך ניט געקענט פֿאַרטראָגן. אויב יעדע פֿראַגע מוז פֿריער באַשלאָסן ווערן „פֿון אויבן", דאַרף מען זיי דאָך ניט ברענגען צו די אָרגאַניזאַציעס צום פֿאַרהאַנדלען. דער אָנשטעל איז ניט

בויטיק און איז אינגאַנצן איבעריק. פון דעם פאָרשלאַג איז סוף כל סוף גאָרניט אַרויסגעקומען. מיר האָבן דאָך ניט געהאַט די אינטעליגענטע קרעפטן צו קענען זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ גרויסער אַרבעט.

אויף די באַראַטונגען איז עס אָפט געווען ד"ר ראָזענטאַל אַליין פון וועמען מיר פלעגן זיך דערוויסן וועגן אַזעלכע פאַרטיקע באַשלוסן. ער האָט זיך אין אַזעלכע פאַלן ניט געהיט. זיין פרוי, יהודית (אַנאַ) איז שוין געווען גאַנץ אַנ־דערש. זי איז געווען קלוג, ענערגיש און טאַקטיש. זי איז געווען דערפאַרן, פּראַקטיש און דערצו נאָך אַ גרויסע „פּאָליטישן". ניט אומזיסט פלעגן מיר זי אַזוי שטאַרק פאַרגעטערן, כאָטש מיר פלעגן אָפט מוזן באַקעמפן אירע מיינונגען.

## געגנערישע ריכטונגען

דער בונד האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַן אָנגעשטרענקטער לאַגע, ער האָט זיך געדאַרפט פאַרטיידיקן קעגן אַ גאַנצער ריי קעגנערישע ריכטונגען. אין ביאַלאָסטאָק האָט ער אין יענער צייט געהאַט קעגן זיך אַ סך פאַרטייען און גרופּעס: די פּוילישע סאָציאַליסטן (די פּ. פּ. ס.), וואָס האָבן געהאַלטן אַז יידן זיינען ניט קיין פאָלק און האָבן ניט קיין רעכט צו פאָדערן נאַציאָנאַלע אויטאָ־נאָמיע; די ציוניסטן, וואָס האָבן געגלויבט אַז יידן קענען אין גלות קיין צו־קונפט ניט דערוואַרטן און זיי מוזן דעריבער שטרעבן צו אַן אייגן לאַנד; די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן (ס. ר.), וואָס האָבן ניט געגלויבט אין כוח פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון קלאַסנקאַמף, זיי האָבן דעריבער געהאַלטן פון אינדי־ווידועלן טעראָר; די אַנאַרכיסטן, וואָס האָבן געפּריידיקט „פּראָפּאַגאַנדע דורך טאַט", פרייע ליבע און אומבאַגרעניצטע פערזענלעכע פרייהייט; די אָרטאָ־דאָקסישע יידן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די בונדיסטן זיינען קיין יידן ניט. מען דאַרף זיי אויסראָטן און מען מוז אויספאָלגן אַלע געזעצן פון לאַנד; און — פאַר־שטייט זיך — די צאַרישע רעגירונג, מיט איר פּאָליציי און שפּיאָנען. אויף אַלע פראָנטן האָט זיך דער בונד געדאַרפט פאַרטיידיקן און פירן אַן אידעאָלאָגישן קאַמף. אין פּראָצעס פון דעם דאָזיקן קאַמף, האָט ער געמוזט קלאָר מאַכן זיין פּראָגראַם. ער האָט געמוזט כסדר שלייפן זיין טאַקטיק און די מעטאָדן פון זיין אַרבעט.

פון דער אַלגעמיינער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, האָט ער אויך קיין גרויס נחת ניט געהאַט. אין רוסלאַנד איז זי געווען גאַנץ שוואַך און צעשפּליטערט. אין אירע אויסלענדישע גרופּעס האָט עס געהאַלטן ביי אַ שפּאַלטונג. איך געדענק דעם שווערן איינדרוק, וואָס עס האָט אויף אונדז גע־מאַכט פלעכאַנאָווס האַנדלונג אין שווייצאַריע. עס האָט זיך דעמאָלט אַנטוויקלט אַ שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידנקייט אין דער רעדאַקציע פון דעם פאַרטיי זשור־נאַל „ראַבאָטשע דעלאָ".ביידע צדדים האָבן געזוכט צו קריגן דעם קאָנטראָל איבער דער דרוקעריי. זי איז אָבער געווען פאַרשריבן אויף פלעכאַנאָווס נאָמען, האָט ער זיך באַנוצט מיט דער דאָרטיקער פּאָליציי צו פאַרטרייבן זיינע קעג־

נערס. אויף אונדז האָט עס דעמאָלט געמאַכט אַ מוראדיקן איינדרוק. מיר האָבן ניט געקענט באַרעכטיקן אַז מען זאָל באַנוצן פּאָליציי צו אַנטשיידן אין פראַגן פון סאָציאַליסטישער פּראָגראַם און טאַקטיק.

## די נאַציאָנאַלע פראַגע

סוף זומער 1901 איז אין ביאַלאָסטאָק פאָרגעקומען דער צוזאַמענפאָר פון בונד. דאָרטן איז עס אָנגענומען געוואָרן די באַרימטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם. מיין אייגענע שטעלונג איז געווען קעגן. איך בין געווען פאַר קולטורעלער אויטאָנאָמיע, — דאָס קען דאָך ניט קומען אין קאָנפליקט מיט די אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די באַצייכענונג נאַציאָנאַל־קולטערעלע אויטאָנאָמיע האָב איך אָבער ניט געקענט אָננעמען, פאַר מיר איז עס געווען ניט ווייט פון שאָוויניזם, פון דעם אַלטן אתה בחרתנו. עס האָט מיר אויסגעזען צו זיין קעגן די אידייען פון מאַרקסיזם. די גאַנצע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז דאָך אויך געווען קעגן דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. צוליב דעם האָט דאָך דער בונד געמוזט שפּעטער (אין 1903) פאַרלאָזן די פּאַרטיי. צווישן די חברים אין בונד זיינען אָבער געווען מיינונגס־פאַרשיידנקייטן וועגן דער פראַגע. אין דעם „אידישן אַרבעטער" זיינען דער־שינען עטלעכע אַרטיקלען וועגן דעם. איינע איז געווען פון בן איהוד (ד"ר זשיט־לאָווסקי). צו די ביאַלאָסטאָקער פּאַרטיי־גרופּעס איז אָבער די פראַגע נאָך ניט דערגאַנגען.

נאָך דעם צוזאַמענפאָר האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט גענומען פּאָפּולאַ־ריזירן די נייע פּראָגראַם. מען האָט דעריבער פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַ דרייסיק אָפּגעקליבענע חברים צו דעבאַטירן און באַשליסן וועגן דער נייער פּראָגראַם. פאַקטיש איז עס אָבער געווען אַ פאַרזאַמלונג בלויז איבערצוגעבן דאָס וואָס עס איז שוין באַשלאָסן געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר. ווען מיר וואָלטן אפילו באַשלאָסן קעגן, וואָלט עס דאָך אויך קיין ווערט ניט געהאַט. די אָרטי־קע קאָמיטעטן האָבן דאָך ניט געקענט ענדערן אַ באַשלוס פון צוזאַמענפאָר.

עס זיינען דעמאָלט אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס די הויפּט־פירערס פון צענטראַל־קאָמיטעט, — נח, ד"ר ראָזענטאַל, ביינוש, אַנאַ ראָזענטאַל און אַנדע־רע, וועמענס נעמען מיר האָבן ניט געוואוסט. זיי האָבן באַגרינדעט די נייע פּראָגראַם מיט פאַקטן און אַרגומענטן. זיי האָבן זי פאַרטיידיקט מיט אויספיר־לעכע ציטאַטן פון מאַרקסיסטישע דענקערס און שרייבער. איך האָב דעבאַטירט קעגן דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, איך בין אָבער געווען צו שוואַך און הינטערשטעליק פאַר אַזאַ שווערע אויפגאַבע. איך האָב זיך ניט געקענט פאַר־מעסטן קעגן די קאַרפּן־קעפּ פון דער בונדישער באַוועגונג. עס האָבן מיר גע־פעלט זייער וויסן און זייער דערפאַרונג. איך האָב געהאַט די פולע פרייהייט אַרויסצוברענגען מיינע קעגנערישע אַרגומענטן; זיי זיינען אָבער אַרויסגעקומען בלאַס און ווייניק איבערצייגנדיק. איך בין נאַטירלעך איבערגעשטימט געוואָרן.

די פאַרזאַמלונג האָט גוטגעהייסן די נייע פּראָגראַם. נאָך איינער האָט גערעדט קעגן. ער איז אָבער ניט באַשטאַנען אויף זיין מיינונג. אַנדערע האָבן בלויז גע־שטעלט פראַגן.

די דאָזיקע פּאַסירונג האָט מיך שטאַרק פאַרביטערט. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז די פירער צווינגען אויף אונדז אַרויף זייער ווילן. זיי פריידיקן שטענ־דיק דעמאָקראַטיע פאַר דער גאַנצער וועלט. אין דער זעלבער צייט פאַרגוואַל־טיקן זיי אַליין די דעמאָקראַטישע רעכט פון די מיטגלידער. זיי האָבן דאָך ניט פאַררופן די פאַרזאַמלונג איידער די פראַגע איז באַשלאָסן געוואָרן. זיי זיינען דאָך געקומען צו דער פאַרזאַמלונג מיט אַ פאַרטיקן באַשלוס. היינט צו וואָס טויג אונדז דער גאַנצער אָנשטעל פון פאָרשלאָגן, דעבאַטירן און שטימען?

איך האָב נאָך שטאַרקער דערפילט מיין אייגענע אומבאַהאָלפנקייט, מיין הילפּסלאָזיקייט ווען עס קומט צו טעאָרעטישע פראַגן פון פּראָגראַם און טאַק־טיק. ווי אַזוי קען איך זיך פאַרמעסטן קעגן אַזעלכע בערן, ווען איך פאַרמאָג ניט דעם נויטיקן וויסן דערצו? — איך האָב געפילט אַז, ווי גערעכט מיין שטע־לונג זאָל ניט זיין, קען איך זי אָבער ניט באַגרינדן ווי געהעריק צו קענען איבער־צייגן אַנדערע. איך האָב דערזען אַז עס פעלט מיר בילדונג און וויסן פאַר אַ ברייטערער טעטיקייט אין דער באַוועגונג. דאָס קען איך אָבער אין רוסלאַנד ניט דערגרייכן. עס האָט דאָך אָבער אויך קיין זין ניט צו אַרבעטן אין דער באַ־וועגונג קעגן די אייגענע איבערצייגונגען. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַוועק־צופאָרן אויף אַ קורצער צייט קיין אויסלאַנד. דאָרטן וועל איך זיך באַקענען מיט דער אייראָפּייאישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָרטן וועל איך קענען לער־נען, שטודירן און באַרייכערן מיין וויסן און דערפאַרונג. אין עטלעכע יאָר צייט וועל איך דאָרטן קענען אַ סך דערגרייכן. שפּעטער וועל איך צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד ווייטער צו פירן מיין טעטיקייט.

איך האָב דעמאָלט אויך זיך געריכט אויף אַ סיביר־אורטייל פון פעטער־בורג. אַזאַ שווערע שטראָף קען פאַרקירצן מיין אַרבעט און מיינע יאָרן. איך האָב אַזאַ סוף געוואָלט אויסמיידן. דאָס אַלץ האָט נאָך מער באַאיינפלוסט מיין באַ־שלוס צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. איך האָב דעריבער אויפגעגעבן מיין אַרבעט אין פאַך און איך האָב אָנגעהויבן געבן לעקציעס פון דער רוסישער שפּראַך פאַר דערוואַקסענע שילער. דערפון האָב איך מיט דער צייט אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט אויף רייזע־קאָסטן. אין מערץ 1902 האָב איך „געגנבעט" די גרעניץ.

איך בין אַריבער די גרעניץ ביי יאַטקון און געקומען קיין דייטשלאַנד. איך האָב גראָד געהאַט אַ גאַנץ לייכטע גרעניץ. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער רוסישער זייט ביי אַ צען ווערסט פון גרעניץ. דאָרטן, ביי אַ היטלמאַכער אין הויז, האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג. מען האָט געדאַרפט וואַרטן ביז וואַנען „אונדזער וואַך וועט „האַלטן" די גרעניץ. מיר זיינען דעמאָלט צוגעפאָרן גאַנץ אָפן צו דעם גרעניץ־שטיבל. מיר האָבן אַלע געהאַט פאַלשע פּעסער אַלס גרעניץ־איינוואוינערס. דער

גרעניץ־באַאַמטער האָט עס גוט געוואוסט, ער איז דאָך אָבער געווען איבער־געקויפט. עס האָט געהייסן, אַז מיר פאָרן קיין דייטשלאַנד צוליב אַרבעט אָדער געשעפט. אַזוי זיינען מיר לייכט אַריבערגעגאַנגען אויף דער דייטש־שישער זייט גרעניץ.

אין אַ וואָך אַרום בין איך שוין געווען אין לאָנדאָן.

# אין לאָנדאָן

אין 1902 איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאָנדאָן געווען זייער אַ שלעכטע. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס. ענגלאַנד איז דעמאָלט געווען פאַר־פלאָנטערט אין אַ שווערער מלחמה קעגן די העלדישע בורן. זי האָט געליטן גרויסע פאַרלוסטן און שווערע דורכפאַלן. דאָס לאַנד האָט דערפון שטאַרק גע־ליטן. בלויז אין די מלחמה אינדוסטריעס האָט מען דעמאָלט געקענט קריגן אַר־בעט. די פּראָדוקציע פון דער ציווילער אינדוסטריע איז פיל געשטערט גע־וואָרן.

לאָנדאָן איז צו יענער צייט געווען איבערפול מיט יידישע אימיגראַנטן פון די מזרח לענדער. די דאָזיקע וואַנדערערס האָבן ניט געקענט קריגן קיין אַרבעט אין די ענגלישע פאַבריקן, ווייל זיי האָבן דאָך ניט געקענט די שפּראַך. קריסטלעכע שעפער האָבן ניט געוואָלט באַשעפטיקן קיין „גרינע״ הענט. זיי פלעגן דעריבער זוכן זייער שטיקל ברויט אין די יידישע שעפער פון ווייטשעפּל און בריקליין. דאָס האָט געשאַפן אַן איבערפלוס פון אַרבעטער אין די קליינע יידישע שעפער. די געלט־גייציקע באַלעבאַטים האָבן דאָס גרינטלעך אויס־גענוצט פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן.

די נאָדל־אינדוסטריע איז דעמאָלט געווען כמעט די איינציקע, וואו די „גרינע״ האָבן געקענט קריגן אַרבעט. זיי האָבן עס אָבער אויך דאָרטן ניט שטענדיק געפונען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס גראַד אין דעם יידישן קוואַרטאַל איז די עקספּלואַטאַציע געווען אומגעהייער גרויס. דאָרטן איז געווען איינגעפירט די סיסטעם פון „סאָב־קאָנטראַקטינג״. די אַרבעט פלעגט אויסגעטיילט ווערן צו די שניידערס, די מאַשינערס און די פּרעסערס. זיי פלעגן קריגן באַצאָלט פון שטיק. זיי אַליין פלעגן אָבער בלויז טאָן דעם מער קוואַ־ליפיצירטן טייל. פאַר די שווערערע און איינפאַכערע טיילן פלעגט יעדערער פון זיי דינגען עטלעכע העלפערס אָדער לערנערס. ער פלעגט זיי צאָלן פון וואָך. די אַרבעטס־צייט איז געווען זעקס טעג אַ וואָך צו צוועלף שטונדן. דער־צו פלעגן נאָך צוקומען עטלעכע איבער־שטונדן דורך דער וואָך, פאַר וועלכע מען פלעגט קיין געצאָלט ניט קריגן. זייערע שכירות זיינען געווען פון דריי ביז פיר שילינג אַ וואָך. די קאָנטראַקטערלעך פלעגן זוכן נאָר די ערשט־

אַריבערגעקומענע, די הילפלאָזע „גרינע". זיי האָבן געמוזט אַרבעטן לאַנגע שטונדן און טאָן די שווערע אַרבעט, ווייל קיין אַנדער אויסוועג האָבן זיי דאָך ניט געהאַט. ווען איינער פלעגט זיך שוין אַביסל אויסגרינען, פלעגט מען אים באַלד אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. עס האָבן שוין געוואַרט געוווג אַנדערע צו פאַר־נעמען זיין פּלאַץ.

אַ לאַנגע צייט האָב איך געזוכט אַרבעט און האָב עס ניט געקענט קריגן. ענדלעך האָב איך עס פאָרט געקראָגן אין אַ שניידער שאַפּ. דאָרטן בין איך געוואָרן אַ העלפער ביי דעם פּרעסער. פאַר דער גאַנצער וואָך אַרבעט, פון 75 ביז 80 שטונדן, פלעג איך קריגן בלויז דריי און האַלב שילינג. דאָס איז ניט געווען גענוג אפילו אויף בלויז שפּייז פאַר איין מענטשן אויף אַ וואָך. אַן אָרעמער מאַלצייט אין דעם ביליקסטן רעסטאָראַן האָט דעמאָלט געקאָסט אַ האַלבן שילינג. דער שאַפּ איז געווען אין אַ פייכטן קעלער פון אַ פּרויען־קליי־דער קראָם. עטלעכע גאַז־לעמפּלעך האָבן זיך דאָרטן געראַנגלט מיט דער פינצטערניש. דריי שווערע פּרעס־אייזנס האָבן זיך שטענדיק געגליט אין די גאַז־אויוונס. די אָנגעברענטע אייזנס פלעג איך דאַרפן אָפּלעשן אין דעם צעבער וואַסער, וואָס איז געשטאַנען דערביי. דער הייסער דאַמף פלעגט דער־ביי אָנבריען מיינע נאַקעטע הענט. נאָך דעם פלעג איך דאַרפן איינטונקן דעם לאַפּן אין די קאַלטע וואַסער פון דעם צעבער. יעדע פינף אָדער צען מינוט פלעג איך דאָס דאַרפן איבערחזרן מיט אַן אַנדער אייזן. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך מיר איינגעגעסן אין די ביינער. איך האָב דאָרטן געאַרבעט בלויז אַ קורצע צייט. מיין רעוומאַטיזם האָט זיך אָבער פאַרערגערט פאַר לאַנגע יאָרן. ענלעך איז אויך געווען די עקספּלואַטאַציע פון די שניידערס און מאַשינערס. זייערע העלפערס פלעגן אויך אַרבעטן אַזוי לאַנג און פלעגן אויך קריגן אַזעלכע קליינע שכירות. אין די שניידער יוניאָנס, האָט מען אונדז העלפערס, ניט אַריינגע־נומען. מיר זיינען דאָך ניט געווען קיין פולע פאַכלייט. די יוניאָנס האָבן אָבער גאָרניט געטאָן אָפּצושטעלן אונדזער ביטערע עקספּלואַטאַציע. זיי האָבן ניט פאַרבאָטן זייערע מיטגלידער צו שינדן פון אונדז די הויט.

## די יידישע יוניאָנס

שטאַרקע יידישע יוניאָנס זיינען דעמאָלט געווען ביי די קאַרפּענטערס און אין דער נאָדל־אינדוסטריע. זייערע מיטגלידער זיינען געווען די שוין האַלב אויסגעגרינטע אימיגראַנטן. קיין העלפערס און לערנערס האָט מען אין די דאָזיקע יוניאָנס ניט אַריינגענומען. אפילו די געאיבטע פאַך־אַרבעטער האָבן געהאַט שוועריקייטן אָנצושליסן זיך אָן דער יוניאָן. די טראַדיציעס פון די היימישע צעכן האָבן אויך דאָ אָנגעהאַלטן זייער ווירקונג.

די יידישע קאַרפּענטערס יוניאָן איז שוין געווען אָנערקענט פון פילע באַלעבאַטים. זי האָט שוין אויך קאָנטראָלירט די אַרבעטס־באַדינגונגען אין פילע שעפּער. זי האָט אויך פאַרמאָגט איר אייגענע געביידע, מיט אַ גאָר גרויסן

פאַרזאַמלונגס־זאַל, און עטלעכע באַראַטונגס־צימערן. דאָרטן האָבן זיך אויך געפונען דער גרויסער זאַל פאַר פאַרווײלונגען, אין די קלענערע זאַלן פלעגן פאָרקומען די קאָמיטע מיטינגען און באַראַטונגען. אין די טעטיקייטן פון די יידישע אימיגראַנטן האָבן זיי קיין אָנטייל ניט גענומען. מיר האָבן דעריבער זייער ווייניק געוואוסט פון זיי.

די יידישע יוניאָנס פון דער נאָדל־אינדוסטריע האָבן זיך געפונען אין דעם אימיגראַנטן געגנט פון וויליאמסבורג אין ברוקלין. זיי האָבן זיך אָבער גע־האַלטן פון ווייטן פון די קולטורעלע טעטיקייטן, וואָס די גרינע האָבן אָנגע־פירט. אין דער פאָלקס־הויז פעדעראַציע זײנען זיי ניט געווען פאַרטראָטן. צו קיין קאָנפערענצן פלעגן זיי קיין דעלעגאַטן ניט שיקן. זיי זײנען געווען אַ וועלט פאַר זיך.

דער סעקרעטאַר פון דער פרויען־מאַנטל אינדוסטריע יוניאָן, איז געווען שאול עלשטיין. ער איז געווען אַ פּראָגרעסיווער מענטש און אַ סאָציאַליסט. ער פלעגט אָפט האַלטן לעקציעס פאַר זײנע מיטגלידער איבער אַרבעטער און צייט פראַגן. דער סעקרעטאַר פון דער מענער־שניידערס יוניאָן, איז געווען אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש מיט רעאַקציאָנערע באַגריפן און באַציאונגען. מיט קיין סטרייקס האָבן זיך די ביידע יוניאָנס ניט פאַרנומען. דער גענעראַל־סעק־רעטאַר פון די נאָדל־יוניאָנס, איז געווען לואיס לייענס. ביידע יוניאָנס האָבן ניט געשטערט זייערע מיטגלידער אָנצוהאַלטן די שוויץ־סיסטעם.

## די העלפּערס יוניאָן

צווישן אונדז העלפערס זײנען געווען עטלעכע רעוואָלוציאָנערע טוערס פון דער אַלטער היים. אין זומער 1902, האָבן מיר צוזאַמענגערופן אַ גרופּע העלפערס אויף אַ באַראַטונג. דאָרטן איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ יוניאָן פון בלויז העלפערס און לערנערס. אירע אויפגאַבן זאָלן זיין: ערשטנס צו באַ־קעמפן די שווערע עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער דורך יוניאָן אַרבעטער. און צווייטנס, צו צווינגען די שניידער־יוניאָנס אַריינצונעמען אונדז אַלס מיטגלי־דער. פריינט קרעמען איז געווען דער פינאַנץ־סעקרעטאַר, און איך בין דער־ווײלט געוואָרן פאַר פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און אָרגאַנייזער.

מיר זײנען געווען אַ קליינער פאַראיין פון אַרום פערציק מיטגלידער. מיר האָבן זיך אָבער שטאַרק אָנגעזען צוליב אונדזער פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקייט. מיר האָבן אָנגעפירט אַן אינטעסיווע אַגיטאַציע דורך אויפרופן, מעלדונגען און אַפילס. מיר פלעגן אָפּהאַלטן מאַסן־פאַרזאַמלונגען, פּראָטעסט פאַרזאַמלונ־גען, לעקציעס און דיסקוסיעס. מיר פלעגן באַקענען די באַפעלקערונג מיט דער גרויסן אומרעכט, וואָס עקזיסטירט אין די יידישע שעפּער. מיט קיין סטרייקס האָבן מיר זיך ניט געקענט פאַרנעמען. מיר זײנען דאָך געווען קליין אין צאָל און אומדערפאַרן אין די פּראַקטיש באַדינגונגען. אונדזערע מיטגלידער האָבן זיך ערשט געלערנט דעם פאַך. פילע פון זיי האָבן אפילו ניט געקענט באַצאָלן

זייער יוניאָן שטייער. מיר פלעגן אויפנעמען באַריכטן פון די שעפּער. מיר האָבן אָבער ניט געקענט אויסבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען.

אונדזערע מיטגלידער זיינען געווען פון אַלע ריכטונגען און פון די זאָגע־נאַנטע אומפּאַרטייאישע אָדער די פּאָליטיש גלייכגילטיקע. די מער אַקטיווע זיינען געווען די עטלעכע בונדישע און אַנאַרכיסטישע טוערס פון דער אַלטער היים. צווישן דיביידע ריכטונגען איז שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר איינפלוס. פאַר יעדער לעקציע, וואָס מיר פלעגן דאַרפן אָראַנזשירן, פלעגן מיר פריער מוזן אויסקעמפן צווישן זיך וועלכן לעקטאָר צו איינלאַדן. דאָס זעלבע פלעגט אויך זיין ווען מיר פלעגן דאַרפן אַ רעדנער צו אונדזערן אַ פּראָטעסט־מיטינג אָדער אַ פעסט־פייערונג. און ווען מיר פלעגן דאַרפן דערווילן דעלע־גאַטן צו אַ קאָנפערענץ. די דאָזיקע פּאַרטיי־קאַמפן פלעגן פאַרנעמען די הויפּט צייט פון אונדזערע מיטינגען און באַראַטונגען.

## הונגער

אויף דעם אַרבעטער־מאַרק אין בריקליין איז אַ „גרינער" העלפער גע־פאַלן טויט. דאָס איז געווען סוף 1902. דאָקטוירים האָבן דערקלערט, אַז ער איז געשטאָרבן פון הונגער. ער איז געווען אַרבעטסלאָז אַ לאַנגע צייט. קיין מיטלען צום לעבן האָט ער ניט געהאַט. אויפן אַרבעטער־מאַרק האָט ער גע־האָפט צו קריגן אַ וועלכע ניט איז אַרבעט. ער איז אָבער געווען שטאַרק אויס־געצערט און אָפּגעשוואַכט. קיינער האָט אים דעריבער ניט געגעבן אַרבעט. שטייענדיק דאָרטן אויפן אַרבעטער־מאַרק, האָט ער פּלוצים פאַרלוירן זיינע לעצטע כוחות. ער איז פאַראַליזירט געוואָרן און איז באַלד געפאַלן טויט.

דער דאָזיקער פאַל האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק אויף אונדז אַלעמען. דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דער סוועטינג־סיסטעם. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קען אויך טרעפן מיט אַנדערע פון אונדז העלפערס. ווען איינער פון אונדז פאַרלירט די אַרבעט איז ער דאָך אינגאַנצן הילפלאָז. ער מוז זוכן אַרבעט פאַר לאַנגע וואָכן ביז וואַנען ער קען עס קריגן.

דער פאַרשטאָרבענער איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער העלפערס־יוניאָן. מיר האָבן אָבער געפילט, אַז עס איז אונדזער פליכט אויפצואוועקן די געזעל־שאַפטלעכע מיינונג קעגן דער סיסטעם פון סאָב־קאָנטראַקטינג פון וועלכער ער איז געפאַלן אַ קרבן. מיר מוזן וואָרענען די שניידער־יוניאָנס קעגן דער שווערער עקספּלואַטאַציע פון די „העלפערס". מיר האָבן דעריבער פאַררופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן דער שוויץ־סיסטעם פון די סאָב־קאָנטראַקטאָרס. די קאָנפערטערס יוניאָן האָט אונדז געגעבן בחינם איר גרויסן זאַל. רעדנערס האָבן מיר געקראָגן זייער לייכט. גענאָסע בעעק פון די סאָציאַליסטן און פריינט ראָקער פון די אַנאַרכיסטן זיינען ביידע געקומען צו אַדרעסירן די פאַרזאַמלונג. דער זאַל איז שנעל געוואָרן אויסגעפילט מיט אַרום פיר הונדערט צוהערער. דאָס איז געווען אַ זונטיק נאָכמיטאָג. די שטימונג איז געווען אַ צאָרנדיקע.

ביים עפענען דעם מיטינג האָב איך, אַלס פּאַרזיצער, אויסגערעכנט די אור־זאַכן, וואָס האָבן אונדז באַוואויגן צו רופן די פּראָטעסט־פּאַרזאַמלונג. איך האָב דערקלערט די טרויעריקע לאַגע פון די העלפּערס אין דער שניידער־אינ־דוסטריע. איך האָב אויסגערעכנט די אומרעכטן פון דער שענדלעכער „שוויץ־סיסטעם" און די שולד פון די שניידער־יוניאָנס. איך האָב געטענהט, אַז זיין טויט איז ניט געווען קיין צופאַל. עס האָט געמוזט קומען צו אַזאַ אומגליק צו־ליב די אומשטענדן אין וועלכע די העלפּערס לעבן. עס איז אויך ניט געווען קיין פּלוצימדיקער טויט. ער איז אויסגעמאַטערט געוואָרן דורך דער שווערער אַרבעט און פאַרצערט געוואָרן דורך דעם הונגער־לוין, וואָס ער האָט געקראָגן. די אייגעלאַדענע רעדנערס האָבן דעם פאַל אַרומגערעדט, דערנאָך פיל ברייטער און מיט מער פּאַטאָס איידער איך אַליין האָב עס געקענט אַרויסברענגען.

די דאָזיקע פּראָטעסט־פּאַרזאַמלונג האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון דעם געגנט. מיר האָבן עס באַלד אויסגענוצט צו פאַרשטאַרקן און באַפעסטיקן אונדזער העלפּערס יוניאָן.

## דער קולטורעלער צענטער

אין די יאָרן 1900־1904, זיינען אַ סך רוסיש־יידישע רעוואָלוציאָנערן אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן. זייער צענטער איז דעמאָלט געווען אין דעם געגנט פון וויטשעפּל אין בריקליין. דאָרטן, אין דעם אָרעמסטן אַרבעטער־קוואַרטאַל, אויף דער וועסט־סאַיד, האָבן זיי געפּריידיקט זייערע אידייען. דאָרטן האָבן זיי אויך ווייטער געפירט דעם שטענדיקן קאַמף צווישן זייערע פּאַרטייען. די יידישע אַנאַרכיסטן זיינען דאָרטן געווען זייער אַקטיוו. זיי האָבן שוין דעמאָלט פאַרמאָגט זייער אייגענע קלוב־הויז, זייער וועכענטלעכע צייטונג און זייער מאָנאַטלעכן זשורנאַל. אין זייער גרויסן זאַל זיינען שטענדיק פאָרגעקומען לעקציעס, דעבאַטן, פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען. גאַנץ אָפט פלעגן דאָרטן אויך פאָרקומען היימישע קאָנצערטן און חברישע פאַרווייילונגען, פייערלעכע באַנקעטן און צאָרנדיקע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען פלעגן אויך אָפּגעהאַלטן ווערן אין זייער זאַל. די קעגנערישע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען פלעגן ביי זיי אויך קריגן דעם זאַל פאַר אַ גאַנץ קליינעם אָפּצאָל. די באַזוכער פון די לעק־ציעס פלעגן איינצאָלן אַ קליינעם איינטריט־געלט ביים טיר. אַרבעטסלאָזע פלעגן גאָרניט דאַרפן צאָלן. די לעקטאָרס און רעדנער פלעגן אויך קיין גע־צאָלט ניט נעמען.

אין דעם דאָזיקן געגנט זיינען אויך געווען עטלעכע ביליקע רעסטאָראַנען. פאַר אַ קליינעם פּרייז האָט מען דאָרטן געקענט פאַרטרייבן דעם הונגער. אַהינצו פלעגן קומען די אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט עטלעכע פּעניס. די וואָס האָבן דאָס אויך ניט געהאַט פלעגן קומען אַהינצו צו פאַר־טרייבן זייער עלנט. זיי פלעגן דאָרטן אויפזוכן זייערע לאַנדסלייט און באַקאַנ־טע. זיי פלעגן אויך אָנטייל נעמען אין די געשפּרעכן און דיסקוסיעס, וואָס

פלעגן דאָרטן שטענדיק פאַרקומען. געשפּייזט האָבן זיי זיך ביי די פיש־קראָמען. פאַר איין הייפּעני פלעגט זיי דער איירישער קרעמער געבן אַ שטיק געבראָ־טענע פיש און פאַר אַ צווייטער הייפּעני פלעגן זיי ביי אים קריגן געפּרעגלטע פּאָטעיטאָס. זיי פלעגן עס אַזוי עסן ווי אַ נאַשעריי גייענדיק אין גאַס. פאַר זאַטע איז עס טאַקע געווען בלויז אַ נאַשעריי; פאַר די הונגעריקע איז עס אָבער געווען אַ גאַנצער מאָלצייט. עס איז געווען ווייניק זאַט צו ווערן, אָבער אָפּצונאַרן דעם מאָגן איז עס געווען גענוג אויף אַ ווייל. די דאָזיקע קונץ האָבן זיך אָבער געקענט פאַרגינען בלויז די, וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט אַ הייפּעני. פילע פון אונדז האָבן דאָס שוין אויך ניט געהאַט. אַזעלכע האָבן דעריבער גע־מוזט לעבן מיט בלויז האָפענונגען פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

פאַר די יידישע אימיגראַנטן פון יענער צייט איז לאָנדאָן געווען בלויז אַ רוסישע קאָלאָניע. מיר האָבן דעמאָלט געלעבט בלויז מיט די אינטערעסן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס אָרטיקע לעבן האָט אונדז ניט אינטערעסירט. מיר האָבן געלייענט בלויז וועגן רוסלאַנד. מיר האָבן געקויפט און געשלונגען בלויז די רעוואָלוציאָנערע בראָשורן וועגן רוסלאַנד. אונדזערע לעקציעס און דעבאַטן זיינען געווען אין דער יידישער און רוסישער שפּראַך און אַלץ טאַקע וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע. די געוואוינהייט צו קויפן אַ טעגלעכע צייטונג איז נאָך דעמאָלט ניט געווען פאַרשפּרייט אין דעם יידישן אַרבעטער־קוואַרטאַל. די באַשעפטיקטע האָבן זיך ווייניק אינטערעסירט מיט אַ יידישער צייטונג. די אַרבעטסלאָזע האָבן נאָך דערצו ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן עס. דער לאָנדאָנער „יידישער עקספּרעס״ האָט דעריבער געהאַט אַ גאַנץ קליינע צירקולאַציע. מען פלעגט אָבער קויפן די בונדישע און אַנאַרכיסטישע זשור־נאַלן, בראָשורן, צייטונגען און ליטעראַטור.

אין לאָנדאָן איז דעמאָלט געווען אַ גאַנץ רייכע אימיגראַנטישע ביבליאָטעק פון רוסישער ליטעראַטור. זי האָט זיך געפונען אין אַ זייטיקער געסל פון ווייטשעפּל. איר גרינדער און פאַרוואַלטער איז געווען גענאָסע טעפּלאָוו. ער איז געווען אַן אַנטלאָפענער רוסישער פּאָלקאָווניק, — אַ קריסט שוין אין די זעכציקער. צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין דער אַרמיי האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד. ער האָט ניט באַלאַנגט צו קיין פּאַרטיי. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי די אידייען פון די רוסישע נאַראָדאָ־וואָלצעס. ער איז געווען אַ גאַנץ פּשוטער מענטש מיט זייער ווייניק וויסן אָדער דערפאַרונג. מיט קיין טעאָרעטישע און אָרגאַניזאַציעלע פראַגן האָט ער זיך ניט אינטערע־סירט. אין די טעגלעכע פראַגן פונעם אַרומיקן לעבן איז ער אויך געווען גאַנץ טאָמעוואַטע. ער איז אָבער געווען אַן ערנסטער רעוואָלוציאָנער און איבערגע־געבן דער באַוועגונג מיטן גאַנצן לעבן. ער האָט זיין גאַנצע צייט און אַרבעט אָפּגעגעבן פאַר בילדונג און אויפקלערונג. אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט פלעגט ער אַריינלייגן אין זיין ביבליאָטעק. אַ גאַנצן טאָג און יעדן טאָג פון וואָך פלעגט ער אַליין באַדינען זיינע לייענער. זיין לאָנדאָנער ביבליאָטעק האָט זיך דער־

וואָרבן אַ גרויסן נאָמען אין רוסלאַנד. די ליבעראַלע שרייבערס און פאַרלע־גערס פלעגן אים צושיקן זייערע אויסגאַבן אומבאַצאָלט. מיט דער צייט האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט אַ גרויסער אוצר פון די גאָר בעסטע ביכער. אַהינצו פלעגן די חברים און סימפּאַטיקער קומען צו לייענען. אַרום פופציק לייענער פלעגן באַזוכן זיין ביבליאָטעק יעדן טאָג. מאַנכע פון זיי פלעגן דאָרטן פאַר־בלייבן פאַר לאַנגע שטונדן. קיין ביכער אַהיים צונעמען פלעגט די ביבליאָטעק ניט אַרויסגעבן.

## צוויי ריכטונגען

די אַריבערגעקומענע אימיגראַנטן האָט זיך געפילט פרעמד און פאַרלאָזן אין זייער נייער היים. זייער איינציקע טרייסט האָבן זיי געפונען אין די אימיגראַנטישע פאַראיינען און פאַרטייען. די דאָזיקע פאַראײַנען האָבן זיך געשטעלט איין אויפגאַבע: אונטערצושטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון רוסלאַנד. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָבן זיי אָנגעפירט אַ ענערגישע טעטיקייט אין דער רוסישער קאָלאָניע. עס האָט געהייסן, אַז זיי קעמפן פאַר רוסלאַנד. אין דער אמתן האָבן זיי זיך אָבער פאַרנומען מיט זיך אַליין, מיט זייער אייגענער בילדונג און אויפקלערונג, צו וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק געשטרעבט. די פאַרוואָגלטע און עלנטע איינוואַנדערער האָבן אין די פאַראיינען געפונען אַ חברישע אַטמאָספערע צווישן היימישע מענטשן.

די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען פון רוסלאַנד האָבן דעמאָלט אָנגעפירט אין לאָנדאָן זייערע הילף־אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען: די בונדיסטן, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן און די נאַראָדניקעס האָבן גע־טאָן דאָס זעלבע. די אַנאַרכיסטן האָבן געהאַט זייערע פאַראיינען און קלובן נאָך פון פריער. אַ רויטער קרייץ איז געגרינדעט געוואָרן צו העלפן די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע חברים. די חברטעס רחל, פעני, און רייכל, זיינען דאָרטן געווען זייער טעטיק. אַ פאַרצווייגטע באַוועגונג האָט געשפּרייט איר איינפלוס אין דעם יידישן געגנט. מאַנכע פון די אַרביערגעקומענע האָבן זיך שפּעטער אויך אָנגעשלאָסן אָן דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע. יעדע איינע פון די פאַראיינען האָט אָנגעפירט אַ שטענדיקע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. מיינונגס־פאַרשיידנקייטן זיינען אויסגעפאָכטן געוואָרן אויף אַ גרויסן פאַרנעם. שווערע טעאָרעטישע פראַגן זיינען פּאָפּולאַריזירט געוואָרן. פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק זיינען שטענדיק געווען אויפן טאָג־אָרדענונג. פּראָטעסט־פאַרזאַמלונ־גען און דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן זיינען פאָרגעקומען גאַנץ אָפט. דער יידישער אימיגראַנטן־געגנט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ לעבעדיקע מאַסן־באַוועגונג.

צווישן די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס זיינען די שטאַרקסטע געווען דער „בונד״, די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די אַנאַרכיסטן. די אַנאַר־כיסטישע גרופּע איז געווען קליין אין צאָל. זי איז אָבער געווען זייער טעטיק און אַמביציעז. אין כמעט אַלע אייראָפּייאישע לענדער איז דעמאָלט דער אַנאַר־

כיזם געווען פאַרבאָטן. ענגלאַנד איז געווען דאָס איינציקע לאַנד אין איראָפּע וואו זיי האָבן געהאַט פולע פרייהייט. איר גאַסטפריינטלעכקייט האָבן זיי אויסגענוצט אין פולן. זיי האָבן אָפּן און דעמאָנסטראַטיוו געפּריידיקט זייערע אידייען צווישן דער באַפעלקערונג. זיי האָבן געדרוקט און פאַרשפּרייט זייערע צייטונגען, זשורנאַלן און בראָשורן. זיי האָבן געקראָגן אַ קענטיקן איינפלוס אין דעם יידישן געגנט און אין מאַנכע יידישע יוניאָנס.

אַ גרעסערע אָנהענגערשאַפט האָט געהאַט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ריכטונג. זי איז באַשטאַנען פון דעם יידישן צווייג פון דער אָרטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע, פון דעם בונדיסטישן פאַראיין „וועקער", פון דער גרופּע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פון דעם רעוואָלוציאָנערן רויטן קרייץ און פון דעם פּרויען פאַראיין. די אַלע גרופּן האָבן אויך געפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע גאַנץ דערפאָלגרייך. זייערע לעקציעס און דעבאַטן פלעגן פאַרקומען זייער רעגלמעסיק. גאַנץ אָפט פלעגן זיי אויך איינאָרדנען היימישע קאָנצערטן, באַנקעטן און פאַרוויילונגען. זיי פלעגן זיך איבערהויפּט אָפּגעבן מיט דעם פאַרשפּרייטן פון זייערע אויפרופן און בראָשורן.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פעדעראַציע איז עס געווען דער נאָמען פון דער ענגלישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. דער סעקרעטאַר פון איר יידישן ברענטש איז געווען גענאָסע לעווין. ער איז געווען זייער טעטיק אין דער פאַרטיי, אין דער פאָלקס־הויז פעדעראַציע און אויך אין „בונד." ער איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער בחור מיט גרויסע פּרעטענזיעס אויף ליטעראַרישע פּיאַיקייטן. געאַרבעט האָט ער אין באָטשקע קאהאנס באַנקירסקער קאָנטאָר. באָטשקע אַליין איז אויך געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון „בונד". ער איז געווען גאַנץ רייך און פלעגט שטיצן דעם „בונד" מיט גרויסע געלטער און מיט גוטע פאַרבינדונגען.

דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון לאָנדאָן האָט געהאַט דער „בונד". ער איז געווען אָרעם אין אינטעליגענטע קרעפטן אָבער רייך אין פּיאַיקע, ענערגישע טוערס. בלויז די חברים טערמאַן און חברטע פרייער פלעגן אַמאָל לעקטשורן. די מיטגלידער פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט — די חברים קרעמער, וולאַדימיר און מוטשניק, פלעגן קיינמאָל ניט אַרויסטרעטן אַלס לעקטאָרס אָדער רעדנער. די רייכקייט פונעם „בונד" איז באַשטאַנען אין זיין מאַסן־כאַראַקטער, אין דער פּיאַיקייט און אבעריגעגעבנקייט פון זיינע פּראַקטישע טוערס. דער „בונד" האָט גערעדט די שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן און האָט פאַרטראָטן זייערע באַלדיקע אינטערעסן.

צווישן די צוויי הויפּט־ריכטונגען : די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע, איז שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער פאַרטיי־קאַמף וועגן די פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק. נאָכמער האָט עס זיך געפילט אין זייער קאַמף פאַר איינפלוס און קאָנטראָל פון די יידישע יוניאָנס און פאַראיינען. דאָרט. וואו ביידע ריכטונגען האָבן געהאַט זייערע אָנהענגער, איז דער קאַמף געווען אַן אומאויפּהערלעכער. ווען מען האָט געדאַרפט דערוויילן דעלעגאַטן צו אַ קאָנפערענץ,

פאַרטרעטער צו אַ פעסט־פייערונג, אָדער איינלאַדן אַ לעקטאָר צו זייערע אָן אונטערנעמונג, פלעגט דער פאַרטיי־קאַמף זיין אַמשטאַרקסטן. דאָס פלעגט געשען אפילו ווען די פראַגע צום פאַרהאַנדלען האָט ווייניק געהאַט צו טאָן מיט פאַרטיי־פראַגן.

אין עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פלעגן אָבער ביידע ריכטונגען גיין צו־זאַמען. אַזוי איז געווען, צום ביישפּיל, ביי דער גרויסער מאַי־דעמאָנ־סטראַציע פון 1903 קעגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. די צוגרייטונגען און אויך די אָנפירונג פון דער דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ סאָלידאַרע. ערשט דעמאָלט ווען מען האָט שוין אַריינגעמאַרשירט אין הייד פּאַרק, האָבן זיך די גרופּעס צעטיילט אין פאַרשיידענע ריכטונגען און האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע אייגענע רעדנערס. אַ היפּשע צייט האָבן זיי אויך מיטגעאַרבעט האַרמאָניש אין דער פאָלקס־הויז פעדעראַציע.

## די גויאישע יידן

צוויי קריסטן האָבן אָנגעפירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער פון לאָנדאָן. דאָס זיינען געווען אמתע קריסטן און אמתע רעוואָלוציאָנערן. איינער פון זיי איז געווען רודאָלף ראָקער, און דער צווייטער איז געווען גענאָסע בעעק. זיי זיינען אַנטלאָפן פון זייער היימלאַנד צוליב זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אין לאָנדאָן האָבן זיי זיך באַזעצט צווישן די אַנטלאָפענע יידישע רעוואָלוציאָנערן, אויף דער וועסט־סאַיד. דאָרטן האָבן זיי געפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע און זייער אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט. זייער גאַנצע צייט און ענערגיע האָבן זיי אָפּגעגעבן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. זיי האָבן באַרייכערט דעם יידישן קוואַרטאַל מיט זייער וויסן און אינטעליגענץ. מיט זייערע פעיאיקייטן און דערפאַרונגען האָבן זיי געדינט דער יידישער גאַס. זיי זיינען עס געווען די גרינדערס, און די טוערס, די לערער און די שרייבער פון דער יידישער אימיגראַציע אין לאָנדאָן. אין זייער פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיי זיך באַנוצט אויסשליסלעך מיט דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

מיר זיינען געוואוינט צו זעען דאָס פאַרקערטע: טאַלאַנטפולע יידישע יונגעלייט גיבן אָפּ זייער גאַנצע צייט און אַרבעט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט צווישן קריסטן. פאַר אונדז איז עס קיין נייעס ניט און קיין וואונדער געוויס ניט. עס איז דאָך אונדזער הייליקע אויפגאַבע צו טראָגן ליכט און אויפ־קלערונג צווישן פעלקער. מיר האָבן דאָך אַ היסטאָרישע טראַדיציע צו פריי־דיקן דעם ריינעם אמת. און אויב מיר ליידן דערפאַר באַליידיקונגען און דער־נידערונגען, איז עס דאָך ניט אונדזער שולד. דאָס אַלעס איז קיין נייעס ניט. אָבער אַז אמתע גוים זאָלן טראָגן די פאָן פון רעוואָלוציע צווישן יידן איז טאַקע אַ גרויסער וואונדער. אַזוינס איז אַ גרויסע זעלטנקייט. עס איז דעריבער ווערט דאָס צו פאַרצייכענען.

רודאָלף ראָקער איז געווען דער וואָרטזאָגער און פירער פון די לאָנדאָנער

אַנאַרכיסטן. ער איז געווען זייער אָרגאַניזאַטאָר און פּראָפּאַגאַנדיסט, זייער רעד־נער און לעקטאָר. אַליין אַ קריסט, האָט ער אָבער זיין גאַנצע טעטיקייט אָנגע־פירט צווישן יידן. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם אַנאַרכיסטישן זשורנאַל „דער זשערמינאַל". דאָס איז געווען אַ גוט רעדאַקטירטער מאָנאַט־לעכער זשורנאַל אין דער יידישער שפּראַך. ער פלעגט באַלייכטן די אַקטועלע פראַגן פון טאָג און די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט. דער „זשערמינאַל" האָט זיך דערוואָרבן אַ פאַרדינטן נאָמען אויך אין אַנדערע לענדער. ער האָט אויך געהאַט אַ גאַנץ היפּשע צירקולאַציע. זיין אינהאַלט איז אַלעמאָל געווען באַלערנדיק אָבער אויך פּאָפּולער. ראָקער אַליין פלעגט אים כמעט אינגאַנצן אויספילן. ער פלעגט דערשיינען רעגלמעסיק יעדן חודש.

די אַנאַרכיסטישע „פרייהייט" איז געווען פּונקט דער קעגנזאַץ. דאָס איז געווען אַ וואַסערדיק און סענטימענטאַל וואָכנבלאַט אָן קיין ערנסטע באַציאונג צו אירע לייענערס. זי האָט גענוצט אַ וואולגאַרע שפּראַך און אַ באָמבאַסטישע פּראָזעלאָגיע. אירע הויפּט־אידייען זיינען געווען: אומבאַגרעניצטע פרייהייט, אינדיווידועלער טעראָר און פרייע ליבע. זי האָב אָבער געהאַט אַ זייער קליינעם איינפלוס אויף די אַרבעטער. איר צירקולאַציע איז געווען גאָר קליין. זי האָט דעריבער געהאַט קורצע יאָרן. איר אונטערגאַנג איז געווען אַ גליק און אַ פאַרדינסט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אימיגראַציע. איר אָרט האָט באַלד פאַרנומען אַ נייע וואָכנבלאַט — „דער אַרבעטער פריינט". דאָס איז שוין געווען אַ ריינע צייטונג מיט אַן ערנסטער באַציאונג צום לייענער. ראָקער אַליין איז געווען איר רעדאַקטאָר. זי האָט זיך שנעל דערוואָרבן אַ באַדייטנדיקן איינפלוס און אַ גאַנץ היפּשע צירקולאַציע. ראָקער איז בכלל געווען דער פירער און דער אָנערקענטער פאָרשטייער פון די יידישע אַנאַרכיסטן אין לאָנדאָן. ער איז געווען זייער אָפטער פאַרטרעטער ביי וויכטיקע קאָנפערענצן און באַראַטונגען.

די יידישע סאָציאַליסטישע אימיגראַציע האָט אויך געהאַט איר אייגע־נעם קריסטלעכן פירער. די רוסישע סאָציאַליסטן האָבן געהאַט אַ סך פּייאיקע און טעטיקע אינטעליגענטן. חבר אַלעקסייעו איז געווען דער וויכטיקסטער פון זיי. די חברים ד"ר טאַאַר און זיין פרוי, אַזוי אויך די חברים אַלאַדין און זיין פרוי פלעגן לעקטשורן כמעט יעדע וואָך. זיי האָבן אָבער געפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע אויסשליסלעך אין דער רוסישער שפּראַך. עס איז געווען בלויז איי־נער צווישן זיי, וואָס האָט גערעדט און געשריבן יידיש. ער איז געווען אַ רוסישער אָפיצער מיטן נאָמען — בעעק. אין רוסלאַנד איז ער געווען אַ פּראָפעסאָר אין אַ מיליטערישער אַקאַדעמיע — האָט מען געזאָגט. מען האָט אָבער דאָרטן אויסגעפונען, אַז ער פּריידיקט רעוואָלוציע צווישן די יונגע אָפיצירן. ער וואָלט דערפאַר באַצאָלט מיט מיליטערישער קאָטאָרגע, איז ער דעריבער אַנט־לאָפן באַצייטנס. אין לאָנדאָן האָט ער ווייטער געפירט זיין טעטיקייט מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין רעוואָלוציאָנערער נאַטור.

חבר בעעק האָט זיך אָפּגעגעבן דורכאויס מיט דער סאָציאַליסטישער באַ־

וועגונג צווישן די יידישע אימיגראַנטן. ער האָט גערעדט יידיש מיט אַ דייטשישן אַקצענט און געשריבן יידיש מיט לאַטייניש בוכשטאַבן. ווען די סאָציאַליסטן האָבן שפּעטער, אין 1904, געגרינדעט זייער פאָלקס־הויז, איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון זייער וואָכנבלאַט „די נייע צייט". ער איז געווען דער פירער און פּראָפּאַגאַנדיסט ביי די יידישע סאָציאַליסטן, זייער לעקטאָר און רעדנער, זייער פאָרשטייער און זייער פאַרטרעטער ביי די קאָנפערענצן. ער איז אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון זייערע אונטערנעמונגען, קאָנצערטן און פאַר־ווייַלונגען. ער פלעגט אפילו איינזינגען מיט אַ כאָר און איינשטודירן מיט אַ טעאַטער־גרופּע. ער פלעגט אַליין מאָלן און איינשטעלן די דעקאָראַציעס.

חבר בעעק איז געווען אַ מערווירדיקער מענטש. ער איז אימער געווען פול מיט לעבן און מיט שפּרודלדיקער ענערגיע. פיזיש האָט ער אויסגעזען געזונט און קרעפטיק. ער איז שוין דעמאָלט געווען אין זיינע שפּעטע פופציקער. צו די חברים האָט ער זיך באַצויגן פריינטלעך און פאָטערלעך. זיי האָבן אים פאַר־רעכנט פאַר זייער בעסטן פריינט. ער איז שטענדיק געווען גוטמוטיק און געדול־דיק. אויסערלעך האָט ער אויסגעזען רואיק און געמיטלעך. אינערלעך אָבער האָט עס אין אים שטענדיק געקאָכט און געברויזט. דער איבערפלוס פון ענער־גיע האָט אים ניט געלאָזט רוען. עס האָט אים געיאָגט און געטריבן אונ־טערצונעמען אַלץ נייע און נייע פּלענער. זיין אויסזען איז אויך געווען גאַנץ יידישלעך. מיט זיין לאַנגער באָרד האָט ער געהאַט דעם הדרת־פּנים פון אַן יידישן תלמיד־חכם. אַ סך חברים האָבן אים טאַקע געהאַלטן פאַר אַ ייד. עס האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז מען האָט אים פאַרבעטן צו אַ ברית ביי אַ יונגן חבר. מען האָט אים דאָרטן מכבד געווען מיט סאנדייק. פאַר די עלטערן איז געווען אַ גרויסער כבוד, אַז חבר בעעק זאָל זיין דער סאנדייק ביי זייער ערשטן זון. בעעק האָט אָבער ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן דערביי. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס מען דאַרף זאָגן און ווי מען דאַרף זיך פירן. ער האָט זיך נעבעך געמוטשט אַנטשולדיקן.

בעת דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, איז בעעק באַלד צוריקגע־פאָרן קיין רוסלאַנד. ער האָט מיטגעפירט זיינע גרויסאַרטיקע פּלענער פאַר וויכטיקער און שאַפנדיקער טעטיקייט. אין זיין באַפרייטער פאָטערלאַנד, האָט ער געזען אַ נייע און ברייטע פעלד פאַר דערפאָלגרייכע אונטערנע־מונגען. די רעוואָלוציע איז אָבער אונטערדריקט געוואָרן פון דעם צאַר און זיינע מיניסטאָרן. מען האָבן בעעקן באַלד דערקענט און אַרעסטירט. נאָך אַ שנעלן פּראָצעס האָט מען אים פאַרמשפט און דערשאָסן. אַזוי האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון איינעם פון אונדזערע בעסטע און פּיאָנערסטע קעמפער פאַר פרייהייט.

## די פאָלקס־הויז פעדעראַציע

מיט דעם וואוקס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָנדאָן זיינען אויך געוואָקסן אירע שוועריקייטן. אַרום 1900 האָט זיך שוין אפילו

געפילט אַ שטאַרקער מאַנגל אין פאַרזאַמלונגס־פּלעצער. די אָרגאַניזאַציעס און פאַראייַנען זייַנען דורך דעם אַ סך געשטערט געוואָרן אין זייער טעטיקייט. די געדונגענע זאַלן זייַנען שוין געוואָרן צו ווייניק און אומבאַקוועם. אָפט פלעגט מען אפילו דאָס אויך ניט קענען קריגן. מען האָט זיך געשטיקט אין דעם אַנאַרכיסטישן זאַל. ער איז אָבער געוועזן צו קליין. גאַנץ אָפט איז ער שוין געוועזן פאַרנומען פון אַנדערע. עס האָט זיך דעריבער געפילט די נויטיקייט צו האָבן עטלעכע אייגענע זאַלן פאַר די אָפטע לעקציעס און פאַר־זאַמלונגען. עס האָט זיך אויך געפאָדערט מער צוגעפּאַסטע באַקוועמלעכ־קייטן פאַר דער וואַקסנדיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. צוליב דעם אַלעס האָט זיך געפאָדערט אַן אייגענע היים, וואָס זאָל ווערן דער קולטורע־לער צענטער פאַר די צוויַיגן און ריכטונגען פון דער וואַקסנדיקער באַוועַ־גונג.

פאַר דעם דאָזיקן צוועק איז פאַררופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין דעם יידישן געגנט. דאָרטן איז באַשלאָסן גע־וואָרן צו בויען אַן אייגענע פאָלקס־הויז. דאָס זאָל זיין אַן אומפּאַרטייאישער צענטער מיט גלייכע רעכט צו נוצן פאַר אַלע אָרגאַניזאַציעס און ריכטונגען די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט דעריבער באַשלאָסן צו שאַפן אַ שטענדיקע פעדעראַציע. אירע אויפגאַבן זאָלן זיין: 1, צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידייען פון סאָציאַליסטישער סאָלידאַריטעט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, דורך דעם ביישפּיל פון האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט אין דער פעדעראַציע זעלבסט; 2, צו אָרגאַניזירן פאַראייניקטע מאַסן־פאַרזאַמלונגען און געלט־זאַמלונגען; און ענדלעך, 3, צו בויען און אויפצוהאַלטן אַ בשותפותדיק פאָלקס־הויז.

די פעדעראַציע איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: דער יידישער ברענטש פון דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע; די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן; דער בונדישער פאַראיין „וועקער"; די העלפּערס יוניאָן; דער פרויען־פאַראיין און דער רויטער קרייץ. דאָס זיי־נען געוועזן דער סאָציאַליסטישער פליגל.

דער אַנדערער פליגל איז באַשטאַנען פון: דעם אַנאַרכיסטישן קלוב; די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן; די נאַראָדניקעס; „דער אַרבעטער פריינט"; דער „זשערמינאַל"; און די רוסישע ביבליאָטעק. יעדע אָרגאַ־ניזאַציע איז געוועזן פאַרטראָטן מיט צוויי דעלעגאַטן.

אין אָנהויב איז די באַגייסטערונג געוועזן גרויס. די אַרבעט איז דע־ריבער אָנגעגאַנגען זייער גוט. די פאַרשיידענע ריכטונגען האָבן זיך פאַר־האַלטן פריינטלעך און טאָלעראַנט. מען פלעגט אָפּהאַלטן בשותפותדיקע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, באַנקעטן און פייערונגען. מען האָט דעמאָנסטרירט די אידייען פון סאָציאַליסטישער אייניקייט און טאָלעראַנץ צו קעגנגעזעצלעכע מיינונגען. דערמיט האָט מען געזוכט צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג פאַר דעם געפּלאַנטן צענטער. דער פאַקט אַליין,

וואָס אַלע פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס האָבן געקענט צוזאַמענאַרבעטן, דאָס אַליין איז געווען דער בעסטער ביישפּיל. עס האָט אַרויסגערופֿן צוטרוי און באַגייסטערונג. ווען דער עולם האָט געזען די פֿירערס פֿון קעגנזעצלעכע ריכטונגען אויף דער זעלבער פּלאַטפֿאָרמע, איז זייער גלויבן און באַגייסטערונג שטאַרק געוואַקסן. ביי אַזעלכע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגט געזאַמלט ווערן געלט פֿאַר דער פֿאָלקס־הויז. די אָרגאַניזאַציעס און זייערע מיטגלידער פֿלעגן זיין די ערשטע צו באַשטייערן זיך. די פֿאַרזאַמלטע פֿלעגן אויך צוטראָגן וויפֿיל איינער האָט געקענט. די אַלגעמיינע יידישע באַפֿעלקערונג איז אויך געווען זייער סימפּאַטיש און באַהילפֿיק.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. די האָניק־חדשים פֿון דער פֿעדעראַציע זיינען שנעל פֿאַרשוואונדן געוואָרן. זיי זיינען צעקראָכן געוואָרן איידער מען האָט נאָך צייט געהאַט עפּעס אויפֿצוטאָן. די באַגייסטערונג פֿון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך שנעל אָפּגעקילט. זייערע דעלעגאַטן זיינען געוואָרן אַלץ מער אָפּגעלאָזן און גלייכגילטיק. דער בונד און די סאָציאַליסטישע גרופּן האָבן די ערשטע פֿאַרלוירן זייער אינטערעס. זיי האָבן אויפֿגעהערט מיטצוהעלפֿן אין דער אַרבעט. זייערע דעלעגאַטן פֿלעגן זעלטן קומען צו די פֿאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען. די אַנאַרכיסטן זיינען אָבער פֿאַרבליבן זייער אַרבעטסזאַם און פּינקטלעך. זיי האָבן עס גראָד גענומען זייער ערנסט. די נאַכלעסיקייט פֿון די סאָציאַליסטישע גרופּן און פֿאַראיינען האָבן זיי גוט אויסגענוצט פֿאַר זייערע אייגענע צוועקן. דאָס האָט געפֿירט צו שטענדיקע מיספֿאַרשטענדענישן און קריגערייען. די האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט איז דורך דעם צעשטערט געוואָרן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געשעדיקט די אַרבעט פֿון דער פֿעדעראַציע. עס האָט געפֿירט דערצו, אַז די פֿירערשאַפֿט איז מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן דורך די אַנאַרכיסטן. זיי האָבן געקראָגן דעם פֿולן קאָנטראָל איבער דער טעטיקייט און ריכטונג פֿון דער פֿעדעראַציע. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז וואַנען לענין איז געקומען קיין לאָנדאָן צום צוזאַמענפֿאָר אין 1903.

## לעניניס עצה

אין 1903 איז דער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָנדאָן. עס איז דעמאָלט געוואָרן צוואַנציק יאָר זינט קאַרל מאַרקס איז געשטאָרבן. זיין קבר איז געווען ניט ווייט פֿון לאָנדאָן. עס האָט אָבער נאָך ניט געהאַט קיין מצבה. עס איז דעריבער געווען אַ גוטער תירוץ צו פֿאַרדעקן דעם צוזאַמענפֿאָר. עס האָט געהייסן, אַז די טעאָרעטיקערס און פֿירערס פֿון דעם רוסישן מאַרקסיזם זיינען עס געקומען אָפּגעבן כבוד זייער רבין. זיי זיינע געקומען צו שטעלן אַ דענקמאָל אויף זיין קבר.

אויף דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע קאַרפּן־

קעפּ פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. לענין און פּלעכאַנאָוו זיי־נען געקומען, מאַרטאָוו און טראָצקי, ווערא זאַסוליטש און אַקסעלראָד זיינען געקומען. דער „בונד" איז געווען פאַרטראָטן מיט פינף דעלעגאַטן.

אויסער די פאַרמאַכטע זיצונגען פון צוזאַמענפאָר זיינען אויך געווען עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. אַ טייל דעלעגאַטן פלעגן אזיך באַזוכן די יידישע אַרבעטער־געגנט. זיי פלעגן אויך אָפּהאַלטן לעקציעס און דיסקוסיעס וועגן פראַגן פון אָרגאַניזאַציע און רעוואָלוציע. מאַרטאָוו, אַקסעלראָד און די אַנדערע גדולים זיינען עטלעכע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אויספירלעכע לעקציעס וועגן דער פּראָגראַם און טאַקטיק פון דער רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

עס געדענקט זיך מיר לענינס אַ לעקציע אין דעם אַנאַרכיסטישן זאַל אין בריק־ליין. זיין לעקציע האָט פאַרנומען גאַנצע דריי אָוונטן, צו פינף ביז זעקס שעה יעדן אָוונט. די ערשטע לעקציע האָט געדויערט פון זיבן אָוונט ביז נאָך צוועלף ביינאַכט. לענין האָט ברייט פונאַנדערגעוויקלט און באַגרינדעט זיין אַגראַר־פּראָגראַם. ער האָט גערעדט קאַלט, איינפאַך און פּאָפּולער. ער האָט זיך ניט באַנוצט מיט קיין שום אינטאָנאַציעס אין רעדן. ער האָט אויך ניט געהאַט קיין נאָטיצן. עס האָט זיך געדאַכט אַזוי ווי עס אַרט אים גאָרניט אויב איך אינטערעסירט עס אָדער ניט. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט עס גערעדט צו דער וויטער וועלט און צו דער צוקונפט. ער האָט גע־בראַכט געניע ציפערן, סטאַטיסטיקעס, פאַקטן און ציטאַטן. ער האָט באַ־גרינדעט זיינע מיינונגען מיט באַווייזן פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן, פון דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע און פון דער רעוואָלוציאָ־נערער דערפאַרונג. איר האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי איין מענטש קען עס אָנזאַמלען אַזוי פיל וויסן. עס איז אויך געווען צו באַוואונדערן ווי אַזוי ער קען צעגלידערן אַזאַ שווערן ענין אין אַזאַ קלאָרער פאָרמע און אין אַזאַ פּאָפּולערער שפּראַך. עס איז געווען אַזוי ווי אַ גרויסע ביבליאָטעק פון אונדערשעפּלעכן וויסן וויקלט פונאַנדער אירע אוצרות פאַר אייערע אויגן.

דעם צווייטן אָוונט האָבן די פאַרטרעטערס פון די קעגנערישע פּאַר־טייען געהאַט דאָס וואָרט. יעדע פון זיי האָט געזוכט צו באַווייזן די פעלערן פון לענינס פּראָגראַם און צו פאַרטיידיקן זייער אייגענע שטעלונג. דעם דריטן אָוונט האָט לענין געענטפערט זיינע קריטיקערס.

מיט לענינס קומען האָבן זיך געענדערט די באַציאונגען אין דער פאָלקס־הויז פעדעראַציע. ביז דעמאָלט פלעגן זיך די יידישע סאָציאַליסטן וויניק אינטערעסירן מיט דער פעדעראַציע. זיי האָבן עס געהאַלטן פאַר צו וואָכע־דיק און באַלעבאַטיש. זיי האָבן זיך אויך ניט באַטייליקט אין דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן זיך געפילט אַלס פרעמדע און דערוויילעקע איבערוואַנדערער. דאָס אָרטיקע לעבן האָט זיי דעריבער ניט אינטערע־סירט. עס איז ניט זייער לאַנד — האָבן זיי געדענקט — און ניט זייער דאגה. זייער גאַנצער אינטערעס איז געווען רוסלאַנד און בלויז רוסלאַנד. ביי דער

ערשטער געלעגנהייט וועלן זיי דאָך סיי־ווי צוריקפאָרן אַהיים, הײנט צו וואָס דאַרפן זיי זיך מישן אין פרעמדע זאַכן־?

לעניו האָט אָבער גאַנץ אַנדערש געדענקט. פאַר אים זײנען געווען פיל וויכטיקער די אינטערעסן פון דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, אײדער אפילו פון זײן אײגן הײמלאַנד. ער וואָלט בעסער געוואָלט זעען אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד אָדער דײטשלאַנד אײדער אין דער צוריקגעשטאַנענער רוסלאַנד. אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד וואָלט דאָך געהאַט אַ פיל שטאַרקערע באַדײטונג און אַ גרעסערע ווירקונג אויף דעם אַרבעטער־קלאַס פון די אײראָפּײאישע לענדער. דער אַרבעטער־קלאַס האָט ניט קײן באַשטימט פאָטערלאַנד — האָט ער געטענהט. — די גאַנצע וועלט איז זײנע. דעריבער מוזן מיר זיך באַטײליקן אין דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, וואו נאָר מיר געפינען זיך.

ער האָט דעריבער אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט עטלעכע פון אונדזערע פּאַרטרויטע טוערס. דאָרטן זײנען באַטראַכט געוואָרן פראַגן פון דער אָר־טיקער אַרבעטער־באַוועגונג און די באַציאונגען פון די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן צו דעם אָרטיקן לעבן. ער האָט מיט זיי אײנגעטענהט, אַז צום ערשטן דאַרפן זיי ענדערן זײער באַציאונג צו דער פּאָלקס־הויז פעדעראַציע. זיי מוזן איבערנעמען דעם קאָנטראָל איבער אירע פּאָליסיס און באַשלוסן. צוליב דעם מוזן זיי, פריער פאַר אַלץ, שאַפן דאָרטן אַן אײגענע מערהײט. מיר טאָרן קײנמאָל זיך ניט פאַרלאָזן אויף קײן באַשלוסן פון אַ צופעליקער מערהײט — האָט ער געוואָרנט. מיר דאַרפן עס פאַרזיכערן זיך אײדער נאָך מיר שלאָגן עפּעס פאָר ביי אַ פאַרזאַמלונג אָדער באַראַטונג. צוליב דעם מוזן מיר אָרגאַניזירן אונדזערע אײגענע דעלעגאַטן אין פאָראויס. מיר מוזן האָבן אַ שטענדיקע פראַקציע און אַ פאַראַנטוואָרטלעכן קאָקוס. די פראַקציע מוז זײן אונטערן קאָנטראָל פון אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט. אַלע פּלענער און פאָר־שלאָגן דאַרפן אויסגעאַרבעט ווערן פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט מיט דעם קאָקוס. די פראַקציע דאַרף זיי נאָכדעם אָננעמען און דורכפירן. דער קאָקוס מוז זײן געהײם. זײנע באַשלוסן און דירעקטיוון זײנען אָבער אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע זײנע מיטגלידער.

מיר מוזן אײנשטעלן אין דער פּאָלקס־הויז פעדעראַציע — האָט ער געראָטן — אַ צענטראַליזירטע פאַרוואַלטונג און האַלטן זי אונטער אונדזער קאָנטראָל. צוליב דעם מוזן מיר אָרגאַניזירן אונדזערע אײגענע דעלעגאַטן אין אַ געהײמער פראַקציע, וואָס זאָל קענען באַאײנפלוסן די אַנדערע סימ־פּאַטיזירנדיקע דעלעגאַטן. עס דאַרפן אויסגעאַרבעט ווערן גענויע פּלענער ווי אַזוי צו פאַרקירעווען די פעדעראַציע אין אַ סאָציאַליסטיש־מאַרקסיסטי־שע ריכטונג. מיר טאָרן זיך אָבער ניט באַגרעניצן בלויז מיט דער אַרבעט פון דער פעדעראַציע. מיר מוזן זיך אויך אַקטיוו באַטײליקן אין דער אָרטי־קער אַרבעטער־פּאַרטיי. הילף פאַר רוסלאַנד איז געוויס נויטיק. די אַרבעט אין דער אָרטיקער באַוועגונג איז אָבער בילכער. — דאָס זײנען געווען לע־נינס אינסטרוקציעס פאַר אונדז אין יאָר 1903.

# די פֿאַרשווערונג

לעניגס עצה איז פֿאַר אונדז געוואָרן אַ געזעץ. מיר האָבן אַלץ געגוי אויסגעפֿאָלגט. מיר האָבן מאָביליזירט אַלע אונדזערע דעלעגאַטן אין דער פֿעדעראַציע. דאָס איז געווען אין מאַי 1903. מיר האָבן פּינקטלעך איבער־געציילט אונדזערע שטימען. מיר האָבן זיך אויך צוזאַמענגערעדט מיט עט־לעכע סימפּאַטיזירנדיקע דעלעגאַטן פֿון אַנדערע פֿאַראיינען. מיט זיי צוזאַ־מען האָבן מיר אָרגאַניזירט אונדזער פֿראַקציע. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט אונדזער געהיימן קאָקוס. נאָך אַלע צוגרייטונגען, האָבן מיר זיך גענומען אויסצואַרבעטן אונדזערע פּלענער.

דאָס ערשטע מיט וואָס מיר האָבן זיך פֿאַרנומען, איז געווען צו שאַפֿן אונדזער אייגענע מערהייט אין דער פֿעדעראַציע. מיר האָבן גענומען וועקן די פֿאַרשלאָפֿענע פֿאַראיינען. מיר האָבן זיי באַווירקט אויסצואוויילן זייערע טעטיקסטע און פֿאַראַנטוואָרטלעכסטע מיטגלידער אַלס דעלעגאַטן צו דער פֿעדעראַציע. מיר האָבן אַדורכגעפֿירט, אַז אַלע דעלעגאַטן מוזן שטענדיק זיין אַנוועזנד ביי אַלע פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער פֿעדעראַציע. דאָס אַלעס איז אָבער נאָך ניט געווען גענוג צו קריגן אַן אייגענע מערהייט. מיר האָבן דע־ריבער אָרגאַניזירט נייע פֿאַראיינען מיט נעמען פֿון דער הפּטורה. דאָס זיי־נען געווען שטרויענע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען באַשטאַנען פֿון די זעלבע חברים און האָבן געהאַט די זעלבע אויפֿגאַבן. בלויז זייערע נעמען זיינען געווען אַנדערע. די אַנאַרכיסטן האָבן אָבער אויך געטאָן דאָס זעלבע. עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ שאַרפֿער קאַמף אַרום די פֿאַרשלאַגן וועגן אַריינגעמען נייע אָרגאַניזאַציעס. כמעט די גאַנצע צייט פֿון די פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגט פֿאַרנומען ווערן מיט די דאָזיקע קריגערייען. די פּראַקטישע אַר־בעט פֿון דער פֿעדעראַציע איז דורך דעם שטאַרק פֿאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. אין אַזאַ צושטאַנד האָט די פֿעדעראַציע ניט געקענט איינאָרדנען קיין אונ־טערנעמונגען, פֿאַררופֿן מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען אָדער אַפּעלירן פֿאַר געלט־שטיצע.

דער קאָקוס פֿון אונדזער פֿראַקציע איז דעמאָלט געוואָרן נאָך מער אַק־טיוו. מיר האָבן באַשלאָסן אויסצואַרבעטן אַ קאָנסטיטוציע פֿאַר דער פֿעדע־ראַציע וואָס זאָל פֿאַרזיכערן אונדזער קאָנטראָל. פֿאַר דעם צוועק האָבן מיר באַשלאָסן אויסצואוויילן אַ קאָמיטעט פֿון דריי, וואָס זאָלן צוגרייטן דעם פּראָיעקט פֿאַר אַזאַ קאָנסטיטוציע. אין אמתן אָבער האָבן מיר דעם פּראָיעקט שוין פֿריער אויסגעאַרבעט ביי אונדזער קאָקוס. מיר האָבן אים אָבער גע־דאַרפֿט אַדורכפֿירן דורך אַ געזעצלעך דערוויילטן קאָמיטעט.

צוליב דעם מוזן מיר זיך באַוואָרענען מיט אַ מערהייט אין דער גע־פּלאַנטער דרייער־קאָמיטע. צוויי פֿון זיי דאַרפֿן זיין פֿון אונדזערע, דער דריטער מוז אָבער זיין פֿון זייערע מיטגלידער. אַנדערש וועט די דרייער־קאָמיטע ניט האָבן די געווינטשטע אויטאָריטעט. דער דריטער מוז אָבער

זיין אַ פּערזאָן, וואָס זאָל זיך לאָזן בויגן און נאָכגעבן. טשאַיקאָווסקי, האָבן מיר געדענקט, שיינט צו זיין דער פּאַסנדיקער דעלעגאַט פון די „נאַראָדני־קעס". ער איז געווען געניגט צו די אַנאַרכיסטן. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין פעסטע שטעלונג און איז געווען זייער נאָכגעביק.

ביידע צדדים האָבן שוין דעמאָלט געהאַט גלייכע צאָלן פון דעלעגאַטן אין דער פעדעראַציע. מיר האָבן דעריבער צוגעהיט ווען איינער פון זייערע דעלעגאַטן איז געווען אָפּוועזנד, און מיר האָבן דעמאָלט אַריינגעבראַכט אונדזער פאָרשלאַג וועגן דער דרייער־קאָמיטע. האָבנדיק אַ צופעליקע מערהייט האָבן מיר שוין געקענט דורכפירן אונדזערע פאָרשלאַגן.

דער צוזאַמענשטעל פון דער דרייער־קאָמיטע איז טאַקע געווען אַזוי ווי מיר האָבן פאָראויס באַשלאָסן. מיר האָבן דערוויילט חבר טאַאַר פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און חבר לעווין פון דעם יידישן ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און טשאַיקאָווסקין פון די נאַראָדניקעס. מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז ער וועט זיך לאָזן באַאיינפלוסן פון אונדזער מערהייט. די אַנאַרכיסטן אַקעגן, האָבן געהאָפט, אַז זיין נאָמען און פרעסטיזש וועט שטאַרק באַאיינפלוסן די דרייער־קאָמיטע.

ביי די פאַרהאַנדלונגען פון דער דרייער־קאָמיטע איז עס אָבער ניט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. טשאַיקאָווסקי איז גאָרניט געווען אַזוי נאָכגעביק ווי מיר האָבן דערוואַרט. עס איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער און איינגעשפּאַרטער פאַרטיי־קאַמף. אונדזער מערהייט איז געווען דערפאַר, אַז די פעדעראַציע זאָל זיין געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון צענטראַליזאַציע. די וויכטיקע פראַגן זאָלן באַשלאָסן ווערן פון אַן עקזעקוטיוו־קאָמיטע. עס זאָל זיך ניט פאָדערן קיין באַשטעטיקונג פון דער מיטגלידערשאַפט. טשאַיקאָווסקי האָט אָבער געפאָדערט ברייטע דעמאָקראַטיע. אונדזער פאָרשלאַג איז נאַטירלעך אָנגענומען געוואָרן מיט אונדזער מערהייט.

ווען עס איז געקומען צו שרייבן די פּראָיעקטירטע קאָנסטיטוציע, האָט זיך טשאַיקאָווסקי באַוואָרנט, אַז זיינע פאָרשלאַגן זאָלן פאַרצייכנט ווערן אַלס באַמערקונגען אין דעם פּראָיעקט. דאָס האָבן מיר נאָכגעגעבן. ער האָט אָבער ניט געוואָרנט, אַז ער וועט דעם גאַנצן פּראָיעקט באַקעמפן ביי דער פעדעראַציע. ער האָט ניט געזאָגט, אַז ער וועט אַריינטראָגן אַ מינדערהייט־באַריכט ביי דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. מעגלעך, אַז ער האָט פריער וועגן דעם ניט געטראַכט. וואַרשיינלעך האָבן די אַנאַרכיסטן אים באַאיינפלוסט צו באַשטיין אויף זיינע אויסזעצונגען.

## די שפּאַלטונג

מיר האָבן פאָרגעשלאָגן די פּראָיעקטירטע קאָנסטיטוציע ביי דער יולי־פאַרזאַמלונג פון דער פעדעראַציע. (אַ קאָפּיע פון דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע געפינט זיך איצטער אין דעם אַרכיוו פון דער איוואָ). אַלע

אונדזערע זעכצן דעלעגאַטן זיינען שוין דעמאָלט געווען אָנווערזנדיק. אונדזערע קעגנער זיינען אָבער אויך געווען פאַרטראָטן מיט אַלע זייערע זעכצן דע־לעגאַטן. אַלס פאָרזיצער האָבן מיר אויסגעוויילט איינעם פון זייערע דעלע־גאַטן. דערמיט האָבן זיי פאַרלוירן איינע פון זייערע שטימען. אונדז האָט דאָס געגעבן אַ מערהייט. מיר האָבן גערעכנט, אַז אונדזער פּראָיעקט וועט שוין זיכער אָנגענומען ווערן. מיר האָבן זיך אָבער אויך אין דעם אָפּגע־נאַרט. עס איז גאָרניט געקומען צו קיין אָפּשטימונג.

מיר האָבן פאָרגעשלאָגן אונדזער פּראָיעקט אין נאָמען פון דער דרייער־קאָמיטע. טשאַיקאָווסקי האָט אָבער אַריינגעטראָגן אַ מינדערהייט־באַריכט. אויף דעם האָבן מיר זיך גאָרניט געריכט. עס איז פאַר אונדז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע קעגנער האָבן אויך אַ געהיימן קאָקוס. טשאַאיקאָווסקי האָט זיך טאַקע געלאָזן באַאיינפלוסן אָבער ניט פון אונדז. דער אַנאַרכיסטי־שער קאָקוס האָט אים אַריבערגעצויגן אויף זיין זייט.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ היציקע דעבאַטע. באַשולדיקונגען און קעגן־באַשולדיקונגען זיינען געפאַלן פון ביידע זייטן. מען האָט איינע די אַנדערע ניט געשאַנעוועט. טשאַיקאָווסקי האָט געפאָדערט רעספּעקט פאַר זיין יחוס פון 25 יאָר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דער זייער פּייאיקער און געלאַ־סענער אַלאַדין, איז געווען דער פאָרזיצער. ער האָט געפירט די פאַרזאַמ־לונג מיט גרויס טאַקט און טאָלעראַנץ צו ביידע זייטן. פון איבערצייגונג איז ער געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. געשטימט האָט ער אָבער מיט די אַנאַרכיסטן. ער האָט שטענדיק געהאַנדלט אומאָפּהענגיק. מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ מערהייט שטימען. די מינדערהייט האָט אָבער ניט דערלאָזן צו נעמען דעם פּראָיעקט צום אָפּשטימען. דער פאָרזיצער איז דאָך געווען איינער פון זייערע. דער טומל פון די געשרייען און קריגערייען זיינען געוואָרן אַלץ גרעסער. עס איז דערגאַנגען ביז צו סקאַנדאַלן. מיר האָבן שוין ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי צו פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג.

מיר האָבן זיך באַלד צוריק פאַרזאַמלט אין דעם דאָקטאָר נאַגעלס אויפ־נעם־אָפּיס. ער איז געווען דער נייער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע. דאָס איז געווען שוין נאָך איינס אַזייגער ביינאַכט. דאָרטן האָבן מיר גע־עפנט אונדזער אייגענע פאַרזאַמלונג. מיר האָבן דאָך געהאַט די געזעצלעכע מערהייט דעלעגאַטן און דער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציע איז דאָך אויך געווען מיט אונדז. ער האָט אויך געהאַט די געשעפטס־ביכער, דעם שטעמפּל און די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ פון דער פעדעראַציע אַזוי אויך איר פּראָטאָקאָל־בוך. מיר האָבן דעריבער געפילט באַרעכטיקט צו דער־קלערן זיך אַלס די געזעצלעכע פעדעראַציע.

מיר האָבן דעמאָלט צונויפגעשטעלט אַ געטריעם פּראָטאָקאָל פון דער גאַנצער געשיכטע. דאָרטן האָבן מיר דערקלערט די אורזאַכן פון דער שפּאַלטונג. מיר האָבן שטאַרק אונטערגעשטראָכן די שולד פון אונדזערע

קעגנער. מיר האָבן נאַטירלעך באַרעכטיקט און פאַרטייטיקט אונדזער אייגענע האַנדלונג. אויף דעם דאָזיקן גרונט האָבן מיר זיך דערקלערט אַלס די געזעצלעכע קערפּערשאַפט. מיר האָבן דעריבער אַפּעלירט צו דער עפנטלעכקייט אין נאָמען פון גערעכטיקייט.

דער פּאַרטיי־קאַמף איז דעמאָלט אַרויס פון די ענגע פאַרזאַמלונגס־צימערן. ער האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן יידישן קוואַרטאַל. ער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די באַריכטן פון די דעלעגאַטן צו זייערע אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען. אין אייניקע פון זיי האָט עס פאַראורזאַכט אַ העפטיקן קאַמף צווישן די אָנהענגערס פון די קעגנזעצלעכע צדדים. עס האָט אַפילו געשטערט אונדזערע לעקציעס און דיסקוסיעס. די אומפאַראַנטוואָרטלעכע האַנדלונג פון מאַנכע אַנאַרכיסטישע פירער איז דערגאַנגען ביז צו סאַבאָטאַזש. ביי חבר בעעקס אַ לעקציע האָבן זיי זיך פאַרגונען צו אויסדרייען אין קעלער די גאַז פאַר באַלייכטונג אום צעטרייבן דערמיט די צוהערערס.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַרום אַ יאָר צייט. עס האָבן זיך איינגעשטעלט צוויי קעגנזעצלעכע גרופּירונגען.ביידע האָבן געטענהט, אַז זיי זיינען די אמתע פעדעראַציע. דאָס האָט געשאַפן פיל ערגערניש און שאָדן פאַר ביידע זייטן. מיט דער צייט איז אָבער דער צעשטערנדיקער ברודער־קאַמף ביסלעכווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער ביטערער האַס איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנקורענץ פאַר דערגרייכונגען; אין אַ קאַמף צו איבערשטייגן איינע די אַנדערע דורך אַקטועלע געווינסן.

אין אַ געוויסן זין איז די שפּאַלטונג גאָר געוואָרן אַ געווינס פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז שוין ניט געווען מיט וועמען צו קריגן זיך ביי די געשעפטס־פאַרזאַמלונגען. מען האָט שוין געקענט באַנוצן די צייט אויף עפּעס בעסערס. די פּראַקטישע אַרבעט האָט דערפון אַ סך געוואונען. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז שטייגן אַליין איז פּרוכטבאַרער איידער צו אַראָפּדריקן דעם קעגנער. דער צעשטערנדיקער קאַמף איז דעריבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חברישער קאָנקורענץ פון בויען און שאַפן. ביידע זייטן פון דער שפּאַלטונג האָבן דערפון פיל געוואונען.

אין אַ יאָר אַרום האָבן שוין די סאָציאַליסטן פאַרמאָגט זייער אייגן פאָלקס־הויז. איר גרינדער איז געווען הויפּטזעכלעך דער יידישער ברענטש פון דער אָרטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די אימיגראַנטישע פאַראיינען האָבן אויך אַ סך אַרויסגעהאָלפן. אַ געוויסע צייט איז דער דאָזיקער ברענטש געווען פאַרשלאָפן און אומטעטיק. ער האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט די פראַגן פון טאָג. די פּראָבלעמען פון דעם אָרטיקן לעבן זיינען פאַר אים געווען פרעמד. קיין אייגענע איניציאַטיווע האָט ער ניט געהאַט. דאָס איז געווען אַ טיפּישע אָרגאַניזאַציע פון האַלב אויסגעגרינטע פּראָווינציעלע אימיגראַנטן. זייערע פאַרזאַמלונגען זיינען געווען אָנגעצוי־

געגע און סטאַטעטשנע, זיי זיינען געווען לעבלעך און וואַכעדיק. זיי האָבן ניט פאַרמאָגט דעם רעוואָלוציאָנערן פייער און ערנסט. זיי האָבן זיך מער אָפּגעגעבן מיט צערעמאָניע און העפלעכקייט איידער מיט אַרבעט און קאַמף.

דער כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן ברענטש האָט זיך אָבער, מיט דער צייט געביטן. דורך לעבינס איינפלוס, האָבן פילע פון אונדזערע חברים זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אָרטיקן ברענטש. די פאַרברענטע רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן האָבן אַריינגעגאָסן נייע בלוטן אין דעם פאַרעלטערטן קערפּער. די היציקע און ענערגישע טוערס האָבן אים שנעל צעוואַרעמט. עס האָט זיך דאָרטן געבנומען רודערן און באַוועגן זיך. נייע פּלענער פאַר אַרבעט, טעטי־קייט און אונטערנעמונגען האָבן אויפגעלעבט די אָרגאַניזאַציע. זיין איינפלוס אויף דער ענגלישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע איז אין דער זעלבער צייט אויך געוואָקסן. די אַרבעטער־באַוועגונג פון דעם יידישן געגנט האָט זיך שנעל דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען ביי די ענגלישע סאָציאַליסטן. גענאָסע היידמאַן אַליין האָט אַמאָל געזאָגט, אַז די ענגלישע סאָציאַליסטן דאַרפן זיך לערנען פון זייער יידישן ברענטש אין די פראַגן פון פּאָליטישער טעטיקייט. די ענגלישע גענאָסן האָבן זיך באַצויגן צו זיי מיט גרויס אָפּשיי. זיי האָבן באַוואונדערט זייערע גרויסע דערגרייכונגען אין אַזאַ קורצער צייט און אין אַ פרעמד לאַנד דערצו. זיי האָבן זיך דעריבער שטאַרק גערעכנט מיט די פאָרשלאַגן, וואָס פלעגן קומען פון דעם יידישן ברענטש.

דער שיינער טרוים פון אַן אייגענער פאָלקס־הויז איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין 1904. אַהינצו האָבן זיך אַריבערגעקליבן די אַלע פאַרשיידענע צווייגן פון אונדזער באַוועגונג, מיט זייערע אַלע טעטיקייטן און אונטער־נעמונגען. חבר טעפּלאָווס גרויסע ביבליאָטעק האָט זיך אויך אינגיכן אַריבערגע־קליבן אַהינצו. מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן אַרויסגעבן אונדזער וואָכנבלאַט „די נייע צייט״. איר רעדאַקטאָר איז געווען חבר בעעק. עס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן, אַז די שפּאַלטונג איז געווען אַ בויטיקע און נוצלעכע אָפּעראַציע.

## די געהיימע בראָשורע

דער לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (1903), איז געווען רייך אין רייבונגען און שפּאַלטונגען. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דער אָפּשפּאַלטונג פון „בונד״. געענדיקט האָט זיך עס מיט דער צעשפּאַלטונג פון דער גאַנצער פּאַרטיי אויף מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס. איינע פון די ערשטע פראַגן צום פאַרהאַנדלען איז געווען די פאָדערונג וועגן פולער אויטאָנאָמיע פאַרן „בונד״ און אַז די גאַנצע פּאַרטיי זאָל זיין געבויט אויף פעדעראַטיווע יסודות.

דער „בונד״ האָט געהאַט פינף פון זיינע פּייאיקסטע מיטגלידער אַלס דעלעגאַטן ביי דעם צוזאַמענפאָר. זיי אַלע האָבן שטאַרק פאַרטיידיקט דעם „בונדס״ פאָדערונגען. לעניך איז אָבער געווען פאַר צענטראַליזאַציע. פּלע־

כאַנאָוו, מאַרטאָוו און טראָצקי, האָבן אויך באַקעמפט דעם פאָרשלאַג פון „בונד". נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט דער צוזאַמענפאָר צוריקגעוויזן די פאָ־דערונג פון „בונד". דער „בונד האָט דעמאָלט פאַרלאָזן דעם צוזאַמענפאָר. ער איז דערמיט אַרויסגעטראָטן פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פאַרטיי.

דער דאָזיקער שריט איז געווען אַ געוואַגטער און אַ ריזיקאַלישער. עס האָט געשטעלט אין געפאַר דעם צוטרוי פון זיינע מיטגלידער און אָנהענ־גערס. עס איז קלאָר געווען, אַז די פאַרטיי וועט איצט באַקעמפן דעם „בונד" מיט איר גאַנצער אויטאָריטעט. דער „בונד" האָט זיך דעריבער געוואָלט באַצייטנס באַוואָרענען. ער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער אין פעלד מיט זיינע אַרגומענטן אום צו באַאיינפלוסן די עפנטלעכע מיינונג איידער נאָך די פאַר־טיי וועט עס קענען טאָן.

אַ געוויסע צייט האָט מען עס אָבער ניט געקענט טאָן גאַנץ אָפן. דער צוזאַמענפאָר האָט נאָך אָנגעהאַלטן זיינע זיצונגען. די וויכטיקערע שטרייט־פראַגן זיינען נאָך ניט אויפגענומען געוואָרן. פיל דעלעגאַטן האָבן דערנאָך געדאַרפט צוריקפאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד. עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען וואָלטן זיי געקענט שטעלן אין געפאַר. דער „בונד" האָט דערפאַר געמוזט אָפּוואַרטן ביז וואַנען דער צוזאַמענפאָר וועט פאַרענדיקן זיין אַרבעט און די דעלעגאַטן וועלן קומען אַהיים אומגעשטערט און אומבאַמערקט. אין דער שטיל האָט אָבער דער „בונד" צוגעגרייט זיין גאַנצע סטראַטעגיע. ער האָט זיך פאַרנומען צו באַגרינדן און פאַרטיידיקן זיין שטעלונג.

עס איז דעמאָלט צונויפגערופן געוואָרן אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון אָפּגעקליבענע בונדיסטן. וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט פאַר זיי אויפגעקלערט די געשאַפענע לאַגע. ער האָט זיי געוואָרנט וועגן דער מעגלעכער געפאַר. ער האָט פאָרמולירט די אויפגאַבן פון די אָנפירנדיקע חברים. זיין רעפע־ראַט איז געווען קלאָר, וויסנשאַפטלעך און זאַכלעך. עס איז געווען אַ מייס־טערווערק אין שפּראַך און אין אויסדרוק. עס האָט דערגרייכט דעם צוועק: אַלע אָנוועזנדע האָבן באַשטעטיקט מיט זייער באַגייסטערונג די שטעלונג פון „בונד".

דער „בונד"האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ בראָשורע פאַר דעם צוועק. אין דער דאָזיקער בראָשורע איז די גאַנצע פראַגע צעגלידערט און באַגרינדעט געוואָרן. עס האָט געמוזט פאַרטיק ווערן צום פאַרשפּרייטן וואָס גיכער. עס איז אָבער געהאַלטן געוואָרן אין געהיים ביז דער צוזאַמענפאָר וועט זיך שליסן און די דעלעגאַטן וועלן צוריקקומען קיין רוסלאַנד.

דעם 30־טן יולי, 1903, האָט מיר גלעב מוטניק צוגעשיקט אַן אָנ־ווייזונג פון „בונד" צו נעמען אין נאַראָדניצקיס דרוקעריי די אָפּגעדרוקטע בויגנס פאַר 500 בראָשורן צום אייבינדן. 200 פון זיי דאַרפן זיין אויף דינעם פּאַפּיר פאַר רוסלאַנד, און 300 אויף געוויינלעכן פּאַפּיר. מען האָט מיך דער־

נאָך געמפן אין דער רעדאַקציע פון „בונד״. דאָרטן האָט מען מיר דער־קלערט, וואָס איך האָב צו טאָן. איך דאַרף עס בראָשורירן און פאַרטיק מאַכן צום פאַרשפּרייטן. דאָס דאַרף פאַרטיק ווערן וואָס שנעלער. עס דאַרף אָבער געטאָן ווערן אין פולער געהיימניש. קיינער טאָר דערפון ניט וויסן. די פאַרטיי־חברים ווערן זיך קענען דערוויסן וועגן דעם ערשט שפּעטער.

איך האָב דעמאָלט געוואוינט צוזאַמען מיט מיינעם אַ חבר, ברוך שטיין — אויך אַן איינבינדער. מיר האָבן געלעבט קאָמוניסטיש, דאָס הייסט, ער האָט געאַרבעט און איך האָב געזוכט אַרבעט. ער איז אָבער געווען גאַנץ שוואַך אין קאָנספּיראַציע. ער פלעגט זיך דערלויבן צו ברענגען אַנדערע חברים צו אונדז אין צימער. איך האָב עס נאַטירלעך ניט געוואָלט לײַדן. מיר פלעגן זיך צוליב דעם אָפט אַרומקריגן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. איך האָב זיך דעריבער אַרויסגעקליבן אין אַן אַנדער צימער. דאָס איז אָבער געווען אַ שלעכטער אויסוועג. די בראָשורע און דאָס געצייג האָב איך דאָך ניט געקענט מיטנעמען אין מיין נייעם צימער. דער סוד פון דער בראָשורע איז דעריבער ניט געווען באַוואָרנט ווי געהעריק.

אין אַ קורצער צייט דערנאָך האָט מען מיך ווידער גערופן אין דער רע־דאַקציע פון „בונד״. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די בראָשורע איז שוין אַרייִנגעפאַלן אין די הענט פון דער פאַרטיי. איך האָב זיך געוואָלט פאַר־ענטפערן. זיי האָבן אָבער מיר דערקלערט, אַז עס האָבן ניט געטאָרט זיין קיין תירוצים. — „איר האָט גאָר קיין רעכט ניט געהאַט צו פאַרטרויען דעם סוד צו אַ צווייטן״ — האָבן זיי מיר דערקלערט.

## דער „בונד״ אין לאָנדאָן

צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּירונגען אין לאָנדאָן איז דער „בונד״ געווען דער שטאַרקסטער. ער האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל מיט־גלידער און נאָך גרעסער איז געווען די צאָל פון זיינע אָנהענגער און סימ־פּאַטיקער. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען מער געניויגט צו דער אַגי־טאַציע פון „בונד״, זיי האָבן אים בעסער פאַרשטאַנען און געשעצט. די בונדישע שפּראַך און די בונדישע פאָדערונגען זיינען זיי געווען נענטער צום האַרצן. די אָנוועזנהייט פון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן צום איינפלוס פון „בונד.״

אין די יאָרן 1900־1905, האָט זיך די בונדיסטישע דרוקערײַ געפונען אין לאָנדאָן. דאָרטן האָבן דעמאָלט אויך געוואוינט די מערהייט מיטגלידער פון אויסלענדישן קאָמיטעט. זיי האָבן פאַוואוינט אַ הויז פון דריי שטאָק אין אַ זייטיקער געסל פון ווייטשעפּל. די זעצערײַ האָט זיך געפונען אויפן ערשטן שטאָק׳ אין קעלער זיינען געלעגן פאַרשיידענע דרוק־מאַטעריאַלן אין די אַלטע און נייע אויסגאַבן. דער אַרכיוו און די רעדאַקציע זיינען אויך געווען אויפן ערשטן שטאָק. די אויבערשטע צוויי שטאָקן האָבן פאַרנומען אַלעק־

סאַנדער קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי, גלעב מוטניק און אברהם נאַ־טאַנזאָן (איסער ראפקין).

זייער היימישער רעזשים איז געווען אַ שטרענג דעמאָקראַטישער. קיין באַדינונג איז ניט געווען דערלויבט. יעדער איינער פון זיי האָט אַליין גע־זאָרגט וועגן זיין צימער. נאָכן עסן פלעגט יעדערער דאַרפן וואַשן דאָס גאַנ־צע געפעס לויט דער רייע. די חברטע, וואָס האָט אויך דאָרטן געוואוינט, פלעגט בלויז איינקויפן און קאָכן.

נאַטאַנזאָן איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער דרוקעריי און דער אָפיציעלער אַרויסגעבער. ער איז געווען דער הויפּט־זעצער. אַחוץ אים האָט דאָרטן אויך געאַרבעט נאָך אַ זעצער. זיינע אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען באַטיר־לעך געווען זייער גוטע. ער האָט געאַרבעט קורצע שטונדן אין אַ חברישער אַט־מאָספערע. זיינע שכירות זיינען אויך געווען גרעסער איידער אין די אַנדערע דרוקערייען. ער איז אָבער געווען נאַכלעסיק און פויל. מען האָט פון אים שטאַרק געליטן. אָפּזאָגן אים האָט מען אָבער ניט געקענט. דער „בונד" האָט זיך דאָך ניט געקענט דערלויבן צו האָבן אַ סטרייק אין זיין דרוקעריי. דער דאָזיקער זעצער האָט דאָס געוואוסט און האָט דערמיט שטאַרק מיסברויכט. עס איז געווען אַ וויי־טיק צו זען ווי די גרויסע קרבנות פון די שרייבערס און טוערס ווערן מיסברויכט פון אַזאַ פוילענצער.

חבר בעעק איז דאָרט געווען אַן אָפטער גאַסט. שיין איז געווען ווען ער פלעגט זיך פאַרמעסטן אַלס קוכער. צווישן זיינע פיל קענטענישן איז ער נאָך אויך געווען אַ קינסטלער אין קאָכן. אַז ער פלעגט צייטנווייז צוגרייטן פאַר זיי אַ מאָלצייט, פלעגט עס אַרויסקומען גאָר גרויסאַרטיק. מען האָט זיך גאָרניט געקענט געניוג אָפּלויבן פון זיין קונסט אין קאָכן.

ער פלעגט שטענדיק פירן הייסע דעבאַטן מיט די מיטגלידער פון אויס־לענדישן קאָמיטעט. די הויפּט־פראַגן זיינען געווען די נאַציאָנאַלע אויטאָ־נאָמיע און דער פעדעראַטיווער געבוי פון דער פאַרטיי. ווען דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטן פון דער פאַרטיי, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן. זיי־ערע באַציאונגען זיינען שוין דעמאָלט געוואָרן אָנגעצויגן. ער האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן אָפּפרעמדן זיך פון „בונד". ער האָט געטענהט, אַז דער „בונד" איז אַוועק אין אַ נאַציאָנאַליסטישער ריכטונג און האָט געוואָרנט, אַז דאָס קען אים פאַרפירן צו שאָוועניזם. דער „בונד", האָט ער געזאָגט, דאַרף זיך איצט ניט באַנוצן מיט דעם נאָמען פון דער פאַרטיי. זיינע אויסגאַבן דאַרף ער אָנשטאָט דעם באַצייכענען מיט דעם לאָזונג: „אַטאָ בכאַרטאָנו מיקאָל כאַמים" (אתה בחרתנו מכל העמים). קיין „ה" האָט ער ניט געקענט אַרויסריידן.

אויף דער פּראַקטישער אַרבעט האָט עס אָבער געהאַט אַ קנאַפּע וויר־קונג. מען האָט געאַרבעט צוזאַמען ביי אַלע אונטערנעמונגען, אויף די מאַסן־פאַרזאַמלונגען, אויף די פייערונגען, און אויף די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַ־

ציעס. אין דער פאָלקס־הויז פּעדראַציע האָבן די בונדיסטן געאַרבעט אונ־
טער דער פירערשאַפט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אין דער דרוקעריי פון „בונד" פלעגן די חברים קומען זייער אָפט.
דאָרטן פלעגט מען באַריכטן וועגן דער אַרבעט; דאָרטן פלעגט מען הערן
וועגן די לעצטע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד. דאָרטן פלעגט מען אויך קריגן
די נויטיקע אינפאָרמאַציעס און אינסטרוקציעס. איך פלעג אויך אַהינצו
קומען זייער אָפט. נאַטאַנזאָן איז געווען איינער פון אונדזער וויטעבסקער
לייענקרייז. זיין נאָמען איז נאָך דעמאָלט געווען איסער ראַפּקין. צו אים
בין איך עס געקומען פון רוסלאַנד. ער האָט אָבער מיר ניט געקענט העלפן
צו קריגן אַרבעט.

דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם בונדישן צוזאַמענפאָר אין ביאַלאָסטאָק.
אַ דעלעגאַט פון דעם צוזאַמענפאָר האָט מיך אין ביאַלאָסטאָק שטאַרק אָנ־
געשראָקן. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין „בונד" קומען פאָר שטאַרקע
רייבונגען. די מיטגלידער זיינען אומצופרידן מיט די שטאָט־קאָמיטעטן.
אַ טייל קאָמיטעטן בונטעווען זיך קעגן דעם צענטראַלן קאָמיטעט. איך אַליין
בין אויך דעמאָלט געווען אין אַן אומצופרידענער שטימונג. איך האָב ניט
געקענט באַרעכטיקן דאָס פעלן פון גענוג דעמאָקראַטיע. איך האָב דאָך אַליין
בייגעוואוינט די אָפּאָזיציעס אין דווינסק און אין ביאַלאָסטאָק. איך האָב
אויך ניט געקענט אָננעמען די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם. איך האָב דעריבער
גענומען זיין באַריכט פאַר ריכטיק. טיילווייז איז עס טאַקע געווען אַזוי,
אָבער עס איז ניט דערגאַנגען אַזוי ווייט ווי דער דעלעגאַט האָט מיר דער־
ציילט. אין אַ לעבעדיקער מאַסן־באַוועגונג קען מען זיך ריכטן אויף צייט־
וויליקע רייבונגען.

ווען איך בין געקומען קיין לאָנדאָן האָב איך עס דערציילט נאַטאַנזאָ־
נען. איך האָב זיך ניט גערירכט, אַז דאָס וועט אויפגענומען ווערן ביי דעם
אויסלענדישן קאָמיטעט. איך האָב עס בלויז דערציילט ווי צו אַ פּערזענלעכן
פריינט אין אַ פּריוואַטן געשפּרעך. נאַטאַנזאָן האָט עס אָבער געמוזט באַריכטן
צום אויסלענדישן קאָמיטעט. דאָרטן איז עס באַטראַכט געוואָרן זייער ערנסט.
זיי האָבן זיך דערפון שטאַרק דערשראָקן. אַלעקסאַנדער איז באַלד געפאָרן
קיין רוסלאַנד אויסצופאָרשן די לאַגע. דאָרטן האָט ער זיך איבערצייגט,
אַז די מעשה איז איבערטריבן. אויף די באַציאונגען מיט מיר האָט עס אָבער
ניט געהאַט קיין ווירקונג. איך פלעג קומען צו זיי גאַנץ אָפט און האָב זיך
דאָרטן געפילט גאַנץ היימיש. איך פלעג זיי אויך אַרויסהעלפן אין קליינ־
קייטן. איך האָב פאַר זיי איינגעבונדן און איינגעאָרדנט זייער גאַנצן אַרכיוו.
איך פלעג אויך אַרויסהעלפן וולאַדימיר קאָסאָווסקין אין זיינע איבערזעצונ־
גען.

אין זיין שריפטלעכער און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך דער
„בונד" באַנוצט כמעט אויסשליסלעך מיט דער יידישער שפּראַך. די פּראַגע

פון העברייאיש האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט. פאַר אים איז יידיש געווען די שפּראַך פון די אַרבעטער־מאַסן. די פּראַקטישע נויטווענדיקייט פון דער פּראָפּאַגאַנדע האָט דאָס דיקטירט. ער האָט געמוזט שרייבן און ריידן אויף פּראָסט מאַמע־לשון. ער האָט דאָך ניט געקענט קומען צו די אַרבעטער מיט דער שפּראַך פון געוויסע אַריסטאָקראַטישע אינטעליגענטן.

איך געדענק די גרויסע פרייד, וואָס די איבערזעצונג פון „ערפורטער פּראָגראַם" האָט אַרויסגערופן. יידיש איז דעמאָלט געווען נאָך זייער אָרעם אין ווערטער און אויסדרוקן. די יידישע ליטעראַטור איז נאָך געווען אין אירע קינדער־יאָרן. דער קרייז פון אירע לייענער האָט זיך ערשט געהאַלטן אין שאַפן. עס איז דעריבער שווער געווען צו גלויבן, אַז אַזאַ וויסנשאַפט־לעך ווערק זאָל קענען איבערגעזעצט ווערן אין יידיש. דאָס איז אָבער פּאָרט געשען. דעריבער איז עס געווען אַזאַ גרויסע פרייד. עס האָט געעפנט אַ וועג פאַר ווייטערע אַנטוויקלונגען. די יידישע סטודענטן אין שווייצאַריע האָבן דעמאָלט צוגעשיקט אַ באַגריסונג צו דעם אויסלענדישן קאָמיטעט: — „מיר באַגריסן איך מיט דעם גרויסן זיג פון יידיש!" — האָבן זיי טעלע־גראַפירט. פאַר דער יידישער שפּראַך איז עס ווירקלעך געווען אַ גאַר גרוי־סער זיג.

## דעם „בונדס" ווירקונג

אין לאָנדאָן האָט פונקציאָנירט דער בונדישער פאַראיין „וועקער", פעני ניכאַמקין איז געווען די סעקרעטאַרין, רייכל פּאָרטנאַי, סילווער, סינאַי און ברוך שטיין זיינען געווען צווישן די טעטיקע מיטגלידער. דאָס איז געווען אַן אונטערשטיצונגס־פאַראיין פאַרן „בונד" אין רוסלאַנד. ער האָט זיך אָבער ניט אויסגעצייכנט מיט קיין גרויסער אַרבעט. פאַר רוסלאַנד האָט ער ווייניק וואָס געקענט אויפטאָן. קיין פינאַנציעלע שטיצע האָט ער ניט געקענט שיקן. זיינע מיטגלידער זיינען מערסטנטייל געווען אָרעם און אַרבעטסלאָז. מיט דער אָרטיקער באַוועגונג האָט ער ניט געהאַט קיין קאָנטאַקט. ער איז געווען טעטיק בלויז צווישן די אימיגראַנטן. ער האָט זיך באַשעפטיקט הויפּטזעכ־לעך מיט קולטורעלע אַרבעטן און פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער פאָלקס־הויז פעדעראַציע און אין די אונטערנעמונגען פון דער סאָציאַליסטישער קאָלאָניע. אונטערגעשטיצט האָט ער מער די אַריבער־געקומענע בונדיסטן איידער דעם „בונד" אין רוסלאַנד. די דאָזיקע היימ־לאָזע קעמפערס האָבן אין אים געפונען זייער פריינט און באַשיצער. דאָרטן האָבן זיי זיך געקענט חבריש דורכריידן מיט זייערס גלייכן. דאָרטן האָבן זיי געהערט וועגן אַלע וויכטיקע פּאַסירונגען אין זייער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

דער „וועקער" פלעגט אָפט אַראַנזשירן היימישע פאַרוויילונגען, קאָנ־צערטן און קליינע פאָרשטעלונגען. עטלעכע פון זיינע מיטגלידער זיינען אויך געווען טעטיק אויפן עקאָנאָמישן פראָנט. זיי האָבן באַקעמפט די „סוועטינג־

סיסטעם" און האָבן געפּרואווט אַריינצודרינגען און באַאיינפלוסן די אָרטיקע יידישע יוניאָנס.

דער „בונד" האָט אויך געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע פון „רויטן־קרייץ" פאַר די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע. דאָס איז געווען אַ פּיקטיווע אָרגאַניזאַציע מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון בוכשטעבלעך דריי מיידלעך. רחל, פעני ניכאַמקין און רייכל פּאַרטנאַי (נחס שוועסטער) זיינען געווען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע. לויט זייער טעטיקייט זיינען די דריי אויך איבעריק געווען. זיי האָבן אָבער אומעטום געפאָדערט פאַרטרעטערשאַפט. די זעלבע דריי פלעגן שטענדיק זיין פאַרנומען אַלס דעלעגאַטן צו פאַרשיידענע קערפּערשאַפטן. צוליב דעם אייגנטלעך האָט דער „בונד" זיי געדאַרפט האָבן. אַלע האָבן געוואוסט ווער און וויפיל זיי זיינען. מען האָט זיי אָבער געמוזט אָנערקענען. זיי האָבן געטראָגן אַ שיינעם נאָמען און פאַרמאָגט אַ שטעמפּל פון זייער אָרגאַניזאַציע. געזעצלעך האָט מען זיי ניט געקענט צוריקווייזן. די אַנדערע בונדישע דעלעגאַטן האָבן העפטיק געקעמפט פאַר זיי. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם זאָגענאַנטן פרויען פאַראיין.

מיט לעקציעס האָבן זיך די לאָנדאָנער בונדיסטן ווייניק אָפּגעגעבן. זיי האָבן ניט געהאַט גענוג אינטעלעקטועלע קרעפטן דערצו. זיי זיינען געווען רייך אין מיטגלידער און אין אָנהענגער. זייער פּראָפּאַגאַנדע אין קולטור־אַרבעט איז געווען גאַנץ דערפּאָלגרייך. קיין לעקטאָרן האָבן זיי אָבער ניט געהאַט. דאָס ביסל בונדיסטישע אינטעליגענץ איז געווען צעזייט אין אַ סך לענדער און שטעט. אַלעקסאַנדער איז געווען אַ טיפער דענקער און אַן אויסערגעוויינלעך פייאיקער אָרגאַניזאַטאָר. קיין רעדנער איז ער אָבער ניט געווען. פון אַרויסטרעטן עפנטלעך האָט ער זיך שטענדיק צוריקגעהאַלטן. וולאַדימיר איז געווען שטענדיק פאַרנומען מיט די בונדישע אויסגאַבן. די חברים, וואָס פלעגן קומען פון רוסלאַנד האָבן געהאַט וויכטיקערע אַרבעט צו טאָן. אויסער דעם האָבן זיי זיך צוריקגעהאַלטן פון ווייזן זיך פאַר דער עפנטלעכקייט. אַ בייז אויג פון אַ רוסישן שפּיאָן וואָלט זיי שפּעטער געקענט פאַרשאַטן אין רוסלאַנד. בלויז גענאָסין פרייער און גענאָסע טערמאַן פלעגן ווען ניט איז געבן אַ לעקציע.

אין אינטעלעקטועלע קרעפטן זיינען געווען רייך די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. זיי פלעגן עס זיין די סאָציאַליסטישע לעקטאָרן אין לאָנדאָן. דיביידע טאַאַרס — מאַן און פרוי, פלעגן אָפט געבן לעקציעס, אַזוי אויך די ביידע אַלאַדינס — מאַן און פרוי. צייטנוויז פלעגט אויך גענאָסע אַלעקסייעוו לעקטשורן. חבר בעעק פלעגט האָבן אַ לעקציע יעדע וואָך אין יידיש. די באַזוכערס זיינען כמעט אַלע געווען יידישע אַרבעטער. מערסטנטייל זיינען עס טאַקע געווען בונדיסטן.

די אַנאַרכיסטן האָבן געהאַט אַ סך מיטלמעסיקע רעדנערס און לעקטאָרן. רודאָלף ראָקער איז געווען אַ קראַפט. ער פלעגט אָפט ריידן וועגן ליטע־

ראַרישע און פּאָליטישע פּראָגעס. זיי האָבן שטאָלצירט מיט זייער קראָ־
פּאָטקין. מען האָט אים אָבער קיינמאָל ניט געזען און ניט געהערט אין דעם
יידישן קוואַרטאַל. די „נאַראָדניקעס" האָבן געהאַט זייער טשאַיקאָווסקין.
די טאָלסטאָווצעס האָט פאַרטראָטן געגאָסע טשערטקאָוו. ער איז געווען דער
אַרויסגעבער פון טאָלסטאָיס ווערק אין לאָנדאָן. מען פלעגט אים אָבער
ניט זען צווישן די אַרבעטער. קיין אָרגאַניזירטע גרופּן האָבן די טאָלסטאָוו־
צעס ניט געהאַט אין לאָנדאָן. קיין סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענטן
זיינען אין לאָנדאָן ניט געווען. זיי פלעגן זיך אין אויסלאַנד אָנשליסן אָדער
צו די אַנאַרכיסטן אָדער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

דער קאָפּ פון „בונד" איז געווען דער שוויגנדיקער אַלעקסאַנדער. ער
איז געווען דער מוח און דער כוח פון דער גאַנצער אַרבעט. צו די געוויינ־
לעכע פאַרזאַמלונגען פלעגט ער אָבער קומען זייער זעלטן. איך האָב אַמאָל
פאָרגעשלאָגן צו גרינדן אין לאָנדאָן אַן אַרבעטער־רינג, וואָס זאָל פאַראייניקן
די פּראָגרעסיווע אימיגראַנטן פון אַלע ריכטונגען פאַר אויפקלערונג און
זעלבסט־הילף. דאָס איז געווען אין 1902. ניט לאַנג נאָך דער גרינדונג פון
דעם אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק. אַלעקסאַנדער איז אָבער געווען קעגן
דעם. ער האָט, ווייזט אויס, זיך געשראָקן פאַר אַ קאָנקורענט. ער האָט
מסתמא מורא געהאַט, אַז די אַרבעט פון זעלבסט־הילף וועט שטערן די אַר־
בעט פון „בונד". עס וועט צונעמען געלט און טוערס, און וועט פאַרקירעווען
דעם אינטערעס פון די מיטגלידער אין אַן אַנדער ריכטונג. מיין פאָרשלאַג
איז צוריקגעוויזן געוואָרן. איך האָב אָבער דעמאָלט ניט געקענט פאַרשטיין
די אורזאַכן פון זיין קעגנערשאַפט, נאָך וויניקער האָב איך עס געקענט באַ־
רעכטיקן.

איך האָב דעם באַשלוס אויפגענומען ווי אַ דרוק פון „אויבן". אינגיכן
האָב איך אָבער אויסגעפונען מיין טעות. אַלעקסאַנדער האָט קיינמאָל ניט
געזוכט אַרויפצוצווינגען זיין מיינונג אויף די מיטגלידער. ער האָט עס אָפט
געטאָן אויף קאָנפערענצן מיט אַנדערע פאַרטייען און ריכטונגען. אַזוי איז
עס צום ביישפּיל, געווען אין 1903, אויף דער קאָנפערענץ פאַר דער פּראָ־
טעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן די פּראָגראָמען אין רוסלאַנד. דער „בונד" האָט
דאָרטן געפאָדערט צו זיין אָנערקענט אַלס דער איינציקער פאַרטרעטער פון
די יידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן. די ציוניסטן האָבן עס
אָבער ניט דערלאָזן. די קאָנפערענץ האָט די פאָדערונג צוריקגעוויזן. דער
„בונד האָט דעמאָלט פאַרלאָזן די קאָנפערענץ. דאָרטן איז אָבער אַזאַ האַנד־
לונג געווען אַ פאַרטיי־נויטווענדיקייט. אין „בונד" גופא, איז ער אָבער
שטענדיק געווען זייער טאָלעראַנט און צוריקגעהאַלטן. ער האָט זיך שטאַרק
אויסגעהיט פון באַנוצן זיין אויטאָריטעט.

## אין קאַמף מיט אַרבעטער־עקספּלואַטאַטאָרן

אין 1902 האָט מיין אַרבעט אין דעם שניידער־שאַפּ געקראָגן כרת־יאָרן. דאָס איז געווען מיין שטראָף פאַר אַרבעטן אין יום־כיפור. דערינען בין איך אָבער אַליין שולדיק געווען דורך מיין אפיקורסישער פרומקייט. דער פרעסער־קאָנטראַקטאָר האָט מיך צוליב דעם שטאַרק פאַרפאָלגט. איך האָב דעריבער געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. די אורזאַך דערפון איז געווען אַזאַ: די „סוועטינג״־קאָנטראַקטערלעך פלעגן ניט דערלאָזן זייערע העלפערס אויס־צולערנען זיך דאָס פאַך. זיי פלעגן זיי פאַרוואָרפן מיט די ניט־קוואַליפי־צירטע טיילן פון דער אַרבעט. צו די וויכטיקערע טיילן פלעגט מען זיי ניט צולאָזן. מען האָט מורא געהאַט, אַז זיי וועלן פאַדערן העכערע שכירות. עס איז אויך געווען אין די אינטערעסן פון די קאָנטראַקטערלעך ניט צו פאַרמערן די צאָל באַלמעלאָכעס אין פאַך. צום גליק האָט אָבער מיט מיר פּאַסירט אַזאַ פאַל:

עס איז אָנגעקומען דער הייליקער יום־טוב, יום־כיפור. די אַרבעטער זיינען דעריבער ניט געקומען צו דער אַרבעט. איך האָב אָבער געהאַלטן פאַר מיין פליכט דווקא דעמאָלט צו אַרבעטן. דער קאַמף קעגן רעליגיע איז דעמאָלט געווען אַ געבאָט ביי אַלע פריידענקערס. דאָס איז אויך געווען איינע פון אונדזערע אַגיטאַציע־מיטלען. מיר האָבן באַקעמפט די אַלטע זועלט אָפן און דעמאָנסטראַטיוו.

דער באַלעבאָס פון שאַפּ איז געווען אַן אַרויפגעאַרבעטער אַנאַרכיסט. ער איז אָבער געבליבן פרייגעזאָנען. ער איז אויך געווען פריינטלעך און באַ־הילפיק צו די אַרבעטער. מיין קומען צו דער אַרבעט אין יום־כיפור איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט מיך דערפאַר געוואָלט באַלוינען מיט זיין פאַך־קענטעניש. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט מיר ביים טיש און געלערנט מיך די וויכטיקערע טיילן פון דער אַרבעט, גראָד דאָס, וואָס מיין פרעסער־עקספּלואַטאַטאָר האָט באַהאַלטן פון מיר. פאַר איינעם, וואָס קען שוין אַ ביסל די מלאכה, איז עס גאָרניט געווען אַזוי שווער צו דערלערנען.

ווען מיין פרעסער איז אויף מאָרגן געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער באַלד דערזען, וואָס איך האָב אויפגעטאָן. אַלע מאַנטלען זיינען שוין געהאַנ־גען איינגאַנצן פאַרענדיקטע. דאָס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט זיך דעריבער גענומען טשעפּן צו מיר און אויסזעצן קעגן מיין אַרבעט. ער האָט זיך אויך גענומען זידלען, שילטן, באַליידיקן און פאַרפאָלגן מיך. דער באַ־לעבאָס פון שאַפּ האָט מיך פאַרטיידיקט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט איינ־רייסן זיך מיט זיין הויפּט־פרעסער. ער האָט אויך ניט געוואָלט פאַרקריגן זיך צוליב דעם מיט דער שניידער־יוניאָן. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך. איך האָב געליטן און געשוויגן, עס איז אָבער געווען איבערדריסיק און פיינלעך. ענדלעך איז עס שוין פאַר מיר געוואָרן אומדערטרעגלעך. איך האָב דעריבער געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ מיט אַלע זיינע גליקן.

ערשט דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע גרעסטעליידן. טאָג־טעגלעך בין איך אַרומגעגאַנגען זוכן אַ וועלכע ניט איז אַרבעט. איך האָב געקלאַפּט אין אַלע טירן און האָב זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן. עטלעכע וואָכן האָב איך אַרויסגעהאָלפן אַ קלעפּער. אַ קורצע צייט האָב איך געאַרבעט אין אַ קריסטלעכן שאַפּ פון פּאַקעט־בוקס. דאָס זיינען אָבער געווען בלויז דער־ווייליקע אַרבעטן. זיי האָבן לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. וואָכן און מאָנאַטן האָב איך דעמאָלט פאַרזוכט דעם טעם פון דער גרויער נויט, פון עלנט און הונ־גער. מיינע נאָענטע חברים זיינען אַליין געווען אַרבעטסלאָז. ביי קיין אַנ־דערע האָב איך ניט געוואָלט לייען־באָרגן. איך בין שוין אינגאַנצן דער־שעפּט און האָפנונגסלאָז געוואָרן.

## אין אַ רעגירונגס־פאַבריק

סוף זומער פון 1903 האָט מיך געטראָפן אַ נייער גליק. אַן אַרבעטער־עקספּלואַטאַטאָר, דער הויפּט־פּרעסער פון אַ רעגירונגס־פאַבריק, האָט מיך אַריינגענומען פאַר אַ העלפּער. דאָרטן האָט מען גענייט קליידער פאַר דער אַרמיי. דער פאַרוואַלטער איז געווען אַ רעגירונגס־באַאַמטער. דער שאַפּ איז געווען גרויס און געראַם, ליכטיק און לופטיק. דאָ וואָלט געווען גאַנץ גוט צו אַרבעטן — האָט אָבער אויך דאָ דער „סוועטינג־סיסטעם" פאַרשטערט דעם גאַנצן פאַרגניגן. אין דעם דאָזיקן שאַפּ האָט ניט געטאָרט זיין קיין סאָב־קאָנטראַקטינג. די רעגירונג האָט דאָך ניט געטאָרט קאָמפּראָמעטירן איר רעפּוטאַציע מיט אַזאַ זאַך. יעדער איינער האָט דעריבער געקראָגן זיינע שכירות דירעקט פון דעם קאַסירער. די קאָנטראַקטערלעך האָבן אָבער אויך דאָ אָנגעפירט זייער עקספּלואַטאַציע.

דער אַרבעטס־טאָג איז אָבער דאָ געווען אַ רעגולערער און אַ קלענערער. קיין אומזיסטע אויבער־שטונדן האָט מען דאָ ניט געאַרבעט. די שכירות זיינען געווען פיל גרעסערע. איך האָב דאָ געקראָגן, אַלס העלפּער, אַ פונט מיט צען שילינג אַ וואָך. דאָס האָט באַטראָפן כמעט צען מאָל אַזוי פיל ווי איך פלעג קריגן אין דעם יידישן שאַפּ פאַר 75 און נאָך מער שטונדן אַ וואָך. דאָס איז אָבער געווען בלויז דער אָפיציעלער לוין, אַהיים פלעג איך ברענגען אַ העלפט דערפון.

דער שאַפּ פלעגט נעמען זיינע אַרבעטער פון דער יידישער יוניאָן. אירע מערסטע מיטגלידער זיינען געווען אַרבעטער־קאָנטראַקטאָרס. זיי פלעגן אַליין אָנדינגען זייערע העלפּערס. זיי פלעגן אָבער אָפּקלייבן בלויז די הילפלאָזע „גרינע". ביי ענגלענדער וואָלטן זיי דאָך ניט געקענט רייסן פון זייערע שכירות. זיי וויסן דאָך וואו צו זוכן זייער רעכט. די העלפּער־אַר־בעטער זיינען אַזוי אַרום געווען אַלע יידישע און „גרינע". אַזוי שנעל ווי מיר פלעגן שבת קריגן אונדזערע שכירות פון דעם קאַסירער, פלעגן מיר מוזן קומען אין אַ באַשטימטן ביר־סאַלון. דאָרטן פלעגן מיר זיך אויסרע־

כענען מיט אונדזערע עקספּלואַטאַטאָרן. מיר פלעגן זיי מוזן אָפּגעבן אַ העלפט פון אונדזערע שכירות.

אין די דאָזיקע אומשטענדן האָב איך דערזען אַ גרייטע מעגלעכקייט פאַר אַ קאַמף קעגן דער „סוועטינג"־סיסטעם. דאָרטן האָט אויך געאַרבעט דער סעקרעטאַר פון דער שניידער־יוניאָן. ער איז געווען אַן אָפּערייטאָר און האָט אויך געשונדן זיינע העלפערס. ער האָט מיך גוט געקענט אַלס דעם סעקרעטאַר פון דער העלפערס־יוניאָן. מיין אָנוועזנהייט אין דעם שאַפּ האָט אים שטאַרק געקרענקט. ער האָט גוט געוואוסט, אַז איך וועל באַריכטן זיין אויפפירונג אין דער העלפערס־יוניאָן. ער האָט דעריבער געזוכט מיטלען אַרויסצושטופּן מיך פון שאַפּ. ער פלעגט מיר איינריידן, אַז איך זאָל זיך ניט לאָזן עקספּלואַטירן פון מיין פּרעסער. ער האָט באַהויפּטעט, אַז ער אַליין טוט עס ניט. ער האָט מיך דעריבער שטאַרק צוגערעדט צו סטרייקן קעגן מיין פּרעסער. — „מען וועט מיר שוין אַרויסהעלפן", — האָט ער מיך פאַר־זיכערט. איך האָב זיינע פאַרשפּרעכונגען גענומען גאַנץ ערנסט.

דעם זעלבן שבת בין איך ניט געקומען צו טיילן מיינע שכירות מיט מיין פּרעסער. ווען איך בין מאָנטיק געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער באַלד גענומען מאָנען זיין חלק. איך האָב אים אָבער דערקלערט, אַז מער קיין חלקים וועט ער פון מיר ניט קריגן. איך האָב אים דערמאָנט, אַז קיין „סאָב־קאָנטראַקטינג" איז אין דעם שאַפּ ניט דערלויבט. ער האָט מיך דעריבער געוואָרנט, אַז די דאָזיקע שפּיל וועט מיך קאָסטן גאַנץ טייער. דעם זעלבן טאָג האָט ער בכיוון פאַרברענט מיטן אייזן אַ פּאָר הויזן, דערנאָך האָט ער גענומען שרייען אויף מיר פאַרוואָס איך האָב עס געטאָן. איך האָב דעמאָלט אויסדערציילט די גאַנצע געשיכטע פאַרן גאַנצן שאַפּ. דאָס האָט אַרויסגע־רופן אַ גאַנצן טומל. פאַר דעם אַלעם האָט ער מיך באַלד אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. ער האָט דאָך געהאַט אַ גוטן תירוץ. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו סטרייקן. איך האָב געפאָדערט מיין רעכט און מיין אָרט צו אַרבעטן.

איך האָב שוין דעמאָלט געקענט לייענען און שרייבן ענגליש. איך האָב באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו צום פאַרוואַלטער. מיין שרייבן האָט אפילו פאַר־מאָגט אַ היפּש ביסל גרייזן, עס איז אָבער געווען גענוג קלאָר און איבער־צייגנדיק. גראָד די אומשולדיקע גרייזן האָבן אַרויסגערופן מער צוטרוי צו דעם געשריבענעם און האָבן קלאָר געמאַכט די שולד פון מיין עקספּלואַטאַ־טאָר. אויסער דעם זיינען דאָך די פאַקטן געווען אומבאַשטרייטבאַר. אין מיין בריוו האָב איך אויפגעדעקט די גאַנצע בלוטיקע עקספּלואַטאַציע פון די הויפּט־אַרבעטער איבער זייערע העלפערס. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך געקראָגן אַן ענטפער פון דעם פאַרוואַלטער. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט ניט דערלאָזן קיין „סאָב־קאָנטראַקטינג" אין זיין שאַפּ. ער שלאָגט מיר פאָר, אַז איך זאָל צוריקקומען אַרבעטן און ער וועט מיך שוין באַשיצן.

איך בין דעמאָלט צוריקגעקומען צו דער אַרבעט. איך האָב אָבער באַלד

אויסגעפונען ווי אַזוי איך בין פאַרפירט געוואָרן פון דעם יוניאָן־סעקרע־טאַר און צוליב וואָס. פאַר מיר איז עס געווען די גרעסטע אַנטוישונג. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז מען קען פּראָוואָצירן אַ סטרייק קעגן די אינטערעסן פון די סטרייקערס. איך האָב זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן אַז אַ סעקרעטאַר פון אַ יוניאָן זאָל זיך דערלויבן אַזאַ פאַרראַט. עס האָט מיך אַזוי שטאַרק צערודערט, אַז איך האָב שוין מער ניט געקענט אָנגייען מיט מיין אַרבעט. איך האָב אויך ניט געקענט פאַרליידן די פיינטלעכע באַ־ציאונג צו מיר אין שאַפּ. מיט מיין סטרייק האָב איך דאָך געטראָפן אין די געלט־בייטלס פון די קאָנטראַקטערלעך. זיי האָבן מיר דעריבער אַרויסגעוויזן זייער צאָרן אויף יעדן טריט און שריט. ערגער פון אַלעם איז אָבער געווען פאַר מיר די גלייכגילטיקייט פון די העלפערס זעלבסט. מיין סטרייק איז דאָך געווען אין זייערע אינטערעסן. איך האָב דאָך ריזיקירט מיט מיין ברויט צו פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון זייער אַרבעט. פונדעסטוועגן איז קיינער פון זיי ניט צוגשטאַנען צו מיין קאַמף.

איך האָב דאָרטן אָפּגעאַרבעט בלויז נאָך איין וואָך. דערמיט האָב איך געוואָלט ווירקן אויף די העלפערס, אַז זיי זאָלן זיך ניט מער לאָזן עקספּלו־אַטירן. איך האָב זיי געוואָלט איבערצייגן, אַז מיין סטרייק איז געוואונען געוואָרן. מער בין איך שוין צו דער אַרבעט ניט געקומען. דער פאַרוואַל־טער האָט מיר ווידער געשריבן, און פאַרזיכערט צו באַשיצן מיך. אָבער גראָד דערפאַר האָב איך שוין ניט געוואָלט צוריקקומען. איך בין געווען גרייט צו אויפדעקן און באַקעמפן דעם „סוועטינג"־סיסטעם. איך האָב אָבער ניט געוואָלט ווערן אַ בייטש אין די הענט פונעם פאַרוואַלטער קעגן זיינע אַרבעטער. איך האָב בעסער אויסגעקליבן הונגער, אַרבעטסלאָזיקייט און די מאַטערנדיקע זוכעניש פון אַרבעט. איך האָב אָבער אונטערגעגראָבן דאָס „סוועטינג"־סיסטעם האָטש אין איין פאַבריק. אָט דאָס איז געווען מיין גרעס־טער געווינס.

## וועגן שטודירן

דער צוועק פון מיין אויסוואַנדערן קיין לאָנדאָן איז געווען צו פאַר־גרייטן זיך מיט מער וויסן און דערפאַרונג פאַר מיין אַרבעט אין דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. איך האָב געהאַפט צו שטודירן אין אויסלאַנד די טעאָריע און פּראַקטיק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך האָב געוואָלט באַרייכערן מיין באַקאַנטשאַפט מיט די פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק. צוליב דעם האָב איך עס איבערגעריסן מיין אַרבעט אין דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג אין רוסלאַנד. איך האָב גערעכנט, אַז אין אויסלאַנד וועל איך. מיין ציל דערגרייכן אין עטלעכע יאָר. איך וועל דעמאָלט צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, באַוואָפנט מיט וויסן און דערפאַרונג. איך וועל זיך דעמאָלט אויסטויגן צו מער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן.

אין לאָנדאָן האָב איך אָבער באַלד דערזען מיין טעות. איך בין פאַר־פאָרן ניט אויפן ריכטיקן אַדרעס. פאַר פּראַקטישער אַרבעט אין דער באַ־וועגונג, איז לאָנדאָן געווען זייער פּאַסיק. צום לערנען און שטודירן איז עס אָבער ניט געווען דער פּאַסנדיקער פּלאַץ פאַר אַן אימיגראַנט. אין דער יידישער געגנט זיינען דעמאָלט ניט געווען די נויטיקע אינסטיטוציעס און ניט די פּאַסיקע אַטמאָספּערע פאַר לערנען. פאַר מיין צוועק האָב איך גאָר דעמאָלט געדאַרפט פאָרן קיין דייטשלאַנד אָדער שווייצאַריע. אין דער שווייץ זיינען דעמאָלט געווען אַ גרויסע צאָל רעוואָלוציאָנערן און די וויכטיקסטע טעאָרעטיקערס פון דער רוסישער רעוואָלוציע; דאָרטן איז אויך געווען די גייסטיקע היים פון דער רוסישער שטודירנדיקער יוגנט ווי אויך די נויטיקע אַטמאָספּערע און די פּאַסיקע לערן־אינסטיטוציעס. שווייצאַריע איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון תורה און פון חכמה פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. אַהינצו האָב איך געדאַרפט פאָרן פאַר מיין צוועק. איך האָב אָבער די אַלע זאַכן ניט געוואוסט. איך בין געפאָרן קיין לאָנדאָן פּשוט דער־פאַר, ווייל דעמאָלט זיינען שוין געווען דאָרטן עטלעכע פון מיינע עלטערע וויטעבסקער חברים און פריינט.

אין דער יידישער אַרבעטער־געגנט אין לאָנדאָן זיינען קיין שום מעג־לעכקייטן פאַר ערנסטער בילדונג ניט געווען — קיין לערערס, קיין וועג־ווייזערס און קיין ערנסטע לערן־אינסטיטוציעס פאַר אימיגראַנטן. די גאַנצע חכמה האָט מען געמוזט שעפּן פון די מאָגערע לעקציעס און פון די צופעליקע דעבאַטעס. דאָס האָט אָבער ניט געקענט געבן דאָס גרינטלעכע און סיסטע־מאַטישע וויסן צו וועלכן איך האָב געשטרעבט.

די אַרבעטער־באַוועגונג פאַרמאָגט אין זיך אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט. זי ציט אַריין אַלץ מער און מער דעם אָנטיילנעמער אין דעם שטראָם פון איר טעטיקייט. זי מאַכט אים צו פאַרלאָזן און פאַרגעסן אויף אַלץ אַנדערש. די פריידן און ליידן פון אייער אָרגאַניזאַציע ווערן אינגיכן אייערע אייגענע. מיט דער צייט איבערוועגן זיי אייערע אייגענע פּערזענלעכע נויטן און אינ־טערעסן. וואָס מער איר גיט פון זיך פאַר אייער אָרגאַניזאַציע, אַלץ מער ווערט איר אַליין פאַרקניפּט מיט אירע אינטערעסן. וואָס מער אַרבעט איר נעמט אָן אויף זיך, אַלץ מער וואַרפט מען אויף אייך אַרויף. איר אַליין פילט שוין דעמאָלט אייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איר קענט שוין ניט פאַרליידן, ווען עמיצער אַנדערש פאַרנאַכלעסיקט זיין אַרבעט. איר מוזט שוין אַליין צולייגן אַ האַנט דאָ און אונטערשטעלן אַ פּלייצע דאָרט. דערפאַר אָבער קריגט איר אַ גוטע באַלוינונג: איר קריגט באַגייסטערונג און צופרידנקייט פון אייער אַרבעט. איר קריגט האָפענונג און גלויבן אין זיך זעלבסט און אין די נוצן פון אייערע באַמיאונגען. אייער קאָפּ איז שוין אָבער פול און אייער צייט איז שוין אינגאַנצן פאַרנומען. צום לערנען זיך פאַרבלייבט שוין ניט קיין צייט און קיין מעגלעכקייט.

מיין עקאָנאָמישע לאַגע איז אויך געווען אומגינסטיק צום לערנען זיך. איך בין געקומען קיין לאָנדאָן אָן אַ קאָפּיקע געלט. קיין באַלמעלאָכע בין איך ניט געווען און די נויטיקע פאַרבינדונגען האָב איך ניט געהאַט. דאָס איז אָבער געווען ניט דאָס איינציקע וואָס מיר האָט געפעלט, די לאַנד־שפּראַך האָב איך ניט געקענט. אירע מענטשן זיינען מיר געווען פרעמד. זייערע זיטן און געוואוינהייטן זיינען מיר געווען דערווידער. מיין אויפ־פירונג, איז ווידער פאַר זיי געווען פרעמד און ווילד. מיינע פריינט פון דער היים האָבן פאַר מיר גאָרניט געקענט טאָן, זיי זיינען אַליין אויך מערסטנ־טייל געווען אַרבעטסלאָז. די צייט איז בכלל געווען זייער אַ שלעכטע. נאָך ער־גער איז עס אָבער געווען פאַר די אימיגראַנטן. אָן דער שפּראַך און אָן מיטלען צום לעבן זיינען זיי געווען אינגאַנצן הילפלאָז. פאַרשמאַכטע און פאַרזאָרגטע פלעגן זיי זיך שלעפּן איבער די פרעמדע גאַסן און אַלץ געזוכט אַ וועלכע ניט איז אַרבעט. זיי האָבן עס אָבער זעלטן געפונען.

אָט אַזוי איז אויך געווען מיין אייגענער שיקזאַל. אַ גאַנצן טאָג פלעג איך זיך אַרומשלעפּן פון איין פאַבריק צו דער צווייטער, פון איין באַלע־באָס צום אַנדערן. איך האָב בלויז געקענט אַרויסריידן עטלעכע פאַרגרייזטע ענגלישע ווערטער. קיין ספּעצילע אַרבעט האָב איך אויך ניט געקענט. אַביסל חוצפה האָט מיר אויך געפעלט. איך פלעג דעריבער אומעטום קריגן דעם זעלבן ענטפער: — „ניין. מיר דאַרפן איצט ניט!" נאָך אַ גאַנצן טאָג זוכעניש און ערגערניש, פלעג איך שוין זיין אין אָוונט אינגאַנצן דערשעפּט. איך האָב שוין דעמאָלט ניט געהאַט קיין כוחות פאַר גייסטיקער אָנשטרענ־גונג. איך האָב זיך שוין ניט געקענט קאָנצענטרירן צו באַנעמען אַ וועלכן ניט איז שווערן ענין.

מיין איינציקע אָפּפרישונג האָב איך געפונען אין די פאַרזאַמלונגען. מיין טרייסט און האָפענונג זיינען געווען אין מיין אַרבעט פאַר דער באַוועגונג. צו דעם אַלעס,האָב איך נאָך געהאַט אַן איבערטריבענעם געפיל פון פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט. מיין רעוואָלוציאָנערע פרומקייט האָט מיר פאַרבאָטן צו באַנוצן מיין צייט פאַר זיך זעלבסט. — „אַלץ דאַרף אַוועקגעגעבן ווערן פאַר דער באַוועגונג!" — האָט עס מיר דיקטירט. — „יעדעס פיצל ענערגיע איז דאָרטן פיל נויטיקער און נוצלעכער אידער מיינע פּערזענלעכע אַמביציעס. ווען פּאַרטיי־חברים פאַרבייטן זייער צוקונפט אין די אוניווערסיטעטן אויף טורמע און קאַטאָרגע, טאָר מען זיך דעמאָלט ניט פאַרנעמען מיט פּערזענ־לעכע דערגרייכונגען". איך האָב זיך דעריבער געקענט פאַרגינען בלויז צו לייענען אַ צייטונג, אַ צופעליקן זשורנאַל אָדער אַ לייכטע בראָשור. די לעקציעס און דעבאַטן זיינען מיר אויך שטאַרק צונוץ געקומען. זיי זיינען אָבער געווען צופעליקע, ווייניק און מאָגער. קיין גרינטלעכן וויסן האָבן זיי ניט געקענט געבן. ביי די פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען פון די פאַראיינען האָט מען אויך עפּעס געלערנט. דאָרטן האָט מען זיך באַקענט מיט דער פּראַק־

טישער זייט פון דער באַוועגונג, און ווי אַזוי אויסצונוצן יעדע מעגלעכ־קייט און יעדע געלעגנהייט. אָט דאָס איז געווען אַלץ וואָס איך האָב געקענט דערגרייכן אין לאָנדאָן. מיין דאָרשט צום לערנען איז אַזוי אַרום ביסלעכ־ווייז אָפּגעטעמפּט געוואָרן.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט מיין באַגער צוריקצופאָרן קיין רוס־לאַנד. איך האָב שטענדיק געהאָפט און געוואַרט פאַר דער דאָזיקער מעג־לעכקייט. איך האָב אָבער ניט געקענט קריגן קיין געלט אויף רייזע־קאָסטן. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך געקראָגן אַ רייזע־בילעט קיין אַמעריקע אויף אויסצאָלן. אַהינצו בין איך באַלד געפאָרן, אָבער אַלץ טאַקע מיט דעם גע־דאַנק, אַז איך פאָר בלויז אויף דערווייל. מיינע געדאַנקען, מיינע געפילן און מיין גאַנצער אינטערעס זיינען נאָך אַלץ געווען אין דער בונדיסטישער באַוועגונג פון רוסלאַנד.

דאָ, אין דער גאָלדענער מדינה, בין איך צייטנווייז געווען שטאַרק גע־נויגט צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד. יעדעס מאָל זיינען אָבער מיינע פּלענער צעשטערט געוואָרן. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט עס צעשטערט די באַלדיקע קאָנטר־רעוואָלוציע. נאָך דער קערענסקי רעוואָלוציע איז באַלד גע־קומען די באָלשעוויסטישע. די רוסישע גרעניץ איז דעמאָלט פאַרמאַכט גע־וואָרן. מיינע חלומות זיינען דורך דעם אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן.

# אין ניו־יאָרק

איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק אין נאָוועמבער 1903. קיין נאָענטע פריינט אָדער קרובים האָב איך דאָרטן ניט געהאַט. מיין גאַנצער פאַרמעגן האָט באַטראָפן אַרום צען דאָלאַר. איך האָב זיך דעריבער געמוזט אַנשטרענ־גען אויסצוציען יעדן דאָלאַר. דאָס האָט מיר אָבער געהאָלפן בלויז אויף אַ גאַנץ קורצער צייט. ענדלעך האָט זיך ביי מיר אויסגעשעפּט יעדע פּעני. גראָד דעמאָלט האָב איך צופעליק געפונען אַן אַרבעט אין אַ פאַבריק פון פּאַפּיר־קעסטלעך. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. די יאָגעניש איז געווען זייער גרויס. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען זייער אַ לאַנגער און די שכירות גאָר קליינע. די אַלטע „הענט״, די מער ספּעציאַליזירטע אַרבעטער, האָבן אויך געקראָגן ווייניק. די „גרינע״ האָבן אָבער געקראָגן נאָך ווייניקער.

איינער פון די שותפים פלעגט זיך אָפּט אַוועקשטעלן ביים טיש צו ווייזן ווי אַזוי מען דאַרף אַרבעטן. זיין שנעלקייט איז געווען צו באַוואונדערן. אין אַ גאַנץ קורצער צייט פלעגט ער אויפטאָן אַ באַרג מיט אַרבעט. די אַרבעטער האָבן עס אָבער ניט געקענט נאָכמאַכן. ווען ער זעלבסט וואָלט אָבער געדאַרפט אַרבעטן דעם גאַנצן טאָג, און יעדן טאָג אין דער וואָך, וואָלט ער אויך ניט

געוועזן אַזוי שנעל. ער פלעגט באַנוצן דאָס מיטל, כדי אונטערצויאָגן אַלע אַנדערע אַרבעטער.

די שווערע אַרבעט און די לאַנגע שעהן האָבן אויסגעשעפּט מיינע כוחות; די קנאַפּע שפּייז, וואָס איך האָב זיך געקענט פאַרגינען, האָט אונטערגע־גראָבן מיין געזונט. דערצו איז נאָך צוגעקומען די ווירקונג פון דעם נייעם קלימאַט. עס איז דעמאָלט געווען אַ בייזער ווינטער. איך בין אַזוי אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, אַז איך האָב געמוזט אויפגעבן די אַרבעט. איך האָב זיך געמוזט אָפּרוען, כדי צוריק קומען צו די כוחות. קיין דאָקטאָר האָב איך זיך ניט געקענט דערלויבן. קיין בעסערע שפּייז אָדער וואוילטאָג — געווים ניט. עס האָט דעריבער גענומען אַ לאַנגע צייט ביז איך בין אַביסל צוריק־געקומען צו זיך. מיין יוגנט און מיין שטאַרקער געבוי האָבן מיר אַרויסגע־האָלפן אין דעם. די אַרבעט האָב איך אָבער דערווייל פאַרלוירן. מיין פּלאַץ האָט שוין פאַרנומען אַן אַנדער „גרינער."

אַ לאַנגע צייט האָב איך דעמאָלט געזוכט אַרבעט און האָב ניט גע־געקענט געפינען. איך האָב אפילו געקראָגן עטלעכע דאָלאַר פון מיינעם אַ פריינט אין לאָנדאָן. דאָס האָט זיך אָבער שנעל אויסגעשעפּט. נאָך פיל זוכעניש האָב איך אויסגעפינען אַ נייע אַרבעט אין אַ קליינער בוכבינדעריי. בלויז אַ זיבן־אַכט לייט האָבן דאָרטן געאַרבעט. דאָ איז שוין קיין יאָגעניש ניט געווען, מען האָט נאָר גערעדט און געחכמהט זיך די גאַנצע צייט. די אַר־בעטס־צייט און די שכירות זיינען דאָ אויך געווען בעסער. דער באַלעבאָס אַליין איז געווען אַן אַלטער דייטש און אַ פריינטלעכער. ער איז אָבער געווען נאַכלעסיק און שטענדיק באַזויפן. דער שאַפּ איז געפירט געוואָרן פון דעם אויפזעער — אויך אַ דייטש. ער איז אָבער געווען פאַראינטערעסירט, אַז די אַרבעט זאָל זיך שלעפּן און קריכן. וואָס ער איז דערמיט אויסן געווען איז שווער צו דערקלערן. ער האָט מיר געהייסן אַרבעטן לאַנגזאַם און אויס־ציען די אַרבעט. איך האָב אים אָבער ניט געגלייבט. איך האָב פאַרדעכטיקט, אַז ער וויל מיך דערמיט אַרויסטרייבן פון שאַפּ. אַ ייד און נאָך אַ גרינער דערצו האָט זיך מסתמא ניט געפּאַסט פאַר זיין כבוד. אָבער אַרבעטן פיל שנעלער פון די אַנדערע האָב איך אויך ניט געוואָלט. איך האָב דעריבער גענומען דעם מיטל־וועג: איך האָב זיך ניט צו־שטאַרק געאיילט, איך האָב אָבער אויך ניט פיל אויסגעצויגן די אַרבעט. דעם אויפזעער איז עס אָבער ניט גע־פעלן געווען. ער האָט עס מיר אויך געזאָגט.

אין דעם דאָזיקן שאַפּ האָב איך געאַרבעט בלויז אַרום צוויי מאָנאַטן. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיין חשד איז געווען אַ באַרעכטיקטער. דער אויפזעער האָט טאַקע געוואָלט אַרויסשטופּן מיך פון שאַפּ. ווען עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן דאָס צו דערגרייכן אויף איין וועג, האָט ער אויסגע־פונען אַן אַנדער וועג. ער האָט זיך כלומרשט געכאַפּט, אַז ביי אים פעלט זיין באַנק־ביכל. ער האָט עס מיטגעבראַכט אין שאַפּ, האָט ער געזאָגט, און

דאָ איז עס פאַרשוואונדן געוואָרן. ער ווייסט ווער עס האָט עס געטאָן — האָט ער געזאָגט. דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש אויף מיר, דעם גרינעם. קיין דירעקטע באַשולדיקונג קעגן מיר האָט ער אָבער ניט געמאַכט, איך האָב דע־ריבער ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו דערווייזן זיין פאַלשקייט. וואָס מען קען טאָן מיט אַ פרעמדן באַנק־ביכל, איז שווער צו פאַרשטיין. עס איז אָבער גענוג געווען צו וואַרפן אַ חשד. קיינער האָט זיך ניט גענומען די מי צו פרעגן אים. דעם זעלבן שבת האָב איך שוין דאָרטן געקראָגן מיינע לעצטע שכירות. וועגן דעם באַנק־ביכל האָט ער שוין גאָרניט דערמאָנט.

אַ לאַנגע צייט האָב איך ווידער געזוכט אַרבעט. אין קיין שניידער־שאַפ, אַלס העלפער, האָב איך ניט געוואָלט גיין. מיין דערפאַרונג אין לאָנדאָן האָט מיך גענוג אָנגעלערנט. אין די אַנדערע שפער האָט מען מיך ניט אָנגע־דונגען. די יידישע באַלעבאַטים האָבן מיך אָבער ניט אָפגעפטרט מיט אַ קורצן „ניין!”, ווי די ענגלישע שעפער פלעגן עס טאָן אין לאָנדאָן. דאָ, אין ניו־יאָרק, פלעגט מען שוין נעמען מיין אַדרעס. מען פלעגט מיר צוזאָגן צו רופן מיך ווען מען וועט מיך דאַרפן. איך, דער גרינער, האָב עס געגלייבט. איך פלעג אַלץ וואַרטן און האָפן אויף זייער צוזאָג. קיינער האָט מיך אָבער ניט געדאַרפט און ניט גערופן.

איך האָב ענדלעך געקראָגן עפעס אַן אַרבעט אין אַ פאַבריק פון פאַקעט־בוקס. מיין אַרבעט איז געווען ניט קיין שווערע, די אַרבעטס־שטונדן זיינען אָבער געווען זייער לאַנגע, פון זיבן אינדערפרי ביז צען אין אָוונט. די גאַנצע וואָך האָב איך כמעט ניט אָנגעזען קיין טאָג־ליכט. צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט פלעג איך גיין צופוס. מיינע שכירות זיינען געווען 6 און אַ האַלב דאָ־לאַר פאַר אַ וואָך פון 87 אַרבעטס־שטונדן. פון דעם פלעג איך נאָך דאַרפן אויסצאָלן פאַר מיין שיפס־קאַרטע און צאָלן פאַר מיין צימער.

צווישן איין אַרבעטס־פלאַץ און אַ צווייטן האָט זיך שטענדיק געצויגן אַ לאַנגע קייט פון שווערע טעג און וואָכן. איך האָב געדאַרפט מעסטן די גאַסן, קלעטערן איבער די צעפוילטע טרעפ און קלאַפן אין אַ סך טירן. נאָך אַ גאַנצן טאָג זוכעניש און ערגערניש פלעג איך ווערן מער מיד, צעבראָכן איידער פון אַ טאָג שווערע אַרבעט. דערפאַר אָבער האָב איך געקענט אין דער צווישן־צייט אַרבעטן אין דער באַוועגונג. איך האָב געקענט באַזוכן פאַרזאַמלונגען און באַ־ראַטונגען, לעקציעס און דעבאַטן. מיט קיין אויסגאַבן איז עס דעמאָלט ניט געווען פאַרבונדן. די רעדנער פלעגן קיין באַצאָלט ניט פאַרלאַנגען. דער זאַל איז אָפט געווען אַן אייגענער. מען פלעגט דאָרט נאָר מאַכן אַ קליינעם „קאָ־לעקשאָן”. פייגענבוים, געדענק איך, איז דעמאָלט געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן פינף דאָלאַר פאַר אַ לעקציע. מיר האָבן עס דעמאָלט באַטראַכט ווי אַ פאַרשוועכונג פון אונדזערע אידעאַלן.

## דער „גרינער"

די לאַגע פון דעם אימיגראַנט אין זיינע ערשטע יאָרן איז געווען זייער אַ טרויעריקע. ער האָט זיך אָנגעליטן אַ סך צרות אין דעם נייעם, פרעמדן לאַנד. אין שאַפּ האָט מען אים געיאָגט און בלוטיק עקספּלואַטירט. ער פלעגט קריגן באַצאָלט אַרום אַ העלפט פון די אייגזוזעסענע אַרבעטער, פאַר דער זעלבער אַרבעט. וואָס ער האָט געטאָן און ווי אַזוי ער האָט עס געטאָן איז געווען שלעכט אויסגעטייטשט. די אַרומיקע האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט שפּאָט און געלעכטער. וואוהין ער איז נאָר געגאַנגען איז דער שלימזל אים נאָכגעגאַנגען.

עס איז געווען אַן אָנגענומענע מיינונג, אַז דער נייער איינוואַנדערער איז אַ „גרינער" אַ ניט־דערוואַקסענער און ניט־דערבאַקענער. ער איז אַ רויער מענטש, אומוויסנד און ניט דערצויגן. ער איז הילפלאָז, ווייל ער איז אַ „יאָלד", אַ טויגעניכץ. ער דאַרף זיך ערשט אָנהייבן צו לערנען און צו אויסמענטשלען זיך. ער ווייסט דאָך אפילו ניט וועלכע קאָר צו נעמען און וואו צו אַראָפּשטייגן. מען דאַרף אים ערשט איינברעכן. מען דאַרף אים לערנען אָבער אויך אָנלערנען. צו אַזאַ איינעם דאַרף מען זיין קאַלט און שטרענג. זאָל ער אויך פאַרזוכן דעם טעם פון דעם, וואָס מיר זיינען אַליין אויסגע־שטאַנען ווען מיר זיינען נאָך געווען „גרין" אין לאַנד.

אַזוי האָט מען דעמאָלט באַהאַנדלט דעם אימיגראַנט אויך צווישן די שוין האַלב אויסגעגרינטע יידן. אומעטום האָט מען אים פאַרפאָלגט און אויסגעלאַכט. קיין אַנדער נאָמען האָט מען פאַר אים ניט געהאַט ווי „די גרינע חיה". אַזאַ באַציאונג איז געווען ניט בלויז פון די גראָבע יונגען נאָר כמעט פון יעדן איינעם. אפילו אייגענע פריינט און קרובים פלעגן אים שטענ־דיק מושטערן און אָפּלאַכן פון אים. די אורזאַכן דערפון זיינען געווען פאַר־שיידענע: ער האָט דאָך ניט פאַרשטאַנען די לאַנד־שפּראַך — דאָס אַליין פלעגט שוין אַרויסרופן צו אים גרינגשעצונג; זיין קליידונג איז געווען אַנ־דערש און אָרימער — מען האָט אים דעריבער באַטראַכט אַלס קאָמיש און לעכערלעך; זיין באַנעמונג איז געווען אַנדערש און פרעמד — ער האָט דאָך ניט געוואוסט ווי אויפצופירן זיך אין דער נייער אומגעבונג; מען האָט אים אויך געהאַסט אַלס אַן אומגעווינטשן מענטשן, אַלס אַ שעדיקער — ער איז דאָך געווען אַ קאָנקורענט ביי דער אַרבעט. אויסער דעם אַלעם איז נאָך גע־ווען אַ פּסיכאָלאָגישע סיבה: דער האַלב־אויסגעגרינטער האָט אויף אים דע־מאָנסטריט זיין אייגענע, כלומרשט העכערע, ווערדע.

די אינטעליגענץ פון דעם גרינעם האָט מען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. זיינע פייאיקייטן און טאַלאַנטן האָבן קיין אָנזען ניט געהאַט. מיט זיין בילדונג און דערפאַרונג האָט מען זיך ניט גערעכנט. נאָך ווייניקער האָט מען געשאַנעווען זיינע געפילן. באַליידיקן אַ גרינעם איז געווען אַ שפּאַס. אָפּנאַרן און באַשווינדלען אים איז געווען אַ פאַרגעניגן. מען האָט דאָך

דערביי ניט ריזיקירט מיט גאָרנישט. ער האָט זיך דאָך ניט געקענט קעגנ־שטעלן און צוריקצאָלן מיט דעם זעלבן.

נאָך ערגער איז אָבער געווען פאַר מענטשן, וואָס האָבן מיטגעבראַכט אַ גייסטיקן באַגאַזש. סתם מענטשן קענען זיך לייכט צופּאַסן און אויסמישן זיך אין זייער נייער אומגעבונג, די וואָס האָבן שוין אָבער פעסטע איבערצייגונגען און קולטורעלע פאָדערונגען, אַזעלכע האָבן זיך ניט געקענט אַזוי לייכט איינ־לעבן אין דעם ביליקן טומל פון דעם דעמאָלטדיקן אַמעריקאַנעם כאַפּ־לאַפּ. אידייאישע מענטשן קענען זיך ניט אַזוי לייכט שיידן מיט זייערע גייסטיקע ווערטן. זיי האָבן געהאַלטן זייער לעבנס־שטייגער אַזוי טייער אַז זיי פלעגן זיך נאָך באַמיען צו פאַרפלאַנצן עס אויך אין דעם פרעמדן לאַנד. אין אַמע־ריקע האָט דאָס אָבער באַטייט צו גיין קעגן דעם פּאָפּולערן שטראָם. אַזעל־כע מענטשן האָבן דעריבער געליטן אַמשטאַרקסטן.

עס איז ווערט צו פאַרצייכענען אַ פּאָר ביישפּילן:

מיינער אַ פריינט, אַ זייער אינטעליגענטער חבר, האָט זיך אַריינגע־צויגן אין אַ צימער פון אַ טענעמענט־הויז. ביים גיין שלאָפן פלעגט ער זיינע פּאַפּירן און געלט איבערלאָזן אויף זיין טישל. די טיר פלעגט ער נאַטירלעך פאַרשליסן. אַ געוויסן פרימאָרגן געפינט ער אָבער זיין געלט־בייטל אויפ־געשניטן און דאָס געלט אַרויסגענומען. זיין גאַנצער, אָרימער פאַרמעגן איז דורך דעם פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט געמאַכט אַ טומל, ער האָט גע־וואָלט אויסגעפינען דעם גנב, ער האָט יעדערן געפרעגט און געבעטן. די איינוואוינער פון הויז האָבן אָבער געלאַכט פון אים. זיי האָבן גוט געוואוסט ווער עס האָט עס געטאָן. פאַר אַ גרינעם האָבן זיי זיך אָבער ניט געוואָלט אָננעמען. זיי האָבן נאָך דערצו פון אים געחוזקט, וואָס ער ווייסט אפילו ניט וואו צו באַהאַלטן זיין געלט. „אַ מצווה אויף אים, די גרינע חיה!" — האָבן זיי זיך געוויצלט איבער אים. „זאָל ער ווייטער וויסן וואָס אַמעריקע איז. ער מיינט דאָך נאָך אַלץ אַז ער איז ערגעץ אין שניפּישאָק. צו וואָס שלעפּן זיי זיך אַהערצו פון די שוואַרץ־יאָרן? ווער האָט עס געשיקט נאָך זיי?" אַזעלכע פאָרוואורפן און באַליידיקונגען האָט איר דעמאָלט געקענט הערן זייער אָפט.

און אָט איז אַ צווייטער ביישפּיל: מיינער אַ באַקאַנטער האָט געוואוינט אין אַן אומבאַקוועמען צימער; עס איז געווען קליין, פינצטער און לופט־לאָז. זיין באַלעבאָס האָט אים אַמאָל פאַרבעטן אויף טיי. ער האָט אים ניט געוואָלט באַליידיקן און ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. ווען ער האָט באַצאָלט דאָס דירה־געלט פאַרן צווייטן חודש, האָט דער באַלעבאָס געפּאָ־דערט פון אים נאָך פופצן סענט. „איר האָט דאָך ביי אונדז געטרונקען דריי מאָל טיי". — האָט ער געטענהט. מיין באַקאַנטער האָט אים באַצאָלט אויך פאַר דער טיי, ער איז אָבער אַוועק זוכן אַן אַנדער צימער.

איך האָב זיך געקויפט אַ נייעם הוט. צוליב דעם בין איך שוין אויך אַריין

אָפּשערן זיך. ווען איך האָב געדאַרפט אַוועקגיין איז שוין אָבער מיין הוט ניט געווען. איך האָב גענומען זוכן, פרעגן, בעטן — אַלע האָבן אָבער גע־מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי ווייסן פון גאָרנישט, זיי האָבן נאָך געשפּאָסט און אָפּגעלאַכט פון מיר. „ווער האָט עס אייך געהייסן אויסצוטאָן דעם הוט?״ — האָבן זיי זיך געחכמהט.

איך האָב געוואוינט אין אַ אָרימען צימער. ווען עס איז געקומען פּסח, האָב איך געגעסן חמץ. דאָס איז דאָך דעמאָלט געווען אַ געבאָט ביי אַלע פריידענקערס. איך האָב אָבער דעם חמץ געהאַלטן אין מיין אייגענעם צי־מער. די געפּעס פון מיינע באַלעבאַטים האָב איך ניט גענוצט. ווען איך בין געקומען אַהיים פון דער אַרבעט, האָב איך געפונען מיין צימער פאַר־שלאָסן. מיינע זאַכן זיינען שוין געווען אַרויסגעשטעלט אין דרויסנדיקן דורכגאַנג. אַז איך האָב גענומען פרעגן, וואָס האָט דאָ פּאַסירט, האָט מיר דער באַלעבאָס געענטפערט גאַנץ גראָב: „דו גרינע חיה, דו עסט שוין אויך חמץ אין פּסח?! — אַרויס פון מיין הויז!״ אַזעלכע און ענלעכע פאַלן ווייזן די באַציאונגען אין יענער צייט צו די נייע איינגעוואַנדערטע.

די נייע אימיגראַנטן האָבן עס שפּעטער שטאַרק באַקעמפט. די דאָ־זיקע באַציאונג איז דעריבער ביסלעכווייז געענדערט געוואָרן און ענדלעך איז זי אינגאַנצן פאַרשוואונדן. דער היינטיקער אימיגראַנט ווערט שוין באַהאַנדלט אַלס גלייכבאַרעכטיקט. ער געפינט שוין דאָ זיין גייסטיקע אַט־מאָספערע און זיין אייגענעם קרייז מענטשן. ער פילט זיך שוין היימיש באַלד פון אָנהייב. ער ווערט באַהאַנדלט מענטשלעך און פריינטלעך. דער פולער קרעדיט דערפאַר קומט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן. דער גרויסער שטראָם פון די רעוואָלוציאָנערע איינוואַנדערער, פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אָפּגעפרישט די אַטמאָספערע אויף דער יידישער גאַס. זיי האָבן פיל געהאָלפן צו פאַרבעסערן די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש.

## די „שעדיקער״

מען האָט געהאַט טענות צו די גרינע, אַז זיי פאַרערגערן די אַרבעטס־באַדינגונגען. טיילווייז איז עס טאַקע געווען אמת. זיי פלעגן טאַקע אַרבעטן פאַר קלענערע שכירות און ביי פיל ערגערע באַדינגונגען. זייער „שולד״ איז אָבער געווען אַן אַרויפגעצוואונגענע. אין גרונט גענומען איז עס גאָר געווען די שולד פון די באַשולדיקער זעלבסט. זיי האָבן דאָך דעם גרינעם געצוואונגען דערצו. זיי האָבן אים באַהאַנדלט קאַלט, גראָב און פרעמד. זייער באַציאונג האָט דעם גרינעם געמאַכט הילפלאָז קעגן זיין הויט־שינדער. ער האָט זיך דעריבער אַליין ניט געקענט העלפן.

די עקזיסטירנדיקע אַרבעט יוניאָנס מיט זייערע שטרענגע און קאָפּ־ריזנע עקזאַמענס האָבן פאַרשלאָסן די טירן פון די יוניאָנס ניט בלויז פאַר דעם נייעם אימיגראַנט. די דאָזיקע יוניאָנס זיינען דעמאָלט אַליין

אויך געווען קליין, אָרים און הילפלאָז. די שפּאַלטונגען פון דער סאָציאַליס־
טישער פּאַרטיי און פון דער א. פ. אָוו ל. האָבן, פאַר אַ צייט, געשטערט די מעג־
לעכקייט פאַר אייניקייט און אָרגאַניזאַציע. דער פאַרלוירענער סטרייק פון
די קלאָוקמאַכערס האָט עס נאָך ערגער געמאַכט. זיי האָבן זיך דעריבער פאַר־
שלאָסן כדי צו ראַטעווען דאָס ביסעלע וואָס איז נאָך פאַרבליבן. ווען דער
נייער אימיגראַנט האָט ניט געקענט אַרבעטן דורך דער יוניאָן, האָט ער
שוין געמוזט אַרבעטן אויסער דער יוניאָן. ער האָט געמוזט זוכן זיין ברויט
וואו ער האָט נאָר געקענט געפינען. די באַלעבאַטים האָבן דעריבער לייכט
געקענט קריגן גענוג ביליקע און וויליקע אַרבעטער. אָפּטמאָל האָט זיך זיי
שוין ניט געלוינט צו באַשעפטיקן די בעסער באַצאָלטע אַרבעטער — די יו־
ניאָן־לייט. דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ פיינטשאַפט צווישן דעם אַלטן און דעם
ניי־איינגעוואַנדערטן אַרבעטער. ביי ענלעכע אומשטענדן האָבן שוין די יו־
ניאָנס, — די קלאָוקמאַכערס, די שניידערס און די שריפטזעצערס — ניט גע־
קענט אָרגאַניזירן די שעפּער. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די יוניאָנס
פון דער בוי־אינדוסטריע — די פאַרבער, קאַרפּענטערס, עלעקטרישנס און
אַנדערע. זיי האָבן אפילו ניט געקענט אָנהאַלטן דאָס ביסל, וואָס זיי האָבן
נאָך פאַרמאָגט. די שולד דערפון איז אָבער געווען הויפּטזעכלעך פון די יו־
ניאָנס זעלבסט.

אין דעם יידישן קוואַרטאַל האָט דעמאָלט געהערשט פּעסימיזם און פאַר־
צווייפלונג. מען איז געווען זיכער, אַז די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע
וועט מען שוין קיינמאָל ניט קענען אָרגאַניזירן. מען האָט עס דערקלערט
גאַנץ איינפאַך: דער יידישער אַרבעטער זאָרגט גאָרניט וועגן די באַדינגונ־
גען אין זיין פאַך; ער וויל דאָך סיי־ווי ניט פאַרבלייבן קיין אַרבעטער. ער
זעט דערין קיין תכלית ניט. ווען ער זיצט ביי דער אַרבעט האָט ער גאָר אַ
קרעמעלע אין קאָפּ. ער האָפט אַרויפצואַרבעטן עס מיט דער צייט אויף אַ
גרויס געשעפט. ער וויל דעריבער ניט פאַרטאַכלעווען זיין אָפּגעשפּאָרטע
געלדער אויף סטרייקן און לאָקאַאוטן, ער האָט דאָך געזען דעם חורבן פון
דעם פאַרשפּילטן סטרייק ביי די קלאָוקמאַכערס. ער האָט דאָך געהערט דעם
וויי־געשריי פון די אַרבעטער, וואָס זיינען דורך דעם רואינירט געוואָרן. ער
האַלט דעריבער זיין קעשענע שטייף און קלייבט אַ פעני צו אַ פעני. מיט אַזאַ
צוגאַנג האָט מען שוין קיין שעפּער ניט געקענט אָרגאַניזירן. קיין סטרייקס
האָט מען דערמיט געוויס ניט געקענט געווינען.

דער שיקזאַל פון דעם אַרבעטער אין דעם יידישן געגנט איז דעמאָלט
געווען זייער טרויעריק. טעג און וואָכן פלעגט דער יידישער שניידער קלע־
טערן איבער די צעדרייטע אַלטע שטיגן צו זוכן פאַר זיך אַ הויט־שינדער. זיין
ניי־מאַשין האָט ער מיטגעטראָגן אויף די פּלייצעס. ווען ער האָט ניט מיט־
געבראַכט זיין ניי־מאַשין, האָט ער צוליב דעם געקענט פאַרלירן אַ געלע־
גענהייט. אַן אַנדערער האָט עס געקענט אויפן אָרט פאַרכאַפּן. די שעפּער זיי־

נען געווען פינצטער, ענג און שטיקנד. קיין פרישע לופט איז דאָרט ניט אַריינ־געקומען. קיין זונענשיין האָט מען דאָרט ניט אָנגעזען. קיין שום סאַניטאַ־רישע איינריכטונגען זיינען דאָרטן ניט געווען. די מערסטע פון זיי זיינען אויך געווען פייער־פּאַסטקעס. די באַציאונג פון די ברויט־געבערס איז אָבער געווען נאָך ערגער און שענדלעכער. די דאָזיקע היימישע גראָבע יונגען האָבן באַהאַנדלט זייערע אַרבעטער אויפן ערגסטן אופן.

עס האָט גענומען עטלעכע יאָר ביז וואַנען די איינגעוואַנדערטע רעוואָ־לוציאָנערן פון דער היים האָבן זיך אַביסל אויסגעגרינט און איינגעלעבט. אין די יאָרן 1908־1914 האָבן זיי שוין אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די אָר־טיקע יוניאָנס. ווען זיי זיינען שוין געווען אינעווייניק, האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן אויף גרויסע זאַכן. זיי האָבן זיך גענומען אויסצובעסערן די אַרבעטס־באַדינ־גונגען דורך זייער אייגענער איניציאַטיוו. זיי האָבן צעמענטירט די אייניקייט פון די אַרבעטער און באַפעסטיקט די מאַכט פון זייערע יוניאָנס. זיי האָבן אָרגאַניזירט דעם גערעכטן קאַמף, דער גרויסער זיג פון דער אַמאַלגעמעיטעד יוניאָן קעגן דער ריקערט־קליקע פון דער גאַרמענט יוניאָן האָט אויפגעוועקט דעם גלויבן און האָפענונג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן. דער פאַרגעסענער און פאַרלאָזענער אַרבעטער האָט באַלד דערזען זיינע מעגלעכקייטן. קאַמף פאַר אייניקייט און אייניקייט צוליב דעם קאַמף — דאָס איז געוואָרן זיין שלאָג־וואָרט. די יידישע יוניאָנס האָבן גענומען וואַקסן אין צאָל און אין איינפלוס.

## אַמעריקעאַנער בונדיסטן

אין 1903 איז שוין דער „בונד" געווען גאַנץ פּאָפּולער אין אַמעריקע. ער האָט שוין דאָ אויך געהאַט זיינע גרופּן און קלובן, וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין אייניקע שטעט און שטאַטן. עטלעכע פון זיי האָבן פאַרמאָגט גאַנץ פיי־איקע פּראָפּאַגאַנדיסטן און דערפאַרענע טוער. זייער צענטער איז, נאַטירלעך, געווען ניו־יאָרק.

די איינגעוואַנדערטע בונדיסטן האָט ווייטער געפירט זייער רעוואָלוצי־אָנערע טעטיקייט אויך אין אַמעריקע. זיי האָבן געזוכט אַריבערצופלאַנצן זייערע היימישע אידייען אין דעם נייעם היימלאַנד. זיי האָבן דעמאָלט גע־האַט אין ניו־יאָרק, אַן אונטערשטיצונגס־פאַראיין פאַר דעם „בונד" אין רוסלאַנד. אַזעלכע פאַראיינען האָבן זיך באַלד געגרינדעט אויך אין אַנדערע שטעט. דאָס זיינען געווען אויסגעשפּראָכענע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. זיי־ערע מיטגלידער זיינען געווען בונדיסטן פון דער היים, און אַ טייל האָבן זיך אָנגעשלאָסן דאָ, אין אַמעריקע. די דאָזיקע גרופּן האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט פּאַרטיי־אַרבעט און מיט פּאַרטיי־פראַגן. זיי האָבן אָנגעפירט שטענדיקע קאַמפּאַניעס פון פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג פאַרן „בונד". זיי האָבן זיך אָבער מיט דעם אַליין ניט באַגנוגנט. זיי האָבן געזוכט צו באַ־איינפלוסן אויך די ברייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. פאַר

דעם צוועק האָבן זיי אָנגעהויבן גרינדן פּאַראײנען פון לאַנדסלײט. דער־מיט האָבן זיי געזוכט צו שטיצן זייערע לאַנדסלײט אין רוסלאַנד און אויך דאָ, אין אַמעריקע. די אַריבערגעקומענע פון ווילנע, מינסק און דווינסק זיינען געווען צווישן די ערשטע. אַנדערע שטעט האָבן באַלד נאָכגעטאָן זייער ביישפּיל.

די דאָזיקע פּאַראײנען זיינען שוין ניט געווען שטאַרק איבערקלייבע־ריש. יעדער איינער פון זייער שטאָט האָט זיך געקענט אָן זיי אָנשליסן. פאַר די אומפּאַרטייאישע איז די טיר געווען אַלעמאָל אָפן. דאָרטן האָבן זיי געפונען אַ היימישע אַטמאָספערע צווישן פריינט און באַקאַנטע פון דער היים. אינגיכן האָבן אַלע לאַנדסלייט־פּאַראײנען געבילדעט אַ צענטראַלן קאָמיטעט. זיין נאָמען איז געווען „די באָארד אָוו דעלעגעיטס". מיט דער אָרטיקער באַוועגונג האָבן זיי זיך אין אָנהייב ווייניק אינטערעסירט. זי איז פאַר זיי געווען צו־פרעמד און קאַלט, צו־באַלעבאַטיש און וואָכעדיק. זי האָט ניט פאַרמאָגט דעם רייץ פון געפאַר, די ראָמאַנטישקייט פון ריזיקע און פון שווערן קרבן. זייער אינטערעס איז געווען געריכטעט צום „בונד" און צו דער רוסישער רעוואָלוציע. פאַר דעם גייסטיקן לעבן פון די איינ־געוואַנדערטע זיינען די לאַנדסלייט־פּאַראײנען געווען אַ גרויסע הילף. זיי האָבן אַזוי ווי צוזאַמענגעבונדען די צעוואָרפענע און עלנטע אימיגראַנטן. זיי האָבן דערמוטיקט זייערע האָפענונגען און זייערע שטרעבונגען פאַר אַ בעסערער צוקונפט און אַ שענערער וועלט.

צווישן די בונדיסטישע און לאַנדסלייט־פּאַראײנען האָט זיך אינגיכן אַנטוויקלט אַ קאַמף פאַר איינפלוס און אָנערקענונג. די בונדיסטישע פּאַר־איינען האָבן געהאַלטן, אַז זיי קומט פאָרצוג ווייל זיי זיינען דאָך די אמתע און די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטיי־גרופּן. די „באָארד אָוו דעלעגעיטס" האָט זיך אָבער דערמיט ניט געוואָלט רעכענען. זיי האָבן פאַרטראָטן אַ פיל גרע־סערע צאָל מיטגלידער. זיי האָבן דעריבער געפאָדערט זייער רעכט. די דאָזיקע קריגערייען זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער און שאַרפער. סוף 1903 איז דאָס שוין געוואָרן אַ כראָנישע דערשיינונג. אומבאַדייטנדיקע פעלערן זיינען אויפגעבלאָזן געוואָרן אין גאַנצע פאַרברעכנס. אומשולדיקע גרייזן זיינען אויסגעטייטשט געוואָרן אַלס גאַנצע פּראָבלעמען. מיינונגס פאַר־שיידנקייטן זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס געפערלעכע אָפּנייגונגען פון דער פּראָגראַם און טאַקטיק **פון „בונד."**

דער קאַמף האָט זיך באַלד אַריבערגעטראָגן אין דעם בונדישן פּאַראיין גופא. עס האָבן זיך דאָרטן געבילדעט צוויי גרופּן. די שטאַרקסטע פון זיי איז געווען אונטער דער פירערשאַפט פון געגאָסע פאַרסאָן. דאָס איז געווען אַ זייער פייאיקער און איבערגעגעבענער טוער. **ער איז געווען אַן אינטע־**ליגענטער מענטש, אַ גוטער מאַרקסיסט און אַ פאַנאַטיקער פון „בונד". ער האָט פאַרמאָגט אַ סך ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט. ער איז אָבער

געווען פאַנאַטיש פרום אין זיינע איבערצייגונגען. דאָס זעלבע האָט ער אויך געפאָדערט פון די אַנדערע חברים. אַ מענטש האָט ביי אים קיין ווערט ניט געהאַט. די באַוועגונג און אירע נויטן זיינען פאַר אים געווען איבער אַלץ און אַלעמען. ער איז נאָך דערצו געווען זייער אומטאַקטיש אין זיינע האַנדלונגען. עס זיינען אָבער אויך געווען חברים, וואָס זיינען ניט געווען אַזוי איבערקלייבעריש. זיי זיינען געווען גענויגט צו פאַרזעען די גרייזן און פאַרגעבן די עוולות צוליב אייניקייט און פרידן.

עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ שאַרפער קאַמף צווישן די צוויי גרופּן אין דעם ניו־יאָרקער פאַראיין. באַשולדיקונגען און קעגן־באַשולדיקונגען זיינען געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. דאָס האָט פאַרנומען די גאַנצע צייט פון די פאַרזאַמלונגען. דער צוויי־יאָריקער שטרייט: — מיט די לאַנדס־פאַראיינען און אין דעם בונדישן פאַראיין זעלבסט — האָט פאַרקריפּלט די אַרבעט און האָט געשטערט דעם איינפלוס פון זיי ביידן אויף די אַרבעטער־מאַסן. עס איז שוין געוואָרן אַ געפערלעכע וואונד, וואָס מען האָט געמוזט אויסהיילן אָדער אויסשניידן.

איינע פון די סיבות פון דעם אַלעס, זיינען אויך געווען די אויפגעבלאָזענע אַמביציעס פון געוויסע טוערס. די איבערגעטריבענע פּאַרטייאישע פרומקייט פון אייניקע פירערס האָט אויך געבראַכט אַ סך שאָדן. די האַנדלונגען פון דער „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס" האָט נאָך מער פאַרערגערט די סיטואַציע. זייער סעקרעטאַר, גענאָסע לעווינסאָן, האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין פרידלעכע פאַרהאַנדלונגען. ער האָט נאָר גערעדט פון מאַכט. ער האָט נאָר געציילט זיינע לאַנדסלייט־פאַראיינען און זייערע מיטגלידער. די מיינונגס־פאַרשיידנקייטן זעלבסט, די טענות און די באַשולדיקונגען זיינען אָפּטמאָל געווען בלויז צוגעטראַכטע. מען האָט אונטערגעשטראָכן בלויז די גרייזן פון דעם קעגנער, קיין גוטס האָט מען דאָרטן ניט געוואָלט זען.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אין 1903 געשיקט אַלעקסאַנדערס פרוי, פּאַטי, אויסצוגלייכן דעם סיכסוך. פאַרסאָן, דער הויפּט־פירער פון די פּאַרטיי־גרופּן, איז אָבער ניט געווען צופרידן מיט איר שטעלונג. די דעמאָלטדיקע אַמעריקאַנער פירונגען זיינען איר, אַלס אייראָפּייערין, געווען פרעמד. די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען און מעגלעכקייטן האָט זי ניט געקענט ריכטיק אָפּשאַצן. זי האָט דעריבער אַליין אויך געמאַכט פעלערן. איר גרעסטער פעלער איז געווען איר האַלטונג אַלס אויטאָריטעט. זי האָט געוואָלט אַרויפצווינגען איר שטעלונג דורך איר מאַנדאַט פון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט. פאַרסאָן האָט עס אָבער ניט געוואָלט דולדן. ער האָט בעסער פאַרשטאַנען די לאַגע און די נויטן פון דער אָרטיקער באַוועגונג. ער האָט זיך דעריבער פאַרמאָסטן קעגן פּאַטין זעלבסט. ער האָט זיך פאַרנומען אונטערצוגראָבן איר איינפלוס אין די קרייזן פון די אַמעריקאַנער בונדיסטן. אין איר יעדן טאַקטישן פעלער האָט ער אַריינגעטייטשט אַ גאַנצן פאַרברעכן. אירע גרייזן האָט

ער פלייסיק געזאַמלט. ער האָט זיי דערנאָך פאַרקערפּערט אין אַ גאַנצן באַ־שולדיקונגס־אַקט קעגן איר. עטלעכע־און־צוואַנציק אַזעלכע „פאַרברעכנס" האָט ער דעמאָלט אַרויסגעשטעלט קעגן איר. דאָס זיינען אָבער געווען גאַנץ אומשולדיקע האַנדלונגען. טיילווייז זיינען זיי אויך געווען אינגאַנצן איבער־טריבן. דאָס אַלעס האָט ניט געקענט פירן צו קיין אויסגלייך. דער ברודער־קריג האָט זיך דורך דעם נאָך מער פאַרשטאַרקט. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז אַלץ זאָל פאַרקריפּלט ווערן.

דער „בונד" האָט דעריבער פאַררופן אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע זיינע אַמע־ריקאַנער הילפס־פאַראיינען. דאָס איז געווען דער ערשטער אַזאַ צוזאַמענ־פאָר אין אַמעריקע. דער אויסלענדישער קאָמיטעט האָט געשיקט צוויי דע־לעגאַטן, אַלעקסאַנדער און מיכאַאיל, אַלס זיינע פאַרטרעטער. זיי האָבן עס געדאַרפט אויסגלייכן די סיכסוכים און באַפעסטיקן די אָרטיקע הילפס־פאַר־איינען. זיי האָבן געדאַרפט אָרגאַניזירן די אָרטיקע ליבעראַלע יידישע איג־טעליגענץ פאַר מאָראַלישער און פינאַנציעלער שטיצע פאַרן „בונד". זיי־ער הויפּט־צוועק איז אָבער געווען צו פאַרזיכערן דעם איינפלוס פון „בונד" אויף זיינע אייגענע אָרגאַניזאַציעס. דעם „בונדס" אַרויסטרעטן פון דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי האָט דאָך געקענט אַרויסרופן אַ גרויסע צערודערונג צווישן די בונדיסטן. די צוויי דעלעגאַטן האָבן דעריבער געדאַרפט אויסהיטן פון אַן אָפּאָזיציע. גענאָסע סינאַי און איך זיינען גראָד דעמאָלט אויך געפאָרן קיין אַמעריקע.

## דער צוזאַמענפאָר פון „בונד"

דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1903. די פאַרזאַמלונגען פונעם צוזאַמענפאָר זיינען פאָרגעקומען אין איינעם פון די גרעסערע זאַלן אויף דער איסט סאַיד פון ניו־יאָרק. זיי זיינען אָבער פאָרגעקומען אונטער פאַרשלאָסענע טירן. קיינער, אויסער די דעלעגאַטן, האָט ניט געטאָרט אַריינקוקן אין דעם ליידיקן זאַל, כאָטש קיין שום סודות זיינען דאָרטן ניט געווען. די גאַנצע פאָרזיכטיקייט האָט אויס־געזען גאַנץ איבעריק.

גענאָסע סינאַי, און איך אויך, האָבן זייער געוואָלט בייוואוינען די זיצונ־גען. מיר זיינען געוואוינט געווען אין רוסלאַנד צו באַטראַכטן אַ סאָציאַליס־טישן צוזאַמענפאָר פאַר זייער אַ וויכטיקע געשעעניש. יעדע מיינונג און יעדער אַרגומענט איז דאָך געווען פון גרויס באַדייטונג. מיר האָבן דעריבער אויך אַזוי געקוקט אויף דעם אַמעריקענעם צוזאַמענפאָר. דערפאַר טאַקע האָבן מיר אים אַזוי שטאַרק געוואָלט בייוואוינען. קיין דעלעגאַטן זיינען מיר אָבער ניט געווען — האָט מען עס אונדז אָפּגעזאָגט. מיר האָבן געטענהט, אַז מיר וועלן דאָך דאַרפן דורכפירן אין לעבן די באַשלוסן, וואָס וועלן דאָ אָנגענומען ווערן. עס איז דערפאַר זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן אויסהערן

די אַלע אַרגומענטן אין יעדער פראַגע. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן. מיר האָבן דעריבער אַפּעלירט צו אַלעקסאַנדערן. ער האָט געפּועלט, אַז מען זאָל באַטראַכטן אונדזער פאָרלייגונג. די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט עס דעריבער דעבאַטירט און באַשלאָסן, אַז מען זאָל אונדז דערלויבן צו זיצן בלויז אויף דער ליידיקער גאַלעריע.

דער גאַנצער צוזאַמענפאָר איז באַשטאַנען פון עטלעכע־און־דרייסיק דעלעגאַטן. דער גרויסער זאַל איז געווען פוסט און ליידיק. אַלע דעלעגאַטן זיינען געזעסן אויף דער פּלאַטפאָרמע. דער דאָזיקער אומשטאַנד האָט גע־וואָרפן אַ טרויעריקן אָפּשיין אויף דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר. איינער פון די דעלעגאַטן איז געווען אַ רעפּובליקאַנער. מיך האָט עס שטאַרק געוואונדערט. ער איז אָבער געווען אַן איבערגעגעבענער טוער פון „בונד" אין זיין שטאַט. זיין באַגייסטערונג פאַרן „בונד" איז געווען צוליב זיין קאַמף פאַר פרייהייט און יידן־רעכט. דאָ, אין לאַנד, האָט ער עס שוין געהאַט — איז ער דערי־בער געווען צופרידן מיט איר רעגירונג. ער איז געקומען פון די דרום־שטאַטן. דאָרטן איז די באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער געווען ווייניק אַנטוויקלט. פון קיין פּאַרטיי־פּראָגראַמען האָבן זיי דאָרטן ניט געוואוסט. דער דאָזיקער פאַל איז געווען גאַנץ כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט אין אַמעריקע.

דעם צוזאַמענפאָר האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן אויסצוגלייכן אַלע ריי־סערייען און אָפּצושטעלן די קריגערייען. ער האָט אויך באַשלאָסן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער ליבעראַלער אינטעליגענץ. דאָס איז געווען „די פריינט פון בונד" וועלכע איז טאַקע באַלד געגרינדעט געוואָרן. אַלעקסאַנדער און מיכאַאיל זיינען דערנאָך פאַרבליבן אין לאַנד נאָך עטלע־כע חדשים. מיכאַאיל פלעגט געבן אָפּטע לעקציעס. אַלעקסאַנדער האָט זיך פאַרנומען בלויז מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען, פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען.

## טוער און טומלער

אין דער ניו־יאָרקער דעלעגאַציע איז געווען אַ זייער איינפלוסרייכער חבר, וואָס האָט טאַקע געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דעם צוזאַמענפאָר. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער און אַן אויסגעהאַלטענער מאַרק־סיסט. זיין נאָמען איז געווען פּערלשטיין. אין די טעאָרעטישע דיסקוסיעס איז ער שטענדיק געווען אויסגעהאַלטן, לאָגיש און דערביי טאָלעראַנט צו זיין קעגנער. זיינע אַרגומענטן זיינען געווען קלאָר, וואָגיק און איבערצייגנד. דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי די געשעפטס־פאַרזאַמלונגען. ער איז אויך געווען אַ פייאיקער און ענערגישער טוער. פון די אינערלעכע קריגערייען האָט ער זיך געהאַלטן פונדערווייטנס. ער האָט דעריבער געהאַט גאָר אַ גרויסן איינפלוס אויף זיינע אָנהענגער. צוזאַמען מיט אַלעקסאַנדערן האָבן

זייביידע שטאַרק באַווירקט די דעלעגאַטן, און האָבן געקראָגן אַן איבער־װעגנדן איינפלוס אויף דעם צוזאַמענפאָר.

נאָך לאַנגע און היציקע דעבאַטן איז די פּאַרסאָן־פּראַקציע נידערגע־שטימט געוואָרן. דער צוזאַמענפאָר האָט אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן זייערע באַ־שולדיקונגען, אַלס אומבאַגרינדעטע. ער האָט אָבער אויך פּאַראורטיילט די אינטריגעס פון דעם צווייטן צד. עס איז דעריבער אָנגענומען געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס־באַשלוס. פּאַרסאָן איז אָבער ניט צופרידן געווען. ער איז ניט געווען דער מענטש, וואָס קען זיך אונטערוואַרפן. ער איז דאָך געווען איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון זיין שטעלונג. ער האָט זיך דערי־בער ניט געוואָלט בויגן. באַלד נאָך דעם באַשלוס האָט ער רעזיגנירט פון אַלע אַמטן און פון יעדער טעטיקייט. פאַרן „בונד" איז עס געווען אַ גרויסער פאַרלוסט. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט דורך דעם פאַרלוירן אַ פּייאָנער און ערנסטן טוער. ער איז אָבער אַליין אויך פאַרלוירן געגאַנגען. אינגיכן איז ער אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

זיין אָרט, אַלס סעקרעטאַר, האָט דעמאָלט פאַרנומען זיין קעגנער. — לעווינסאָן. ער איז שוין געווען אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. פון קיין רעוואָ־לוציאָנערער פרומקייט האָט ער ניט געהאַלטן. די מאַרקסיסטישע לומדות האָט אים ניט אינטערעסירט. זיין איינציקער אידעאַל איז געווען דער־פּאָלג און רעקלאַמע. — עס מאַכט ניט אויס מיט וועלכע מיטלען צו דער־גרייכן עס. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט. ער האָט געוואוסט, וואָס ער וויל און האָט פאַרמאָגט די כוחות און דעם אויס־דויער צו אַרבעטן דערפאַר. ער פלעגט זיך ניט אָפּשרעקן פאַר קיין שום שוועריקייטן. וואָס ער האָט ניט געקענט דערגרייכן אויפן גלייכן וועג, האָט ער סיי־ווי דערגרייכט דורך זייטיקע וועגן.

זיין גרויסע געלעגנהייט פלעגט קומען בעת וואַלן. די פּאַרטיי איז דעמאָלט געווען קליין און שוואַך. עס איז געווען שוין נאָך דער שפּאַלטונג. די מער פּרינציפּיעלע עלעמענטן זיינען פאַרבליבן מיט דער ס. ל. פּ. די ס. פּי. איז דעריבער געווען ווייניק איבערקלייבעריש אין מענטשן, אין מיינונ־גען און שטעלונגען. יעדערער האָט זיך געקענט שטעלן אויפן ראָג־גאַס און ריידן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי. די הויפּט־זאַך איז געווען, אַז ער זאָל אָפּעלירן פאַר אירע קאַנדידאַטן. פאַר אַ סך איז שוין איצט גוט באַקאַנט דער גרויסער שאָדן, וואָס אַזעלכע מין ראָג־רעדנער האָבן דעמאָלט גע־בראַכט דער פּאַרטיי.

ביי די פאַרהאַנדלונגען פונעם צוזאַמענפאָר האָט לעווינסאָן פאַרטראָטן זיין פראַקציע פון דער „באָארד אָוו דעלעגעיטס". ער האָט אָבער ניט גענומען קיין קלאָרע שטעלונג. ער האָט געוואָלט אויסגעפינען ווען דער גוטער מזל וועט אים שנעלער אַריינפאַלן אין די הענט. ווען פאַרסאָן האָט איבערגעריסן מיטן „בונד" האָט ער באַלד דערזען, וואָס עס איז גוט פאַר אים. ער האָט זיך

אָנגעבאָטן צו פאַרנעמען פאַרסאָנס אַמט, אַלס סעקרעטאַר. די דעלעגאַטן האָבן עס אים ניט געוואָלט פאַרטרויען. עס איז אָבער ניט געווען קיין אַנדערער, וואָס זאָל וועלן אָננעמען דעם אַמט. אַזוי אַרום איז לעווינסאָן דערווײַלט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע.

מיט דעם דאָזיקן גרויסן געווינס האָט ער גענומען קלעטערן איבער די שטיגן פון „פאָרווערטס". דאָרטן איז ער שוין געוואָרן זייער געוואונטשן. אַלס סעקרעטאַר פון די בונדישע פאַראייניגן טראָגט ער דאָך דעם הכשר פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אויסער דעם איז ער דאָך דער גאַנצער פירער ביי דער „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס". די לאַנדס־פאַראייניגן קענען דאָך גוט אויסגענוצט ווערן. דער „פאָרווערטס" האָט אים געוואָלט פאַרשטעקן אין קעשענע. לעווינסאָן האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן. דער שידוך איז טאַקע באַלד געשלאָסן געוואָרן.

די בונדישע פאַראייניגן איבערן לאַנד זיינען שוין געווען פאַראייניקט. די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער קיין פאַראייניקטע טעטיקייט ניט אָנגעפירט. קיין פראַקטישע אָרטיקע אַרבעט איז אויך ניט געטאָן געוואָרן. עס איז אַלץ פאַרבליבן אַזוי ווי געווען. בלויז אין ניו־יאָרק האָט דעמאָלט דער „בונד" געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס. דער שטענדיקער שטראָם פון די ניי־אַריבערגעקומענע בונדיסטן האָט אין דעם פיל געהאָלפן. די פריערדיקע קריגערייען זיינען אָבער אָפּגעשאַפט געוואָרן.

אין אַ צייט אַרום האָט מען געדאַרפט רעווידירן די אייגקונפטן און אויסגאַבן פון דעם סעקרעטאַר. מען האָט זיך גערעכט, אַז דער באַריכט פון זיין בוכפירונג וועט מוזן זיין פאַר אים אַ שאַרפע פאַראורטיילונג. קיינער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט צערייסן מיט אים. איך האָב עס דעמאָלט אָנגענומען. איך האָב אָבער זיינע ביכער ניט געקענט רעווידירן ווייל ער האָט גאָרניט געהאַט קיין פינאַנץ־ביכער. עס איז מיר אויסגעקומען בלויז אויסצוגלייכן זיינע רעכענונגען. ער האָט פאַר מיר אויסגעזוכט פאַרשיידענע פאַפּירלעך וואו עס זיינען געווען פאַרצייכנט זיינע אויסגאַבן. זיי האָבן אָבער ניט אָנגעוויזן וועמען און אויף וואָס די אויסגאַבן זיינען געמאַכט געוואָרן. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין באַצוג צו די איינקונפטן. אין מיין באַריכט האָב איך עס אַזוי געמוזט איבערגעבן. איך האָב אָבער צוגעגעבן, אַז קיין חשד קען דערביי ניט זיין. עס איז געווען בלויז נאַכלעסיקייט און אומפּייאיקייט. זיין אָרנטלעכקייט אין הינזיכט פון געלט איז אויסער יעדן צווייפל. וועגן פאַרטאַכלעווען די געלדער פון דער באַוועגונג קען גאָר קיין רייד ניט זיין. עס זיינען דאָך גאָרניט געווען אַזעלכע געלטער וועלכע עס זאָל זיך לוינען צו פאַרכאַפּן.

## דער אַטענטאַט אויף פלעווע

אין 1904 האָבן די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן געמאַכט אַן אַטענטאַט אויפן אינערן־מיניסטער פון רוסלאַנד, פאָן פלעווע. אין ניו־יאָרק

האָט מען זיך דערוואוסט דערפון דעם זעלבן טאָג אַרום מיטאָג־צייט. די יידישע גאַס איז באַלד אויפגעשטורעמט געוואָרן. די פריילעכע נייעס האָט זיך, ווי אַ שאַרפער בליץ, דורכגעטראָגן דורכן יידישן קוואַרטאַל. אַ גרויסע פרייד האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע יידישע באַפעלקע־רונג. דער געפיל פון דערלייכטערונג איז געווען אויסגעמישט מיט נקמה־געפילן קעגן דעם בלוטיקן תליון, דעם הויפט־פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די פּאָ־גראָמען אויף יידן. ענדלעך איז עס געשען! ענדלעך איז ער אָפּגעראַמט געוואָרן!

אומעטום האָבן זיך באַלד געגומען קלייבן באַגייסטערטע מענטשן. גליק־לעכע פּנימער האָט מען געזען אויף שריט און טריט. עס האָבן זיך באַלד געשאַפן רעדלעך, גרופּן. מען האָט אויסגעפרעגט איינער דעם אַנדערן, מען האָט דערציילט און אויסגעטייטשט. מען האָט דעבאַטירט פאַרשיידענע פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער געשעעניש. מען האָט געזונגען רעוואָלוצי־אָנערע לידער. מען האָט געלאַכט, געשפּאַסט און געפרייט זיך. ראַטגערס סקווער האָט געקאָכט מיט שמחה, האָט זיך געבאָדן אין פרייד און געלעכטער.

אין אַ שעה אַרום האָבן זיך שוין באַוויזן די מעלדונגען פון „בונד״ וועגן דעם אַטענטאַט. זיי זיינען שנעל צעכאַפּט געוואָרן פון די נייגעריקע און באַגייסטערטע אַרבעטער. דער „בונד״ האָט גערופן צו אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אויף דעם זעלבן אָוונט. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דעם גרעסטן זאַל אויף דער איסט סאַיד. דער זאַל איז שנעל איבערגעפילט געוואָרן פון די באַגייסטערטע מאַסן. די רעדנער זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס שפּאַנונג. זייער ענטוזיאַזם איז געווען גרויס, זיי האָבן כסדר הילכיק אַפּלאָ־דירט. אין הינטערגרונט פון זאַל, האָט מען געזען אַ מיטל יאָריקן מאַן שטייענדיק אַזוי ווי פונדערווייטן. זעלטן ווער עס האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַלעקסאַנ־דער, דער קאָפּ פון „בונד״. פון דער פּלאַטפאָרמע האָט גערעדט דער יונגער מיכאַאיל. דער קול איז טאַקע געווען מיכאַאילס, אָבער די געדאַנקען און די אויספירונגען האָט אַלעקסאַנדער אין אים פריער אַריינגעקנעלט.

די ניו־יאָרקער סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָט שטאַרק פאַרדראָסן דעם „בונדס״ האַנדלונג. זיי האָבן געטענהט, אַז די פּאַרטיי, וואָס פּריידיקט איב־דיווידועלן טעראָר איז דאָך זייערס. דער אַטענטאַט איז דאָך דורכגעפירט גע־וואָרן פון זייערע מיטגלידער. די קרבנות זיינען דאָך פון זייערע רייען — היינט וואָס פאַר אַ רעכט האָט עס דער „בונד״ אויסצונוצן עס פאַר זיין פּראָ־פּאַגאַנדע? דער „בונד״ איז דאָך אויסגעשפּראָכן קעגן דעם אינדיווידועלן טעראָר, ער האָט דאָך שטענדיק געפּריידיקט און געוואָרנט קעגן טעראָר — וואָס־זשע פאַר אַ רעכט האָט ער עס איצט אויסצונוצן פאַר זיינע אייגענע צוועקן? די באַגייסטערונג און אָנערקענונג, וואָס דער אַטענטאַט האָט געשאַפן איז דאָך ניט געקומען פון זיינע באַמיאונגען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן פאַררופן זייער אייגענע פאַרזאַמלונג אין דעם זעלבן זאַל וואו דער „בונד״ האָט געהאַט

זיין פאַרזאַמלונג. די ס"רישע פאַרזאַמלונג איז אָבער געווען זייער ווייניק באַזוכט. די באַגייסטערונג איז שוין דעמאָלט געווען אָפּגעקילט און דער ענטוזיאַזם איז שוין געווען אויסגעשעפּט. עס איז שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

איב קאַהאַן איז געווען זייער הויפּט־רעדנער. ער איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער ביים ברייטן עולם. ווי אַזוי אָבער קומט עס, אַז גראָד די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן זאָלן אים אַרויסשטעלן אַלס זייער הויפּט־רעדנער? — ער האָט דאָך אויך אַלע זיינע יאָרן געפּריידיקט קעגן טעראָר. זייער אייגענע האַנדלונג איז דעריבער שווער געווען צו פאַרשטיין אָדער צו באַרעכטיקן.

אָנגעהויבן האָט קאַהאַן מיט אַ מעשהלע צו אַמוזירן דעם עולם. דערנאָך ער באַרירט אַ פּאָר זייטיקע פראַגן. אַז דער שיטערער עולם איז שוין געוואָרן אויפגעלייגט, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט: ער איז אָנגעפאַלן אויפן „בונד" און האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פאַר דער קריוודע פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. ער האָט אָבער געטאַדלט אויך אַלע אַנדערע פּאַרטייען און ריכטונגען. ער האָט ניט געקענט באַרעכטיקן, וואָס זיי האַלטן זיך פעסט ביי זייערע אייגענע פּראָגראַמען און פּרינציפּן. צוליב דעם קומען דאָך אַרויס אַלע רייסערייען און מיספאַרשטענדענישן. „זיי אַלע שטרעבן דאָך צו דעם זעלבן ציל" — האָט ער געזאָגט — „היינט צו וואָס דאַרפן זיי זיך גריבלען אין קלייניקייטן? ווען מען פירט אַזעלכע צוויי קעגנער אפילו צו דער תליה, האַלטן זיי זיך נאָך אַלץ אין איין אַרומקריגן" — האט ער זיך געחכמהט. — „איר קענט אפילו ניט אויסגעפינען, וואָס זיי ווילן איינע פון די אַנדערע. זיי דרוקן דאָך זייער ליטעראַטור מיט אַזעלכע קליינע בוכשטאַבן, אַז מען קען בלינד ווערן לייענענדיק עס" — האָט ער זיך באַקלאָגט.

איך בין דעמאָלט געווען אַ גרינער אין לאַנד. חוצפּה האָב איך אָבער געהאַט איבערגענוג. קאַהאַנס וויצלען זיך איבער פּאַרטיי־פּראָגראַמען און רעוואָלוציאָנערע פרומקייט האָט מיך שטאַרק אויפגעבראַכט. איך האָב דעריבער אויסגעשריגן, אַז „מען דאַרף לייענען די קליינע בוכשטאַבן און וויסן וואָס מען גייט קריטיקירן". מיין אויסרוף איז געווען אומגעריכט פאַר די פאַרזאַמלטע. קאַהאַן אַליין האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז מיין אויסרוף קען שאַפן אַ טומל און ער האָט געוואָלט אויסמיידן די אומגינסטיקע פּובליסיטי פון אַ צעשטערטער פאַרזאַמלונג. ער האָט דעריבער אָפּגעענטפערט אַז „דער יונגערמאַן איז זייער קאָמפּעטענט מיט דער פעדער, אין פּראַקטישע אַרבעט איז ער אָבער אינגאַנצן פרעמד." דער אמת איז אָבער געווען פונקט פאַרקערט, איך בין ניט געווען קאָמפּעטענט מיט דער פען. מיין גאַנץ לעבן בין איך אָבער געווען פאַרבונדן מיט דער פּראַקטישער אַרבעט.

## דער שטרויערנער העלד

באַלד נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 איז געקומען קיין ניו־יאָרק אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען מאַקסים. זיין צוועק איז געווען צו זאַמלען געלט פאַרן „בונד" אין רוסלאַנד. די ניו־יאָרקער בונדיסטן האָבן פאַר אים אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען וואו ער פלעגט אַרויסטרעטן אַלס רעדנער. ער האָט געהאַט אַ שיינעם אויסזען, אַ שיינע שטים און שיינע מאַנירן. ער האָט גערעדט פליסיק, ליידנשאַפטלעך און בילדלעך. זיין גאַנצן האַלטונג איז געווען זייער אָנציִענדיק. ער האָט אָבער ווייניק גערעדט וועגן „בונד" און זיינע דערגרייכונגען. ער האָט נאָר דערציילט וועגן זיך זעלבסט און זיינע אויפטואונגען. ער האָט געשילדערט ווי אַזוי ער האָט געפירט די רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע אין ריגע, און ווי אַזוי ער איז דערביי אַרעסטירט געוואָרן. ער האָט דערציילט ווי אַזוי ער האָט אויסגעכיטרעוועט די פאָליציי און שפּיאָנען, ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן איבער די דעכער, און וועגן די גרויסע וואונדער פון זיין העלדישקייט. ער האָט אפילו דערציילט, אַז מען האָט שוין געדרוקט געלט מיט זיין בילד דערויף.

די אַלע מעשיות פלעגן מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן זיין העלדישקייט און וועגן די גרויסע דערגרייכונגען פון זיין פירערשאַפט. מען האָט אָנגעקוואָלן פון זיין ריידן, פון זיין אויסזען און פון זיין באַנעמונג.

דער „פאָרווערטס" האָט באַלד אין אים דערקענט דעם ריכטיקן פערזאָן פאַר זיינע אייגענע צוועקן. זיי האָבן אים דעריבער אַריינגענומען אין זייערע הענט און געמאַכט פון אים אַ גאַנצע סענסאַציע. זיי האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקע לעגענדע. זיי האָבן וועגן אים אַ סך געשריבן און דערציילט. מען האָט געדרוקט זיינע מעשיות, מען האָט באַשריבן און באַפּוצט זיינע פאַרזאַמלונגען. דער עולם האָט דאָס אַלץ געלייענט מיט גרויס אינטערעס. מען האָט זיך געקוויקט מיט די וואונדערלעכע באַשרייבונגען.

מען איז געלאָפן צו זיינע פאַרזאַמלונגען פון אומעטום. מען האָט פאַר אים אָרגאַניזירט לעקציעס, קאָנצערטן און באַנקעטן. אומעטום האָט מען פאַרקויפט זיין שיין בילד מיט זיין יעזוס־בערדל. די סענטימענטאַלע ווייבלעך און מיידלעך פלעגן דערמיט באַפּוצן זייערע צימערן. זיי האָבן אין אים געזען זייערע שענסטע פאַנטאַזיעס און חלומות. זיי זיינען אים דעריבער נאָכגעלאָפן וואו ער איז נאָר געשטאַנען און געגאַנגען. דער דערפאָלג פון זיינע אונטערנעמונגען איז געווען גרויס. ער פלעגט אַזוי באַגייסטערן זיינע צוהערערס, אַז זיי פלעגן טראָגן צו זיין פּלאַטפאָרמע אַלעס וואָס זיי האָבן ביי זיך געהאַט — געלט, רינגעלעך, זייגערלעך, צירונג א.ד.ג. ווען דער ניו־יאָרקער עולם האָט אָנגעהויבן צו ווערן שיטערער, איז מאַקסים אַרומגעפאָרן אין אַנדערע שטעט מיט דעם זעלבן „דערפאָלג". ענדלעך איז ער אַוועקגעפאָרן. מער האָט מען פון אים שוין ניט געהערט.

דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" איז אָבער זיין אויפפירונג ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט עס באַטראַכט אַלס אַ ביליקע פּורים־שפּיל אויפן חשבון פון „בונד". די סענסאַציאָנעלע שרייבעכץ און די פּוסטע באַרימערייען האָבן קאָמפּראָמענטירט זיינע צילן און מעטאָדן. ער האָט געשיקט ליבערן, איינעם פון זיינע פּייאיקסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע מיטגלידער צו פאַר־ריכטן דעם שאָדן. ווען ליבער איז נאָר געקומען אין ניו־יאָרק, זיינען די „פאָרווערטס"־לייט באַלד געקומען צו אים מיט עצות. ער האָט זיי אָבער דערקלערט, אַז זיי דאַרפן זיך גאָרניט זאָרגן. ער ווייסט אַליין וואָס צו טאָן און ווי צו טאָן עס. דער „פאָרווערטס" האָט עס אָבער באַטראַכט פאַר אַ שווערע באַליידיקונג. ער האָט ניט געקענט דערלאָזן קיין דערפאָלג וואו ער זאָל ניט באַלעבאַטעווען. זיי האָבן דעריבער ליבערן אינגאַנצן באָיקאָטירט. זיי האָבן אפילו ניט אָנגענומען קיין באַצאָלטע מעלדונגען וועגן זיינע לעק־ציעס און פאַרזאַמלונגען.

ליבער האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם אויטאָריטעט פון „בונד". ער האָט גערעדט וועגן „בונד" און זיין פּראָגראַם, וועגן זיינע צילן און אויפ־גאַבן, וועגן זיינע דערגרייכונגען און שוועריקייטן. זיינע לעקציעס זיינען געווען באַלערנדיק אָבער קלאָר, לאָגיש און פּאָפּולער. זיי זיינען געווען זייער גוט באַזוכט און האָבן געשאַפן אַ סך אָנערקענונג פאַר „בונד."

## דער גייסטיקער הונגער

אין די ערשטע יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט איז דער שטראָם פון די יידישע אימיגראַנטן געוואָרן אַלץ גרעסער. אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען געווען רעוואָלוציאָנערן פון אַלע ריכטונגען. זיי האָבן געמוזט אַנט־לויפן פון צאַרישן רוסלאַנד צוליב זייער פּאָליטישער טעטיקייט. זייער נייע היים איז צום ערשטן געווען די ניו־יאָרקער איסט־סאַיד. דאָרטן האָבן זיי אָפּט געפונען זייערע קרובים, פריינט און באַקאַנטע פון דער היים; דאָרטן האָבן זיי געזוכט זייער ברויט און זייער וועג אין לעבן; דאָרטן האָבן זיי געפּראַצעוועט, געשקלאַפּט און געהאָפט. עס איז זיי אָנגעקומען גאַנץ שווער צו פאַרדינען אויף ברויט און אַ קלייד. נאָך שווערער איז אָבער געווען צו געפינען זייער גייסטיקע נאַרונג און צו שטילן זייערע קולטורעלע נויטן.

אַ גרויסער טייל פון די איינגעוואַנדערטע האָבן געהאַט אַ גאָר ערנסטע באַציאונג צו קולטור־ווערטן. פון זייער היימלאַנד האָבן זיי מיטגעבראַכט אַ טיפע ליבע צו דעם געדרוקטן וואָרט. לייענען אַ ראַדיקאַלן בוך און איבער־געגעבנקייט צו פּראָגרעסיווע אידייען איז אין רוסלאַנד פאַררעכנט געוואָרן אַלס אַ פאַרראַט צו דער מלוכה. מען איז אָבער געווען גרייט צו ריזיקירן מיט דער אייגענער פרייהייט אַבי צו קענען לייענען די רעוואָלוציאָנערע ליטע־ראַטור. יעדעס ביכל פלעגט געלייענט ווערן צו עטלעכע מאָל. מען פלעגט עס אָפּהיטן ווי אַ הייליקייט, עס איז דאָך געווען אַזוי שווער דאָס צו קריגן!

דאָ אָבער, אין ניו־יאָרק, איז עס שוין געווען גאַנץ אַנדערש. דאָ האָט מען גע־האַט די פולע פרייהייט צו לייענען, וואָס מען וויל און וויפיל מען וויל. די ראַדיקאַלע שריפטן איז אָבער שווער געווען צו קריגן. די שטאָטישע ביב־ליאָטעקן האָבן ניט געהאַט קיין יידישע אָדער רוסישע אָפּטיילונגען. בלויז אין דער צענטראַלער, עפנטלעכער ביבליאָטעק איז דעמאָלט געווען אַ קליי־נע זאַמלונג פון יידישע בראָשורן. זי האָט זיך אָבער געפונען ווייט פון דעם יידישן געגנט. דער אימיגראַנט האָט זיך דאָרטן געפילט אומהיימלעך. זיי־ער באַציאונג צו אים איז געווען קאַלט, פרעמד און פיינטלעך.

עס איז אמת, אַז די ליטעראַטור אין יידיש איז דעמאָלט נאָך געווען אָרים און ווייניק. עס איז אָבער שווער געווען צו קריגן אַפילו דאָס ביסעלע, וואָס איז יאָ געווען. די אַמעריקאַנער דערציער האָבן זיך דערמיט ניט גע־וואָלט באַנוצן, זיי האָבן עס אפילו באַטראַכט פאַר שעדלעך. דאָס וואָלט דאָך שווערער געמאַכט צו אַמעריקאַניזירן די נייע אַריבער־געקומענע. עס וואָלט דאָך געשטערט זייערע אַסימילאַטאָרישע צוועקן. פאַר דעם ארבעטער זיינען די שטאָטישע ביבליאָטעקן געווען אַזוי ווי פאַרשלאָסן. אין די אָוונטן און אויך שבת און זונטיק זיינען זיי געווען פאַרמאַכט. די איינציקע צייט ווען אַן אַרבעטער קען באַזוכן אַ ביבליאָטעק, איז זי גראָד דעמאָלט געווען פאַרשלאָסן. עס איז געווען אַזוי ווי ספּעציעל אויסגערעכנט אויסצושליסן דעם אַרבעטער.

די יאַהודימשע פילאַנטראָפּן האָבן דעמאָלט אָנגעהאַלטן אויף איסט בראָד־וועי, די „עדיוקעישאָנעל אַלאַיענס״. איר צוועק איז געווען צו בילדן די יידישע אימיגראַנטן. די באַנעמונג איז אָבער דאָרטן געווען אַ שלעכטע. מען האָט זיך באַצויגן מיט גרינשעצונג צו די אומגעבעטענע „גרינהאָרנס״. זיי האָבן געפילט אין דעם אימיגראַנט אַ געפאַר פאַר זייער אייגענער רעפּוטאַציע. זיי האָבן געהאַסט זיין יידישקייט און זיין „זשאַרגאָן״. זיי האָבן ניט געקענט פאַר־ליידן זיין באַנעמונג, זיינע מאַנירן, זיינע זיטן און קליידונג. עס האָט זיי נאָכ־מער געשראָקן זיין שטופּן זיך אומעטום. זייער גייסטיקע הילף איז געווען בלויז אַן אַנשטעל. עס איז געווען קנאַפּע הילף און צופיל באַליידיקונג און דער־נידערונג.

די דאָזיקע יאַהודים האָבן גאָרניט געוואָלט פאַרשטיין דעם יידישן אימי־גראַנט און זיינע נויטן. זיי האָבן דעריבער ניט געקענט זעטיקן זיין דורשט נאָך בילדונג און אויפקלערונג. זיי האָבן געשטרעבט אויסצוקנעטן אים אין זייער אייגענער פאָרם. זיי האָבן אים דעריבער געשפּייזט מיט וואַסערדיקן פּאַטריאָטיזם און יענקי־דודלדיקן אַמעריקאַניזם. די יידישע אימיגראַנטן האָבן אָבער דערפון קיין נוצן ניט געהאַט. זיי פלעגן אַוועקפּטרן דאָרטן זייער צייט און זייערע האָפענונגען. זיי פלעגן זיך דאָרטן שנעל אַנטוישן. צו־לאַנג האָט מען געדאַרפט וואַרטן אויף דאָס ביסל אָרימע בילדונג. צו־ווייניק איז געווען דאָס טייל־לעפעלע אויפקלערונג אין דעם גרויסן צעבער פון יענקי־דודל ליבע; צופיל וואַסערדיקע פּאַטריאָטישע רעדעס און לידער האָבן פאַרשלונגען די

צייט פון לערנען. פאַר דעם ניי־געקומענעם אימיגראַנט פון רוסלאַנד איז דאָס אַלץ געווען גאָר פרעמד; די „אַלאַיענס" האָט זיך פאַרמאָסטן אַריינצופּאַקן דעם גאַנצן אַמעריקאַניזם גלייך אין אָנהייב און מיטאַמאָל. וועגן אמתער ביל־דונג האָבן זיי ווייניק געזאָרגט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט זייערע פאַר־ווייַלונגען. עס איז געווען הוראַ־פּאַטריאָטיזם און פאַרקריפּלטער אַמעריקאַניזם. עס איז שוין אַזוי די נאַטור פון די דאָזיקע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, זיי מוזן זיך שטענדיק פלייסן צו געפעלן דעם פּריץ. זיי מוזן דעריבער זיין פרוי־מער ווי דער פּויפּסט אַליין. די „עדיוקעישאָנעל אַלאַיענס" האָט דעריבער ניט געקענט זעטיקן דעם גייסטיקן הונגער פון דעם ראַדיקאַלן אימיגראַנט.

אין זייער לייענזאַל איז קיין יידיש וואָרט כמעט ניט געווען. זייער אויפגאַ־בע איז דאָך געווען אָפּצוגעוויינען דעם אימיגראַנט פון זיין יידיש און יידישקייט. די עטלעכע קאָנסערוואַטיווע יידישע צייטונגען, וואָס זיינען דאָרטן געווען האָבן דעם אימיגראַנט ניט געקענט באַפרידיקן. זיי זיינען געווען צו רעאַקציאָנער און קרעמעריש. דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער האָט דאָרטן ניט געקענט געפינען קיין געהעריקע אויסטייטשונג פון די אַקטועלע פּאַסירונגען.

עס איז דעמאָלט אויך געווען דער קופּער־יוניאָן אינסטיטוט, אָבער ער איז געווען בלויז פאַר סטודענטן. דאָרטן האָבן זיך געלערנט די שוין האַלב אויס־געגרינטע, די האַלבע אינטעליגענטן און פּראָפעסיאָנאַלן. די צאָל פון אַזעלכע סטודענטן איז אויך געווען אַ באַגרענעצטע. וועגן יידיש אָדער רוסיש האָט אויך דאָרטן קיין רייד ניט געקענט זיין . די דאָזיקע צווײ שפּראַכן זיינען אָבער געווען די איינציקע אויף וועלכע דער ניי־געקומענער אימיגראַנט האָט גע־קענט לייענען און שטודירן.

דער שלעכטער גערוך פון דער יאַהומדישער פילאַנטראָפּיע האָט אָפּגע־שטויסן די פּראָגרעסיווע אימיגראַנטן. עס איז טאַקע אמת, אַז זיי אַליין האָבן אויך ניט געהאַלטן פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט; זיי האָבן זיך דאָך גע־האלטן פאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן. זיי זיינען דאָך געווען אַלוועלטלעכע און ניט קיין יידישן יידן. דאָס איז אָבער ביי זיי געווען אַן איינריידעניש. מיט זייערע געדאַנקען און פאַנטאַזיעס זיינען זיי געווען אין די הויכע הימלען פון זיי־ערע אידעאַלע וועלטן. איןווירקלעכן לעבן זיינען זיי אָבער געווען צווישן זיי־ערע אייגענע — צווישן יידן און יידישקייט. די יידישע אַטמאָספערע איז זיי געווען נאָענט און טייער. זיי האָבן ליב געהאַט די יידישע שפּייז און קליידונג, די יידישע ליטעראַטור און קונסט, דעם יידישן וויץ און הומאָר. זיי האָבן געפילט דעם יידישן וויטיק און געפרייט זיך מיט יידישע דערפאָלגן. און וואָס אָנבעלאַנגט די שפּראַך, האָבן זיי דאָך קיין אַנדערע ניט געקענט, ווי יידיש.

## דער אַמעריקאַניזירטער סאָציאַליזם

די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן האָבן אין דעם פרייען לאַנד ניט גע־פונען דעם פּרינציפּיעלן סאָציאַליזם פון זייער היימלאַנד. פון דעם „אַמערי־

קאָניזירטן" סאָציאַליזם האָבן זיי וויניק געהאַלטן. ער האָט אין זיך ניט גע־האָט דעם רעוואָלוציאָנערן פייער די ראָמאַנטישקייט פון געפאַר און פערזענ־לעכע ריזיקע. די פּאַרטיי איז געווען צו־לויז געבויט, צו־וואַסערדיק און צע־שוואומען. זי האָט ניט פאַרמאָגט קיין פעסטע און אויסגעהאַלטענע פּראָגראַם. איר טעטיקייט האָט מען קוים געקענט באַמערקן. בלויז אין דער צייט פון די וואַלן האָט מען זיך אַביסל געטומלט. די אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אירע גאַסן־רעדנער, איז פאַר די רעוואָלוציאָנערן געווען דערווידער; די קאַמ־פּיין־פּראָפּאַגאַנדע פון אירע צייטונגען איז פאַר זיי געווען צו רעפאָרמיס־טיש.

אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען נאָך דאַן פריש געווען די וואונדן פון דער שפּאַלטונג אויף לינקס און רעכטס. נאָך דער „אָפּעראַציע" איז די ס. ל. פּ. פאַרבליבן ביי דער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם און פּרינציפּן, זי האָט אָבער ניט געקענט מיטציען די אַנטוישטע מאַסן. די דעמאָלטדיקע ס"פּ האָט צוזאַמענגעקליבן די אָפּגעשפּאָלטענע שטיקלעך און ברעקלעך, און האָט דערמיט פאַרקאָכט די נייע קאַשע. זי האָט די אַרבעטער פאַרוויגט און פאַר־שלעפערט. זי האָט נאָכמער פאַרוואַסערט דעם סאָציאַליזם; זי האָט די מאַסן ניט געפירט פאָראויס, נאָר האָט זיך בלויז נאָכגעשלעפּט נאָך זיי. זי האָט פאַר זיי געשאַפן אַ לייכטן סאָציאַליזם, וואָס האָט ניט צו־שטאַרק באַ־לעסטיקט מיט קיין פּרינציפּיעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס האָט ניט פאַר־פליכטעט צו קיין זאַך, מען דאַרף נאָר צאָלן דעם פּאַרטיי־שטייער און שטימען אויף איר וואַל־צעטל. די ס"פּ האָט זיך דעמאָלט געפּוצט אין אַלע פּאָפּולערע פאַרבן. זי האָט דערמיט געזוכט צו געפעלן ווערן יעדן איינעם. צוליב דעם האָט זי זיך דאָך אָפּגעשפּאַלטן פון דער סל"פּ.

די אַנטוישטע אַרבעטער־מאַסן האָבן שוין געהאַט זייער דערפאַרונג. דער טרויעריקער שיקזאַל פון די שיקאַגער מאַרטירער איז נאָך געווען פריש אין זייער זכרון. דער דורכפאַל פון דער מעכטיקער באַוועגונג פון די אַכציקער יאָרן איז נאָך אויך ניט פאַרגעסן געוואָרן. דער אויסגאַנג פון דעם גרויסן קלאָוקמאַכערס סטרייק אין ניו־יאָרק האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין פאַרצווייפ־לונג. די אויפפירונג פון זייער פירער, באַראָנדעס, האָט געוואָרפן אַ חשד אויף דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער פאַרבאָט קעגן די אַנאַרכיסטן צוליב דעם אַטענטאַט אויף פּרעזידענט מעקינלי. דאָס אַלץ האָט אַריינגעוואָרפן די אַרבעטער אין יאוש און פאַרצווייפלונג. זיי האָבן דעריבער געווייכט פון יעדער רעוואָלוציאָנערער אָדער ראַדיקאַלער באַוועגונג. פאַר די אָפּאָרטוניסטישער פירער פון דער ס"פּ, איז דאָס געווען זייער געוואונטשן. עס איז זיי דעריבער לייכט געלונגען צו פאַרוויגן די מאַסן מיט זייערע סענ־סאַציעס.

די אָפּגעשפּאַלטענע ס"פּ איז נאָך אַלץ ניט געווען זיכער מיט איר דערפאָלג. די צענטראַליזירטע מאַכט פון דע־ליאָן — זיין קאָנטראָלירן די פּאַרטיי, די פּרע־

סע און זיינע יוניאָנס — האָט איר שטאַרק געשראָקן. צוליב דעם האָט זיך די ס"פּ באַוואָרנט מיט אַ נייער פּאַרטיי קאָנסטיטוציע. דעריבער האָט די פּאַרטיי אָנגענומען די הילקוויט־קאַהאַן פּראָגראַם. די נייע קאָנסטיטוציע איז געבויט געוואָרן אויף דעם עקסטרעמן קעגנזאַץ צו דע־ליאָנס טאַקטיק. אירע דריי נייע גרונט־פּרינציפּן זיינען געווען; 1) פולע און אומבאַשרענקטע אויטאָנאָמיע פאַר יעדן לאָקאַל פון דער פּאַרטיי, — אָבער דערמיט איז פאַרקריפּלט געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט און עס זיינען לויז געמאַכט געוואָרן אירע פּרינציפּן; 2) עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האָבן אַ פּאַרטיי־פּרעסע, — דערמיט איז פּאַראַליזירט געוואָרן איר פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע; און 3) עס איז פאַרבאָטן געוואָרן דער פּאַרטיי צו מישן זיך אין יוניאָן־פראַגן, — דערמיט האָט די פּאַרטיי איבערגעלאָזט די יוניאָנס צו די קאָנסערוואַטיווע פירערס.

דער געבאָט פון די דאָזיקע דריי נייע אָרגאַניזאַציע פּרינציפּן, איז געווען בינדנדיק בלויז פאַר דער פּאַרטיי אַליין. אירע אַמביציעזע מיטגלידער האָבן געמעגט האַנדלען לויט זייערע אייגענע אינטערעסן. אַזאַ פירונג האָט אַריינגעשפּילט אין די הענט פון די אומפאַראַנטוואָרטלעכע גרופּן. ווען אייב קאַהאַן און זיינע אָנהענגער האָבן איבערגענומען דעם „פאָרווערטס", האָבן זיי דערמיט אַריינגענומען אין זייערע הענט דעם איינפלוס איבער דער יידי־שער אַרבעטער באַוועגונג. די פּאַרטיי, די יידישע יוניאָנס און אַנדערע אַר־בעטער אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואָרן אָפּהענגיק פון „פאָרווערטס". זיי האָבן זיך דאָך ניט געקענט באַגיין אָן זיין פּובליסיטי. צו אַ קאָנסערוואַטיווער צייטונג האָבן זיי זיך דאָך ניט געקענט ווענדן. זיי האָבן דעריבער געמוזט אויס־פאָלגן אַלע זיינע באַדינגונגען און נאָכגעבן אַלע זיינע פאָדערונגען און קאַפּ־ריזן. דער „פאָרווערטס" איז אינגיכן געוואָרן דערווירקלעכער דיקטאַטאָר איבער די יידישע יוניאָנס און איבער דער פּאַרטיי.

עס האָט דעמאָלט אויך עקזיסטירט די יידישע וואָכנבלאַט פון דער סל"פּ „דער אַרבעטער". זי פלעגט דערשיינען זייער רעגלמעסיק. איר רעדאַקטאָר איז געווען גענאָסע י. שלאָסבערג און שפּעטער אויך ד. פּינסקי. די דאָזיקע וואָכנבלאַט איז שוין געווען גאָר ערנסט און אויסגעהאַלטן. זי איז אָבער געווען אָרים אין געלט־מיטלען און זייער אָרים אין לייענער. דערפאַר איז זי אָבער געווען רייך מיט דער איבערגעגעבנקייט פון אירע אָנהענגער: אירע מיטאַרבעטער און סימפּאַטיקער זיינען געווען פאַנאַטיש איבערגעגעבן זייער באַוועגונג און זייער צייטונג. זיי האָבן זיך געבלוטיקט אָנצוהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע. שלאָסבערג אַליין פלעגט אַוועקגעבן זיין גאַנצע צייט און אַרבעט פאַר דער צייטונג. די יידישע אַרבעטער־מאַסן זיינען אָבער געווען אַנטוישט און צעשראָקן. זיי האָבן דעריבער געזוכט צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. די סענסאַציעס און טשיקאַווע באָבע־מעשיות פון איסט בראָד־וועי האָט זיי מער געררייצט און לייכטער געוונומען.

## טעותן פֿון די „גרינע״

אין דער אויפפירונג פון די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן אַליין זיינען אָבער אויך געווען אַ סך פעלערן. דאָס ערגסטע פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אומקריטיש צו זיך אַליין. אין אַלץ וואָס עס איז שלעכט האָבן זיי נאָר באַשולדיקט יענעם: די פּאַרטיי איז שולדיק, די צייטונג איז שלעכט, די יוניאָנס און זייערע פירער טויגן ניט. אויף זיך אַליין האָבן זיי אָבער קיין שפּרענקעלע ניט געפונען. זיך אַליין האָבן זיי באַטראַכט אַלס די איינציקע גוטע און פרומע. דאָס אַמעריקאַנער לעבן און זיינע באַוועגונגען האָבן צו זיי ניט אַפּעלירט; דער טומל און גערודער איז זיי געווען דערווידער. זיי האָבן עס ניט געוואָלט פאַרשטיין און האָבן עס דעריבער פאַרהאַסט און אויסגעלאַכט. זייער אייגענע לאַגע איז געווען שלעכט. דאָס האָט באַהערשט זייערע געפילן און שטימונגען און האָט באַווירקט צום שלעכטן זייערע באַציאונגען צו אַנדערע. אַלץ האָבן זיי געזען אין אַ שלעכטן ליכט, אַלץ איז פאַר זיי געווען נישטיק און וואָכעדיק.

זייער באַציאונג צו דער אָרטיקער באַוועגונג איז געווען אַ קאַלטע און אַ פיינטלעכע. זיי האָבן אַלץ געמאָסטן מיט דער רעוואָלוציאָנערער מאָראַל וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט אונטער די צאַרישע באַדינגונגען. אין דער אָפענער און לעגאַלער באַוועגונג פון אַמעריקע האָבן זיי עס אָבער ניט געפונען. דער סאָציאַליזם אויף אויסצאָלן מיט פּאַרטיי־שטייער האָט פאַר זיי קיין ווערט ניט געהאַט. אַ באַוועגונג וואָס פאַרפליכטעט צו גאָרניט, איז ביי זיי געווען אַ גאָרניט. אָן קרבנות און געפאַרן האָט עס צו זיי ניט אַפּעלירט.

אַזאַ איינשטעלונג איז זיכער געווען אַ פאַלשע. אפילו זייער שטעלונג צום „פאָרווערטס״ איז אין געוויסע הינזיכטן געווען ניט ריכטיק. זייער טעות האָט געשטאַמט פון זייער צו הויכע מיינונג וועגן זיך זעלבסט. אויף אַלץ האָבן זיי געקוקט פון אויבן־אַראָפּ. זיי האָבן זיך גאָרניט געוואָלט אַראָפּלאָזן צו דער וואָכעדיקייט פון דער אָרטיקערווירקלעכקייט. זיי האָבן מורא געהאַט צו פאַרטאַכלעווען דערמיט זייער רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן אין דעם געפילט אַ פאַרשוועכונג פון זייער גרויסן אידעאַל, און האָבן זיך דעריבער אויסגעהיט צו פאַרביליקן זייער מאַרטירער־קאַמף. זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן אין זייערע אייגענע קרייזן און געהאַלטן זיך ווייט פון די אָרטיקע פאַראיינען. זייער גרינשעצונג איז געווען פּונקט אַזוי שעדלעך ווי די פיינטלעכע באַציאונג פון די האַלב־אויסגעגרינטע צו זיי זעלבסט. די „היגע״ און די „פרעמדע״ האָבן זיך אויסגעגליכן אין זייער גרינשעצונג איינע צו די אַנדערע.

ביי די דאָזיקע אימיגראַנטן איז גאָר קיין צווייפל ניט געווען, אַז זיי זיינען עס די אמתע רעוואָלוציאָנערן. דערויף האָבן זיי דאָך קלאָרע באַווייזן: די קאַזאַצקע קנוטן אויף זייערע לייבער קען מען דאָך ניט אָפּלייקענען; די פיינלעכע יאָרן פון טורמע און פאַרשיקונג קען מען דאָך מיט דער האַנט

ניט אַוועקמאַכן. די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע איבערלעבונגען זיינען ביי זיי געווען צו טייער צו פאַרשוועכן זיי מיט דעם „וואַסערדיקן" לעגאַלן סאָציאַ־ליזם פון דעם נייעם לאַנד. זיי האָבן זיך דעריבער ניט געקענט דערלויבן צו „באַפלעקן" זייער פאַרגאַנגענהייט מיט דעם וואָכעדיקן און אָפּאָרטוניס־טישן סאָציאַליזם פון אַמעריקע.

די דאָזיקע כשרע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אפילו ייט באַנוצט מיט זייערע בירגערלעכע רעכט. די פרייהייט פאַר וועלכע זיי האָבן מיט אַזוי פיל קרבנות געקעמפט אין זייער היימלאַנד האָבן זיי דאָך דאָ אין לאַנד שוין געהאַט. דאָרטן האָבן זיי געקעמפט בראַוו און אויסגעהאַלטן פאַר שטימרעכט פון פאָלק, אַלגעמיינע און געהיימע שטימרעכט איז דאָך געווען זייער פאָדערונג און זייער שלאָגוואָרט. דאָ, אין אַמעריקע, האָבן זיי עס שוין געהאַט. פונדעסטוועגן האָבן זיך די דאָזיקע אימיגראַנטן זעלטן באַנוצט דערמיט. זייער ווייניק פון זיי האָבן געפּרואווט ווערן בירגער. דאָס „היימלאַנד" איז פאַר זיי נאָך אַלץ געווען רוס־לאַנד. אַהינצו האָבן זיי זיך שטענדיק געגרייט צוריקצופאָרן. אפילו די פון זיי, וואָס האָבן שוין געהאַט בירגער־פּאַפּירן, האָבן אויך זייער זעלטן באַזוכט דאָס שטים־קעסטל. עס איז עפּעס צו־לייכט און באַקוועם, האָבן זיי געפילט. עס האָט דעריבער קיין ווערט ניט.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען בלויז אין די ערשטע יאָרן פון זייער איינוואַנ־דערונג. ערנסטע מענטשן קענען דאָך ניט בייטן זייער שטעלונג איבער נאַכט. דאָס אַלטע היימלאַנד מיט אירע זיטן און מאָראַל האָבן דעריבער נאָך לאַנג באַהערשט זייערע געדאַנקען און באַציאונגען. מיט דער צייט האָבן זיי זיך אָבער גענומען איינבירגערן אין נייעם לאַנד. זיי האָבן אָנגעהויבן אָנצושליסן זיך אין דער אָרטיקער פּאַרטיי און אין די יוניאָנס פון זייערע פאַכן. אויף דער ס"פּ האָבן זיי אָבער געהאַט אַ קנאַפּן איינפלוס. די אָנהענגער פון דער רעוואָלוצי־אָנערער ריכטונג — די העיוואוד־פראַקציע — האָט די פּאַרטיי שפּעטער אויס־געשלאָסן; אפילו די דעבס־ריכטונג איז אויך אונטערדריקט געוואָרן. ביי דער מאַכט איז פאַרבליבן בלויז די הילקוויט־קאַהאַן ריכטונג. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען אין די יידישע יוניאָנס. דאָ האָבן די נייע אימיגראַנטן אויסגעאיבט אַ גאָר גרויסן איינפלוס צום גוטן. זיי האָבן אויך געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון דער יידישער געגנט.

## די ביבליאָטעק

די קולטורעלע נויטן פון די יידישע אימיגראַנטן איז געווען שווער צו באַ־פרידיקן. נאָך שטאַרקער האָט זיך דאָס געפילט צווישן די אַנטלאָפענע רעוואָ־לוציאָנערן פון אַלע ריכטונגען. עס איז אָבער ניט געווען קיין אינסטיטוציע אין ניו־יאָרק, וואָס זאָל די באַדערפעניש באַפרידיקן. אַרום 1904 איז עס שוין גע־וואָרן אַ ברענענדיקע טאָג־פראַגע ביי די בונדישע און די לאַנדסלייט־פאַראיינען. די „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס" האָט דעריבער באַשלאָסן צו גרינדן אַ פרייע ביב־

ליאָטעק און קלוב־צימערן פאַר אירע מיטגלידער און אָנהענגערס. זיי האָבן באַצוועקט צו שאַפן דערמיט אַ קולטורעלן צענטער פאַר די צווייטע און צע־שפּרייטע אימיגראַנטן, וואָס זאָל זיי פאַרבינדן מיט די לאַנדסלייט־פאַראיינען. עס האָט אויך געזאָלט פּיל־וויניק זעטיקן זייער גייסטיקן הונגער.

מען האָט אָפּגעדונגען אַ קעלער וואוינונג פון פיר צימערן אויף איסט בראָדוועי. פון לאָנדאָן האָב איך מיטגעבראַכט די דערפאַרונג פון חבר טעפּ־לאָווס ביבליאָטעק. דאָרטן פלעג איך אָפט איינאָרדנען די קאַטאַלאָגן און באַדי־נען די לייענערס. אַנדערע דערפאַרענע טוערס און בויערס האָבן אויך ניט גע־פעלט. מען האָט זיך דעריבער גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס ערנסט. די חברים סינאַיי, לעווינסאָן, מינדלין, וואָלקאָוו און אַנדערע האָבן פיל מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. מען האָט זיך גענומען איבערבויען די צימערן און צופּאַסן זיי פאַר אונדזער צוועק. די מערסטע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון די מיטגלידער אַליין אָן געצאָלט. אַרבעטסלאָזע זיינען דאָך געווען איבערגענוג. זיי צו הילף זיינען אויך געקומען עטלעכע סימפּאַטיקערס. די אויסשטאַטונג איז אויך אָנ־געגאַנגען גאַנץ שנעל אין דער זעלבער צייט.

דער גרויסער זאָל פאַר דער ביבליאָטעק אין דעם לייענזאַל איז פאַרטיק געוואָרן צום ערשטן. אין דער זעלבער צייט איז אויך פיבעריש אָנגעגאַנגען דאָס זאַמלען פון ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן. די אַרבעט פאַר די קלוב־צימערן האָט גענומען אַביסל לענגער. מיר האָבן דאָרט געוואָלט מאַכן אַ באַקוועמען פּלאַץ פאַר די חברים און סימפּאַטיקערס צו פאַרברענגען זייער פרייע צייט צווישן זיי־ערע פריינט און באַקאַנטע, צו דיסקוטירן געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע פראַגן און צו באַקענען זיך מיט די לויפנדיקע פּאַסירונגען און מיט די וויכטיק־סטע טאָג־פראַגן פון דער אַרבעטער באַוועגונג.

אין די קלוב־צימערן איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ ביליקער בופעט. מען האָט דאָרט געקענט קריגן אַ טעפּעלע קאַווע, אַ גלאָז טיי און אַ לייכטן צובייסן פאַר גאַנץ ביליקע פרייזן. אויף ברויט מיט הערינג איז דאָרטן שטענדיק געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע. דער בופעט איז באַדינט געוואָרן פון די חברים אָן געצאָלט. ער האָט אויך געזאָלט אריינברענגען אַ קליינעם פאַרדינסט פאַר דער גאַנצער אונטערנעמונג.

אויף מיין חלק איז אויסגעפאַלן דערוויילט צו ווערן אַלס דער פאַרוואַלטער פון דער ביבליאָטעק און לייענזאַל. איך האָב עס אָנגענומען זייער גערן און האָב זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט. איידער נאָך די קלוב־צימערן און דער בופעט זיינען פאַרטיק געוואָרן האָט שוין די ביבליאָטעק פונקציאָנירט.

קיין ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן האָבן מיר ניט געקויפט. מיר האָבן דאָך ניט געהאַט קיין געלט־מיטלען דערויף. צווישן דער גרויסער צאָל אימי־גראַנטן זיינען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ביי זיך געהאַט ווערטפולע בי־כער. די מערסטע פון זיי האָבן געוואוינט אין ענגע און פינצטערע צימערן און האָבן ניט געהאַט וואו צו האַלטן זייערע ביכער. ווען זיי פלעגן דאַרפן אַריבער־

קלייבן זיך אין אַן אַנדער וואוינונג פלעגן די ביכער זיין פאַר זיי אַ שווערע פּראָבּ־לעם. אונדזער ביבליאָטעק איז דעמאָלט געקומען זיי צו הילף. מיר פלעגן אָנ־נעמען זייערע ביכער אַלס געשאַנק. די יעניקע, וואָס פלעגן עס אונדז בלויז אויס־לייען, פלעג איך אַרויסגעבן אַן אָפּיציעלע קבלה. מיט אַ פאַרזיכערונג, אַז זיי קע־נען עס צוריק קריגן צו יעדער צייט. דאָס איז אָבער געווען גאַנץ איבעריק. פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין פאַרוואַלטן האָט קיינער ניט פאַרלאַנגט זיינע ביכער צוריק.

פון פאַרוואַלגערטע און צעריסענע בלעטלעך פלעג איך צוזאַמענשטעלן גאַנ־צע ביכער, בראָשורן און זשורנאַלן. אין אייניקע פון זיי האָט מען אויך געדאַרפט צושרייבן עטלעכע בלעטלעך, וואָס האָבן געפעלט אין זיי. פון צופעליקע נומערן וואָס איך פלעג קריגן ביי דעם און ביי יענעם פלעג איך צוזאַמענשטעלן גאַנצע יאָרגענג פון זשורנאַלן און צייטשריפטן. איך פלעג זיי סאָרטירן, איינבינדן און קאַטאַלאָגירן. אַזוי האָבן זיך אָנגעזאַמלט גאַנצע יאָרגענג פון „צוקונפט״, „בייע צייט״ און „דער אמת״. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם בונדיסטישן, „יידישן אַרבעטער״, „די לעצטע נאַכריכטן״ און מיט דעם אַנאַרכיסטישן „זשער־מינאל״ און „די פרייע געזעלשאַפט.״

פון עטלעכע חברים האָב איך דעמאָלט געקראָגן זאַמלונגען פון זייער ווערט־פולע ביכער. אַ גאַר גרויסע זאַמלונג פון וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע ווערק האָב איך געקראָגן פון די חברים שוב און לונין. זיי זיינען דעמאָלט געקו־מען פון אַן אַנדער שטאָט און האָבן ניט געהאַט וואו צו האַלטן זייערע גרויסע צאָל ביכער — האָב איך עס פון זיי געקראָגן פאַר אונדזער ביבליאָטעק. דער אָפּמאַך איז געווען, אַז זיי קענען צוריקנעמען די ביכער ווען נאָר זיי וועלן עס פאַרלאַנגען. זיי האָבן אָבער קיינמאָל זיך ניט באַנוצט דערמיט.

איך האָב אויך געשריבן וועגן דער ביבליאָטעק צו די פּראָגרעסיווע פאַר־לאַגן און רעדאַקציעס אין רוסלאַנד, אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע גופא. איך האָב זיי געבעטן צו שיקן אונדז זייערע אויסגאַבעס אַן געצאָלט. אייניקע צייטונ־גען און זשורנאַלן האָבן עס געטאָן זייער גערן. עטלעכע פאַרלאַגן האָבן אונדז אויך צוגעשיקט זייערע אויסגאַבעס. חבר טשערטקאָוו האָט אונדז צוגעשיקט פון לאָנדאָן אַלע אויסגאַבעס פון טאָלסטאָיס שריפטן אין רוסיש. די פּאָסט־מאַר־קעס אַליין פאַר די קאָסטנס מיט די ביכער האָט אים געדאַרפט אָפּקאָסטן אַ פאַר־מעגן. מיר האָבן געזאַמלט בלויז יידישע און רוסישע ביכער, צייטונגען און זשור־נאַלן. קיין ענגלישע ליטעראַטור האָבן מיר ניט געקליבן. אונדזערע לייענער האָבן דאַך די ענגלישע שפּראַך נאָך ניט פאַרשטאַנען. די אָבער, וואָס האָבן שוין געקענט די שפּראַך, האָבן ביי אונדז קיין ביכער ניט געדאַרפט זוכן. זיי האָבן עס געקענט קריגן אין די שטאָטישע ביבליאָטעקן.

דער לייענזאַל און די ביבליאָטעק זיינען געווען אָפן אַלע זיבן טעג פון דער וואָך. אַרום הונדערט לייענער פלעגן זיך דערמיט באַנוצן דורכן טאָג. מיין גאַנ־צע צייט פלעג איך אָפּגעבן פאַר דער ביבליאָטעק. איך פלעג באַדינען די לייע־

נער פון ניין אינדערפרי ביז עלף ביינאַכט אומבאַצאָלט. עס האָט מיר געגעבן אַ סך צופרידנקייט צו זעען ווי אַזוי מיין אַרבעט וואַקסט אונטער די הענט און ווי אַזוי די הונגעריקע לייענערס געפינען זייער גייסטיקע דערנערונג אין דעם יידישן און רעוואָלוציאָנערן בוך. אַהיים צו נעמען פלעגן מיר קיין ביכער ניט אַרויסגעבן.

ד״ר זשיטלאָווסקי איז דעמאָלט געקומען קיין אַמעריקע צום ערשטן מאָל. ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט לעקציעס און רעפעראַטן זייער אָפט און רעגלמעסיק. די שטאָט האָט געשטורעמט מיט זיינע אַרויסטרעטונגען. די יידישע יוגנט איז געווען באַצויבערט פון זיין ריידן און פון אים אַליין. אַלע זיינען אים געלאָפן הערן, טראָץ דעם באָיקאָט פון „פאָרווערטס״ אויף זיין פובליסיטי. איך האָב זיך עס אָבער ניט געקענט פאַרגינען, — איך וואָלט דאָך געדאַרפט צוליב דעם פאַרמאַכן דעם לייענזאַל.

קיין צו גרויסע וואונדער האָט אָבער אונדזער קליינע אונטערנעמונג ניט געקענט דערווייזן. זי איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און שטערונגען. דאָס האָט אונדז אָבער געמאַכט צו פילן, אַז מיר טוען אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט. דערפאַר טאַקע האָבן מיר זיך איבערגעגעבן דערצו מיט אונדזער גאַנצן ברען.

## דער שריפטזעצער־סטרייק

אין 1905 איז פאָרגעקומען דער סטרייק פון די שריפטזעצער אין „פאָר־ווערטס„. דער סטרייק איז אויסגעבראָכן צוליב דעם, וואָס דער „פאָרווערטס״ האָט אָפּגעזאָגט אַ זעצער ווייל ער קען כלומרשט ניט אַרבעטן. אויף דער יידישער גאַס האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אייב קאַהאַנס רעזשים אין „פאָר־ווערטס״ איז שוין דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט און שטאַרק פאַרהאַסט. מען האָט דעריבער געהאָפט, אַז דער סטרייק וועט ברענגען אַן ענדערונג צום גוטן. אַלע בונדישע און לאַנדסלייט־פאַראיינען זיינען געווען באַגייסטערט פאַר די סטריי־קערס.

די קאַהאַן־גרופּע האָט געזוכט דורכן „פאָרווערטס״ צו קריגן דעם אויס־שליסלעכן איינפלוס איבער דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיט זיין באַ־וויליקן אָדער אָפּזאָגן די נויטיקע פובליסיטי האָט קאַהאַן געוואָלט דיקטירן די פּאָליטיק פון יעדער יוניאָן, גרופּע און פאַראיין. מיט זיין שאַרפער פּראָפּאַגאַנ־דע פאַר אָדער קעגן אַ געוויסע באַוועגונג האָט ער איר געהאָלפן וואַקסן אָדער צעשטערט ווערן. ער האָט אַרויפגעצוואונגען זיינע מענטשן אַלס פירערס און באַאַמטע פון די עטלעכע דעמאָלטדיקע יוניאָנס. ער האָט אַרונטערגעריסן און דערמיט פאַרטריבן אַזעלכע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פירן פון אים.

קאַהאַן האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר מעגלעכע קאָנקורענטן. ער האָט מורא געהאַט, אַז אַ וועלכע ניט איז גרופּע, וואָס איז אומהאָפּהענגיק פון אים, זאָל קריגן אַן איינפלוס אויף דער באַוועגונג. ער האָט דעריבער ניט דערלאָזן אויפ־

קומען אָדער וואַקסן קיין זעלבסטשטענדיקע באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. ער האָט באַיקאָטירט און באַקעמפט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג און אירע אונטערנעמונגען. ער האָט באַיקאָטירט די פרויען־באַוועגונג און די קאָנסומערס־פאַראיינען. ער האָט באַקעמפט די יידישע קינדער־שולן, די דראַמאַטישע־פאַראיינען, דעם „צוקונפט"־זשורנאַל און שפּעטער אויך די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, די אַמאַלגאַמעיטעד שניידער־יוניאָן, די יידישע פאַרבערס־יוניאָן און די אַי־דאַבליו. אפילו דער אַרבעטער־רינג און דער „בונד" האָבן זעלטן ווען געקראָגן פּובליסיטי אין "פאָרווערטס".

קאַהאַן האָט ניט צוגעלאָזן צו דער עפענטלעכקייט די אינטעלעקטועלע קרעפטן, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזן דיקטירן פון אים. די בעסטע און אָנערקענסטע שרייבערס זיינען באַיקאָטירט געוואָרן אין „פאָרווערטס". אַזעלכע שרייבערס און טוערס ווי זאַמעטקין, ווינטשעווסקי, באַראַנאָוו, פּעסקין, יעקב מילך, לעסין און אַנדערע זיינען אַ לאַנגע צייט געווען טריף ביים „פאָרווערטס". וועגן ענטין, מילער, יעקב גאָרדאָן, יצחק אייזיק הורוויץ און בעראנדעס האָט שוין גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. די פּאָר שרייבער, וואָס זיינען קאַהאַנען געפעלן געווען האָבן אָבער ניט געטאָרט אונטערשרייבן זייערע נעמען אונטער זייערע אַרטיקלען. קאַהאַן האָט ניט געקענט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן ווערן פּאָפּולער ביי די יידישע מאַסן. די שכירות אין „פאָרווערטס" זיינעז אויך געווען זייער קליין. ער פלעגט אָנדינגען אַ פּאָר פאַרהונגערטע אימיגראַנטן אָן נעמען און פלעגט זיי צאָלן צען־צוועלף דאָלאַר אַ וואָך פאַר זייער שרייבערישע מלאכה. פאַר די פּראָפעסיאָנעלע שרייבערס איז עס אָבער געווען אַ שטאַרקע קאָנקורענץ.

די „פאָרווערטס"־קאַמפּעינס פאַר צירקולאַציע פלעגן געפירט ווערן אויף אַ שרייענדיקן און טומלדיקן שטייגער. קאַהאַנס קריגערייען מיט די יידישע צייטונגען זיינען געווען זייער ווייט פון שרייבערישער עטיק. זיין דעמאָלסטדיקע שפּראַך האָט געקענט פאַרשעמען דעם פיש־מאַרק. די יידישע גאַס איז דערפון פאַרשמוצט און פאַרפעסטעט געוואָרן. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַ סך געליטן דערפון. עס איז ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער אָדער אידעאָלאָגישער קאַמף אָבער געגנוג סענסאַציאָנעל און טשיקאַווע. דערפאַר טאַקע פלעגט מען עס דעמאָלט אַזוי „כאַפּן דעם פּעיפּער". מען פלעגט זיך קוויקן מיט דעם צעשמירטן בינטל רכילות און דעליקאַטע אַנצוהערענישן.

אָט קעגן דעם דאָזיקן סיסטעם האָבן די זעצערס און דרוקערס ענדלעך רעוואָלטירט. די יידישע גאַס האָט געברענט פון צאָרן. די גאַנצע סימפּאַטיע פון די אַרבעטער־מאַסן איז געווען אויף דער זייט פון די סטרייקערס. אַלע האָבן געהאָפט און געוואַרט אויף זייער זיג. אין אַלע שמועסן און געשפּרעכן איז די הויפּט־פּראַגע געווען: „וואָס הערט זיך מיטן סטרייק? וואָס טראַכטן די סטרייקערס צו טאָן?" אייניקעס האָט זיך שפּעטער געענדערט צום בעסטן אין „פאָרווערטס". מען האָט צייטנווייז געזען באַראַנאָוון, פּעסקין און אַנדערע אין פאָרווערטס". דער אַרבעטער־רינג האָט דאָרטן געקראָגן אַ פרייע האַנט.

זיינע קינדער־שולן זיינען שוין אויך געוואָרן געווינטשטע קונדן פאַר באַצאָלטע מעלדונגען. אפילו די יידישע קאָאָפּעראַטיוון און דער יידישער אַרבעטער־פאַר־באַנד האָבן אויך געקראָגן אַ צוטריט צום „פאָרווערטס״. דער איינפלוס פון די נייע אימיגראַנטן האָט עס פיל מיטגעהאָלפן. ווילאַדעקס פאַרוואַלטונג און איבער־הויפּט דער קאַמף קעגן דער „פרייהייט״, האָבן אויך פיל־וויניק געצאַמט די שטרענגע דיקטאַטור. דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן דורך דעם „פאַרלאָרע־נעם״ שריפטזעצערס־סטרייק.

## די סטרייק־ברעכערס

קאַהאַן האָט צו ערשט ניט גענומען ערנסט דעם זעצערס־סטרייק. „וויס איך וואָס?״ — האָט ער זיך געטראַכט. „זיי וועלן באַלד קומען בעטן זיך אויף צוריק!״ זיי זיינען אָבער אַזוי שנעל ניט צוריקגעקומען. דער „פאָרווערטס״ איז איינגעשרומפּן געוואָרן צו אַ קליין בלעטל. זייער זעלטן האָט ווער ניט איז געקויפט אים. די „פרייע אַרבעטער שטימע״ האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אין עטלעכע אויסגאַבעס יעדן טאָג. די פיינטלעכע שטימונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך שוין שטאַרק געלאָזט פילן אין דער רעדאַקציע און דער צירקולאַציע. די לאַגע איז געוואָרן ערגער מיט יעדן טאָג. נאָכגעבן האָט אָבער קאַהאַן ניט געקענט. עס האָט זיך דאָך ניט געהאַנדלט וועגן איינצלנע פאַרבע־סערונגען. עס איז דאָך געווען אַ פאַרמעסטונג קעגן זיין גאַנצן רעזשים. ווען ער זאָל אַלץ נאָכגעבן, וואָלט ער דאָך פאַרלוירן זיין גאַנצע מאַכט. ער וואָלט דאָך מער ניט געקענט דיקטירן די פּאָליטיק פון די יידישע יוניאָנס און אַנדערע אָר־גאַניזאַציעס. אַזוי וויט האָט ער ניט געקענט גיין.

מען האָט אָבער געמוזט איינשטילן דעם צאָרן פון די אַרבעטער־מאַסן, — האָט קאַהאַן גענומען זוכן סימפּאַטיע און הילף דורך אַנדערע ״יטלען. ער האָט געוואָלט קריגן אַ הכשר פון אַ וועלכן ניט איז פירער אין די אָרגאַניזאַציעס. דאָס וואָלט אים אַרויסגעהאָלפן צו ברעכן דעם סטרייק פון זיינע שקלאַפן. אים צו הילף איז דעמאָלט געקומען לעווינסאָן. מען האָט אים אַריינגערופן אין דער רעדאַקציע און איינגעקנעלט מיט אים, וואָס צו זאָגן און וואָס צו טאָן. ער האָט באַלד אַריינגעגעבן אַ סימפּאַטיע־רעזאָלוציע אין „פאָרווערטס״ ״יט דעם שטעמפּל פון דער „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס״ — ער איז דאָך געווען זייער סעקרעטאַר. די רעזאָלוציע האָט פאַראורטיילט דעם סטרייק און האָט באַרעכטיקט די סטרייק־ברעכערישע האַלטונג פון „פאָרווערטס״. זי איז באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן אויף דער ערשטער זייט פון „פאָרווערטס״ מיט די בויטיקע דערקלערונגען און אויס־טיישונגען

די גאַנצע רעזאָלוציע איז אָבער געווען בלויז אַ שווינדל. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער פאַרזאַמלונג פון דער „באָאַרד אָוו דעלע־געיטס״. עס האָט דעריבער געטראָגן די אויטאָריטעט פון אַזוי פיל לאַנדסלייט־פאַראיינען. דאָס איז אָבער געווען דרוכאויס פאַלש. די „באָאַרד״ האָט די רעזאָ־

לוציע קיינמאָל ניט באַטראַכט און ניט באַשלאָסן. זי האָט גאָר אין יענע טעג ניט געהאַט קיין שום פאַרזאַמלונגען. די רעזאָלוציע איז באַשאַפן געוואָרן איז דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס". לעווינסאָן האָט עס בלויז אונטערגעשריבן און באַשטעטיקט מיט דעם שטעמפּל פון דער „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס". פאַקטיש זיינען אָבער אַלע אירע דעלעגאַטן און זייערע פאַראיינען געווען שטאַרק באַגייס־טערט פאַר די סטרייקערס. דער קאַמף קעגן דעם דיקטאַטאָרישן רעזשים איז דאָך אויך געווען אין זייערע אייגענע אינטערעסן.

ווען די דעלעגאַטן פון דער „באָאַרד אָוו דעלעגעיטס" האָבן דערזען די רע־זאָלוציע, זיינען זיי דערשטוינט געוואָרן פון דעם בייזן שווינדל. זיי האָבן עס גאָרניט געקענט גלייבן. זיי זיינען געוואָרן דערשלאָגן פון שאַנדע און פאַרדרוס. מיר האָבן באַלד פאַררופן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון דער „באָאַרד" און אָנגענומען אַ ספּעציעלע אַפּלייקענונג. דער „פאָרווערטס" האָט זיך אָבער אָפּ־געזאָגט צו דרוקן אונדזער אַפּלייקענונג. אונדזערע פּראָטעסטן און פאָדערונגען האָבן גאָרניט געהאָלפן.

דער זעצער־סטרייק איז פאַרשפּילט געוואָרן אין איין וואָך צייט. דער „פאָרווערטס" איז פאַרבליבן ביי זיין אַלטער פּאָליטיק און מעטאָדן. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז פאַרבליבן אָפּהענגיק פון קאַהאַנס קאָנטראָל. דער סטרייק איז אָבער פאַרבליבן טיף איינגעקריצט אין דעם זכרון פון די יידישע אַר־בעטער־מאַסן.

אַ קורצע צייט נאָך דעם פאַרשפּילטן זעצער־סטרייק, — אין אָנהייב פון 1906 — איז פאַררופן געוואָרן אַ געהיימע באַראַטונג אויף דער איסט סאַיד. דאָרטן איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פון גרינדן אַ ריינע סאָציאַליסטישע צייטונג. צווישן די אָנוועזנדע זיינען אויך געווען זאַמעטקין, ווינטשעווסקי, יעקב מילך, פאַרענבערג, ד"ר ראַיעווסקי, לעסין און מאיר לאָנדאָן. פון דער באַראַטונג האָט זיך אָבער גאָרניט אויסגעלאָזט. עס זיינען ניט געווען די נויטיקע געלט־מיטלען און דער געהעריקער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַפּאַראַט פאַר אַזאַ גרויסער אונטערנעמונג.

## מיין רעזיגנאַציע

ווען די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 האָט אויסגעבראָכן, האָט עס מיך אינגאַנצן צערודערט. אין אָנהייב האָט עס זיך ניט געלאָזט גלייבן. מיר זיינען טאַקע געווען זיכער, אַז עס מוז קומען גאָר אינגיכן. ווען דאָס האָט אָבער שוין פאַסירט, איז עס געווען צו איבעררַאשנדיק פאַר אונדז. עס האָט זיך גאָרניט געלאָזט גלייבן, אַז דאָס איז ווירקלעך געשען און אַז אונדזערע שיינע חלומות זיינען שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס האָבן זיך גענומען פאַרמירן גרויסאַר־טיקע פּלענער און דערוואַרטונגען. די גרויסע מעגלעכקייטן האָבן גערופן צו פאַרשטאַרקטער אַרבעט אין דער באַפרייטער רוסלאַנד. און פאַרגלייך דערמיט האָט שוין די אַרבעט אין „גלות" פאַרלוירן איר ווערט. דאָס האָט מיך אַזוי צע־

טומלט, אַז איך האָב שוין ניט געקענט אָפּגעבן זיך אײנגאַנצן צו דער ביבליאָטעק. מײן גאַנץ װעזן איז געװען אין רוסלאַנד. אַ סך רעװאָלוציאָנערן זײנען טאַקע דעמאָלט צוריקגעפאָרן קײן רוסלאַנד. איך האָב אױך געפּלאַנט נאָכצוטאָן זײער בײשפּיל. איך האָב אָבער ניט געקענט קריגן די געלט־מיטלען דערויף.

דעם זעלבן אָוונט װי עס איז אָנגעקומען די ידיעה, איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן אַ פּאַראײניקטע קאָנפערענץ אין אונדזער לײענזאַל. עס זײנען דאָרטן געװען פאַרטראָטן די אינטעלעקטואַלן פון אַלע רעװאָלוציאָנערע און ראַדיקאַלע ריכטונגען. בײ דער דערעפענונג איז די באַגײסטערונג געװען זײער גרױס און די דערװאַרטונגען פאַר געמײנשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט איז געװען נאָך גרעסער. מען האָט זיך אָבער ניט געקענט צוזאַמענרײדן. מען האָט זיך בלויז שטאַרק צעקריגט און מען איז אַװעק מיט גאָרניט.

מײנע האָניק־מאָנאַטן אין דער ביבליאָטעק און לײענזאַל האָבן זיך אױך שנעל געענדיקט. שולדיק דערינען איז געװען דער דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג, װאָס האָט שטאַרק פּאָפּולאַריזירט אירע טוערס. אײניקע חברים האָבן עס ניט פאַרגונען. זײ האָבן בעסער געװאָלט צונעמען די אָנערקענונג פאַר זיך זעלבסט. צוזאַמען מיט דער ביבליאָטעק, איז אױך געװאַקסן דער אײנפלוס פון דער „באָאַרד אָװ דעלעגעיטס". זי איז שוין געװאָרן אַן אָנערקענטער כוח אויף דער יידישער גאַס. אײניקע חברים האָבן עס גענומען אױסנוצן פאַר אײגענע צװעקן. איך האָב דאָס אָבער ניט געקענט פאַרלײדן. די בעסערע עלעמענטן, װאָס האָבן צוזאַמען מיט מיר געאַרבעט אין ביבליאָטעק, — סינאַי, ראָזענטאַל און אַנדערע — זײנען געװען צו שװאַך צו באַקעמפן און באַזײטיקן עס.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אין 1905 דערװײלט אַ קאָמיטעט פון זיבן, אָנצופירן די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. זי איז אָבער געשטערט געװאָרן צו טאָן עפּעס ממשותדיקס. מען האָט אפילו ניט געקענט צוזאַמענקלײבן די זיבן מיטגלידער אויף אַ באַראַטונג. אַלס אײנער פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט, האָב איך דעמאָלט פאַרעפנטלעכט מײנע טענות „צו דער זיבענער קאָמיטע" אין „פאָרװערטס". עס איז געװען געדרוקט דעם ערשטן מאַי, 1906. דאָרטן האָב איך פּראָטעסטירט קעגן דער פירערשאַפט, װאָס לאָזט ניט צו קײן נײע טוערס און טוט אַלײן גאַנץ װײניק. די „באַמערקונג" פון דער רעדאַקציע האָט עס געפּרואװט צו פאַרגלעטן און פאַרענטפערן. אַלץ איז פאַרבליבן אַזוי װי געװען.

צו דעם אַלעם איז דעמאָלט נאָך צוגעקומען די געפּעלשטע רעזאָלוציע קעגן דעם דרוקער־סטרײק. דער דאָזיקער שװינדל האָט אונדז אַלעמען געטראָפן אַזױ װי אַ דונער. אויף מיר פּערזענלעך האָט עס געהאַט אַן אַנטשײדנדיקע װירקונג. עס האָט מיך נאָכמער איבערצײגט, אַז איך מוז איבעררײסן מײן אַרבעט. איך האָב זיך שוין דעמאָלט ניט געװאַקלט, און האָב רעזיגנירט פון דער ביבליאָטעק.

אַ געװיסע צײט האָב איך זיך געמוזט אָפּגעבן בלויז מיט זיך זעלבסט. איך האָב געמוזט אָפּטעמפּן דעם װײטיק פון מײן אַנטױשונג, אום אױסצוהײלן זיך

פון אַ נערוועזן צוזאַמענברוך. צוליב דעם, האָב איך געמוזט אַרויסרייסן זיך פון מיין פריערדיקער אומגעבונג. איך האָב געמוזט געפינען אַ שווערע פיזישע אַרבעט, וואָס זאָל פאַרנעמען מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און אויסשעפּן מיין גאַנצע ענערגיע. איך האָב אויך געדאַרפט האָבן בעסערע דערנערונג און גע־נוג רו. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַריבערצוקלייבן זיך אין האַרלעם. דאָרטן וואָלט איך געווען ווייט פון דער צעררייצטער אַטמאָספערע אַרום דער ביבליאָטעק און פון די נאָגנדיקע דעראינערונגען.

נאָך מיין רעזיגנאַציע האָט מען די ביבליאָטעק און לייענזאַל אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער וואוינונג. מען האָט איינגעטיילט די אַרבעט צווישן אַ צאָל חברים. זיי זיינען אָבער שנעל מיד געוואָרן פון אַזאַ שטענדיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די ביבליאָטעק איז דעריבער אַלץ אָפטער פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן און איז ענד־לעך אויפגעלייזט געוואָרן. זי האָט עקזיסטירט בערך צוויי יאָר.

# אין האַרלעם

אין האַרלעם האָט זיך פאַר מיר ווידער אָנגעהויבן די אַלטע געשיכטע פון זוכן אַרבעט און ניט געפינען. איך האָב ווידער געדאַרפט קלאַפּן אין די טירן, קלעטערן אויף די אַלטע שטיגן און זוכן כאָטש אַ וועלכע ניט איז באַשעפטיקונג. טאָג־איין, טאָג־אויס, האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. קיין אַרבעט האָב איך אָבער אַזוי גיך ניט געקראָגן.

מיין פּיינלעכע אַנטוישונג איז נאָך געווען פריש און שאַרף. עס האָט מיך נאָך אַלץ געערגערט און געווייטיקט. איך האָב דעריבער געמוזט אָפּטעמפּן די פּיינלעכע דעראינערונגען און באַרואיקן זיך. די שטענדקע זוכעניש נאָך אַרבעט האָט עס מיר מיטגעהאָלפן. איך האָב געזוכט אַרבעט, געפונען האָב איך אָבער פרישע לופט און זונשיין. איך פלעג זיך דערביי שטאַרק אויסמאַטערן אָבער דאָס פלעגט מיך אויך באַרואיקן. די גוטע נאַטור האָט אַזוי אַרום געהיילט איי־נעם פון אירע קראַנקע קינדער. עס איז טאַקע געווען אַ גרויסע זאַך, אָבער זאַט ווערן דערמיט האָט מען ניט געקענט. איך האָב דעריבער ווידער געדאַרפט זוכן, ווידער געדאַרפט קלעטערן איבער די שטיגן און ווידער קלאַפּן אין די טירן.

ביסלעכווייז איז דער שאַרפער ווייטיק פון מיין אַנטוישונג אָפּגעטעמפּט געוואָרן. צום גליק האָב איך ענדלעך אויך געפונען אַרבעט. עס איז געווען זיי־ער שווער פאַר מיינע כוחות, דערפאַר טאַקע איז עס געווען זייער געוואונטשן פאַר מיינע נערוון. די שווערע פיזישע אָנשטרענגונג האָט מיר פיל גוטס געטאָן.

אַזוי שנעל ווי איך האָב אָנגעהויבן צו קומען צו זיך האָב איך זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דעם האַרלעמער ברענטש פון „בונד". מיין לעבן וואָלט דאָך ניט געהאַט קיין אינהאַלט אָן אַרבעט אין דער באַוועגונג. מיר האָבן דעמאָלט

געגלייבט, אַז מיט אונדזער טעטיקייט אַנטשיידן מיר דעם שיקזאַל פון דער וועלט. און אַז מיט אונדזער קאַמף וועלן מיר ענדלעך באַפרייען די גאַנצע וועלט. צו־ריק האַלטן זיך פון דער באַוועגונג איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַזאַ פאַרברעכן ווי דעזערטירן פון שלאַכפעלד. מען האָט עס פאַררעכנט ווי אַ פאַרראַט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל.

דער בונדישער פאַראיין איז דעמאָלט געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין האַרלעם, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַקטיווער טעטיקייט. ער פלעגט אַראַנזשירן לעקציעס און דיסקוסיעס איבער פראַגן פון סאָציאַליזם און יוני־אָניזם. ער פלעגט פאַררופן מאַסן־פאַרזאַמלונגען און פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען. ער פלעגט אויך אַראַנזשירן קאָנצערטן, בעלער און עקסקורסיעס. די דאָזיקע אונטערנעמונגען פלעגן אַלעמאָל אויסגענוצט ווערן פאַר פּראָפּאַגאַנדע און אַגי־טאַציע. דער פאַראיין פלעגט זיך אויך אָפּרופן אויף די אָרטיקע נויטן און זיי־ערע אַקטועלע פאָדערונגען.

אין האַרלעם האָט דעמאָלט אויך עקזיסטירט אַ ברענטש פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי. מען האָט אָבער פון אים ווייניק געהערט. אין דער טאָג־טעגלעכער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָט ער זיך ניט באַטייליקט. אין די אַקטיוויטעטן פון דער באַוועגונג האָט ער קיין אָנטייל ניט גענומען. בלויז אין צייט פון וואַלן פלעגט ער זיך לאָזן הערן. דעמאָלט פלעגט ער אַרויסקומען פריידיקן זיין געשעפטסמעסיקן אָפּאָרטוניזם.

אין אונדזערע באַראַטונגען און דיסקוסיעס פלעגן מיר שטאַרק אונטער־שטרייכן די פעלערן פון דער אָרטיקער ס״פּ. מיר האָבן ניט געקענט באַרעכטיקן זייער גלייכגילטיקייט צו די פראַגן פון טאָג און זייער נייטראַליטעט צו דעם עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַרבעטער. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אונדזער אייגענער פאַראיין קען דאָ ווייניק אויפטאָן. אַן אונטערשטיצונגס־פאַראיין פאַרן „בונד״ קען ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע אויך פאַר דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער אַרבעט. אין ווינטער פון 1906, האָבן מיר תּאררופן עטלעכע פון אונדזערע אַקטיווע חברים אויף אַ באַראַטונג. מיר האָבן דעמאָלט געגרינדעט דעם ערשטן יידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין פון די אימיגראַנטן. די חברים ברוך שטיין, סילווער און רייכל פּאָרטנאָי זיינען געווען צווישן די גרינדערס. אייניקע פון אונדז זיינען נאָך דעמאָלט געווען געבויגט צו דער ס. ל. פּ. זיי זיינען געווען איינשטימיק מיט איר פּראָגראַם. זיי האָבן אָבער ניט געקענט באַרעכ־טיקן אירע פּאָלעמישע מעטאָדן און איר טאַקטיק אין די יוניאָנס. אַרום דער זעלבער צייט האָט זיך אויף דער איסט סאַיד געגרינדעט אַ יידישער סאָצי־אַליסטישער פאַראיין. זיי האָבן אָבער געהאַט בעסערע טוערס און פייאיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן. פון די דאָזיקע פאַראיינען איז שפּעטער אויסגעוואָקסן די „יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע.״

# די יידישע פֿאַרבערס־יוניאָן

אין 1906 האָבן מיר געגרינדעט אין האַרלעם די יידישע פֿאַרבער־יוניאָן. דרויאַנאָוו, סאַזנער, ברייס און סילווערמאַן זיינען געווען די מער אַקטיווע טוערס. מיר האָבן זיך פֿאַרנומען צו אָרגאַניזירן די פֿאַרבערס, וואָס אַרבעטן אין די באַוואוינטע הייזער. אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעריבער גערופֿן די „אַלטערישאַן־יוניאָן”. די עקזיסטירנדיקע יוניאָן האָט זיך שטענדיק אָפּגעזאָגט צו אָרגאַניזירן די דאָזיקע אַרבעטער. זי האָט געטענהט, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע אויפֿגאַבע, ווייל אין די באַוואוינטע הייזער קען מען זיי סיי־ווי ניט אויסגעפֿינען און ניט קאָנטראָלירן. אויסער דעם לוינט זיך גאָרניט צו פֿאַרהאַנדלען מיט די קליינע קאָנטראַקטאָרלעך פֿאַר ווענען זיי אַרבעטן. די דאָזיקע קאָנטראַקטאָרלעך זיינען ניט קיין שטאַנדהאַפֿטיקע. היינט זיינען זיי גאַנצע אונטערנעמער, מאָרגן אַרבעטן זיי פֿאַר יענעם און, אין אַ צייט אַרום, דינגען זיי שוין ווידער אָן עטלעכע אַרבעטער. מען קען זיי דעריבער ניט האַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך און דער גאַנצער עסק איז דורכאויס נוצלאָז.

די עקזיסטירנדיקע יוניאָן האָט זיך אינטערעסירט בלויז מיט גרויסע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבן די שטאָטישע אַרבעט, די געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס און די נייע געביידעס. זיי מוזן דאָך באַשעפֿטיקן יוניאָן־אַרבעטער. דאָרטן גייט עס זיי ווי געשמירט. די אַרבעטער שמירן די ווענט און די קאָנטראַקטאָרס שמירן די באַאַמטע. די „גרויסע” האָבן פֿאַר וואָס און מיט וואָס צו שמירן. דאָרטן איז די אַרבעט געווען גרינגער און שטענדיקער. דאָס איז געווען דער פֿעטער ביסן מיט וועלכן זיי פֿלעגן שפּייזן זייערע שטיצער פֿאַר זייערע שטימען. די באַאַמטע און די פּריווילעגירטע פֿלעגן דאָרטן מאַכן אַ לייכטן דאָלאַר.

די דאָזיקע קאָנסערוואַטיווע יוניאָן איז געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַר נייע מיטגלידער און איבערהויפּט פֿאַר די יידישע אימיגראַנטן. זיי האָבן געוואָלט מאָנאָפּאָלאַזירן די אַרבעט פֿאַר בלויז זייערע אייגענע מיטגלידער. אַלע פֿאָדערונגען צו אָרגאַניזירן די אַרבעט פֿון די אַלטע הייזער זיינען שטענדיק אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. אַלע פּראָטעסטן פֿון די פֿאַרבער־אַרבעטער זיינען איגנאָרירט געוואָרן. די יידישע פֿאַרבערס האָבן דעריבער ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו אַרבעטן ביי די קלענערע באַלעבאַטים אין די באַוואוינטע הייזער. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען אַ שווערע און דערצו נאָך אַ גאַנץ צופֿעליקע און אַ צעבראָכטע. מען האָט געאַרבעט אַ טאָג דאָ און אַ טאָג דאָרטן. קיין גאַנצע וואָכן פֿלעגט מען ניט אויסאַרבעטן. עס האָבן שטענדיק געפֿעלט טעג און שטונדן. די עקספּלואַטאַציע פֿון די קליינע קאָנטראַקטאָרלעך איז געווען גרויס. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען לאַנג, די שכירות זיינען געווען קליין. זיי פֿלעגן אָננעמען זייער אַרבעט פֿאַר אַ זייער ביליקן פּרייז. אַנדערש וואָלטן זיי עס דאָך ניט געקראָגן. זיי זיינען שוין דעריבער געווען געצוואונגען צו יאָגן און באַרויבן זייערע אַרבעטער. עס איז געווען שווער צו ליידן און פֿאַרשווייגן.

מיר האָבן זיך דעמאָלט גענומען צו דער צוגרייטונגס־אַרבעט פֿון אויפֿקלע־

רונג און אָרגאַניזאַציע. מיטגלידער פון פאַרשיידענע פּאַרטייען האָבן זיך פאַר־אייניקט מיט די אומפּאַרטייאישע אין דער נייער פאַרבערס־יוניאָן. מיר האָבן אויסגעוויילט אונדזערע באַאַמטע און איינגעשטעלט דעם אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַ־ראַט. אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין נעם פאַרבער־פאַך. אונדזערע קאָמיטעס האָבן באַזוכט די שעפער, די הייזער און זייערע איינ־וואוינערס. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן גאַסן־פאַרזאַמלונגען און אָנגעפירט פּיקעט־דעמאָנסטראַציעס. מיר האָבן געקנעלט מיט די צוריקגעשטאַטענע פאַרבערס און געלערנט בלק מיט די איינגעשפּאַרטע קאָנטראַקטאָרס. מיר האָבן געאַרבעט מיט גוטן און מיט בייזן. אַ באַדייטנדיקע צאָל פאַרבערס זיינען אינגיכן אָרגאַ־ניזירט געוואָרן. אַ טייל פון די קלענערע קאָנטראַקטאָרס האָבן אויך אָנערקענט די יוניאָן. אין אָנהייב האָבן מיר געהאַט אַ סך שוועריקייטן אָבער קיין שום שטע־רונגען. אונדזערע קעגנער האָבן אונדז ניט גענומען ערנסט. זיי האָבן זיך גאָר אויסגעלאַכט פון אונדז. זיי זיינען געווען זיכער פון פאָראויס אַז מיר וועלן גאָר־ניט דערגרייכן מיט אונדזער גאַנצן קאַמפּעין.

די גרינדער און טוער פון דער נייער יוניאָן זיינען אַלע געווען די אַזוי־גע־רופענע „גרינע". דאָס זיינען געווען מערסטנטייל אַנטלאָפענע רעוואָלוציאָנערן פונעם צאַרישן רוסלאַנד: ראַדיקאַלן פון פאַרשיידענע ריכטונגען האָבן זיך אַלע פאַראייניקט צו אַרבעטן פאַר אַ דעמאָקראַטישער און קעמפּענדיקער יוניאָן. שוועריקייטן האָבן זיי ניט אָפּגעשראָקן. שטערונגען און אפילו פאַרפאָלגונגען האָבן זיי ניט אָפּגעהאַלטן. פון „ניט קענען" האָבן זיי ניט געוואָלט וויסן. זיי האָבן אָרגאַניזירט די צעשאָטענע און עקספּלואַטירטע פאַרבער. זייער אָרגאַ־ניזאַציאָנס־קאַמפּעין, זייער פּראָפּאַגאַנדע און זייער אָפטע סטרייקס האָבן גע־האַלטן געשפּאַנט די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון ניו־יאָרק. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן קעגן די שטערונגען און דעם פאַרבאָט פון דער קאָנסערוואַטי־ווער יוניאָן.

דאָס וויגעלע פון דער נייער יוניאָן איז געווען האַרלעם. דאָרטן איז זי גע־בוירן געוואָרן און דאָרטן האָט זי זיך דערצויגן. מיטן דערפאָלג פון אירע סטרייקס איז שנעל געוואָקסן די צאָל פון אירע מיטגלידער און איר אָנזען ביי די באַלע־באַטים. די יוניאָן האָט עס גוט אויסגענוצט. נאָך יעדן דערפאָלגרייכן סטרייק פלעגן אירע אַרבעטס־מעטאָדן אַלץ מער אויסגעבעסערט ווערן. זיי פלעגן זיך צופּאַסן צו די געשאַפענע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן. די אַנדערע געגנטן פון שטאָט זיינען אויך ניט פאַרגעסן געוואָרן. אָפּטיילונגען פון דער נייער יוניאָן זיינען אויסגעוואָקסן אין מאַנהעטן און אין ברוקלין. זיי האָבן זיך שפּעטער פאַר־אייניקט אין אַ פאַרבער־קאָונסל, וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער גאַנצער אַרבעט.

אונדזערע סטרייקס פלעגן אָבער געשטערט ווערן פון דעם קאָנסערוואַ־טיוון דיסטריקט־קאָונסיל. זיינע פאַרשלאָפענע און אָפּגעלאָזענע פירערס זיינען מיטאַמאָל וואַכעדיק געוואָרן. זיי האָבן דערקלערט אַן איינגעשפּאַרטן קאַמף, ניט

חלילה קעגן די באַלעבאַטים נאָר קעגן אונדזער יוניאָן. זיי האָבן זיך פאַרשוואוירן צו צעברעכן זי און פאַרניכטן. אַ שאַרפער ברודער־קאַמף איז אָנגעגאַנגען פאַר זיבן־אַכט־יאָר צייט אינעם פאַרבער־פאַך. זיי האָבן אָפט באַנוצט קעגן אונדז געדונגענע גענגסטערס. מיר האָבן זיי אָבער צוריקגעצאָלט מיט זייער אייגענע מטבעה. זיי האָבן אויך געוואָרנט די קאָנטראַקטאָרס קעגן די „גרינע" אויסלענדער. זייערע אַלע פאַרשווערונגען זיינען אָבער באַקעמפט און צעשטערט געוואָרן. די נייע יוניאָן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און איינפלוסרייכער אינעם פאַרבער־פאַך. דער דיסטריקט־קאָונסל האָט אונדז ניט געקענט באַצווינגען. די גענעראַל־עקזעקוטיוו פון דער „בראָדערהוד" האָט אונדז אויך ניט געקענט שעדיקן. זי האָט דאָך ניט געהאַט קיין דעה איבער אונדזער יוניאָן. זי האָט אונדז בלויז באָיקאָטירט אָבער זי האָט גאָרניט דערגרייכט דערמיט. מיר האָבן ניט געזוכט זייער הילף און האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר זייער צאָרן. מיר פלעגן אויך באַקעמפט ווערן פון דעם „פאָרווערטס". דער „פאָרווערטס" האָט בכלל אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט צו נייע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס; אַזוי האָט ער שפעטער אויך באַקעמפט די „אַי־דאַבליו", די „יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע", די „אַמאַלגאַמעיטעד" און אַנדערע.

די אַלע שטערונגען פלעגן באַשווערן אונדזער אַרבעט. זיי האָבן אָבער נאָכמער פאַרשטאַרקט אונדזער אַנטשלאָסנקייט. אונדזערע סטרייקס פלעגן מיר געווינען טראָץ די אַלע שטערונגען. מען האָט געמוזט אָנערקענען אונדזער מאַכט ווייל מיר האָבן זי פאַרמאָגט און באַנוצט. אָרנטלעכקייט און אַנטשלאָסנקייט האָבן ביי אונדז ניט געפעלט. אויסער דעם איז דאָך דער זיגער אַלעמאָל גערעכט. מיר האָבן עטלעכע מאָל באַנייט אונדזער קאַמפּעין פאַר אייניקייט מיט דער קאָנסערוואַטיווער יוניאָן. זיי האָבן אָבער יעדעס מאָל צוריקגעוויזן אונדזער אָנבאָט. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דעם פּראָגרעסיוון גייסט און די אַגרעסיווע מעטאָדן וואָס די פרעמדע וועלן אַריינטראָגן אין דער פאַראייניקטער יוניאָן. זיי האָבן זיך אויך געשראָקן אַז ביי אַ גרעסערער צאָל מיטגלידער וועט ניט זיין גענוג אַרבעט פאַר אַלעמען. אונדזער יידישע יוניאָן האָט אָבער ניי אויפגעהערט צו פאָדערן פולע אייניקייט פון ביידע יוניאָנס. עטלעכע יאָר זיינען אָנגעגאַנגען די שטערונגען און רייבונגען, די פאָדערונגען און פאַרהאַנדלונגען. די נייע יוניאָן איז אָן אויפהער געוואַקסן אין צאָל און אין קאָנטראָל, אין מאַכט און אין איינפלוס צווישן די אַרבעטער און די באַלעבאַטים. זי איז שוין געוואָרן אַן אַנטשיידענע קראַפט אין דעם פאַרבער־פאַך. אַ סך אַרבעטער איז דעריבער אויסגעקומען צו באַלאַנגען צו ביידע יוניאָנס, ווייל זיי האָבן דאָך צייטנווייז געדאַרפט אַרבעטן אויך אין די באַוואוינטע הייזער. זיי האָבן געמוזט צאָלן יוניאָן־שטייער צו ביידע יוניאָנס און פלעגן עס ניט וועלן ליידן. פּראָטעסטן און קריגערייען זיינען ציליב דעם פאָרגעקומען אין די קאָנסערוואַטיווע לאָקאַלן. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך פאַר זייערע פירערס און באַאַמטע. אַ טייל קאָנטראַקטאָרס זיינען אויך געווען געצוואונגען צו פאַרהאַנדלען מיט ביידע יוניאָנס און

אויך זיי האָבן עס ניט געוואָלט ליידן. די אַלע אומשטענדן האָבן ענדלעך גע־צוואונגען דעם אַלטן דיסטריקט־קאָונסל אין 1914, איינצוגיין אויף אַ פאַראיי־ניקונג פון ביידע יוניאָנס. די ניי־אַריינגעקומענע האָבן זיך דעמאָלט פאַרנומען צו ענדערן די טאַקטיק פון דעם פאַראייניקטן דיסטריקט־קאָונסל. זיי האָבן אויך זיך פאַרמאָסטן איבערצובויען דעם גאַנצן רעזשים אין די פאַרבער־לאָקאַלן. דעם קאַמף האָבן זיי שוין איצטער אָנגעפירט פון אינעווייניק. דאָס איז אויך גע־ווען אַ שווערער קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ צאָל יאָרן. זיי האָבן אויך דעם דאָזיקן קאַמף ענדלעך געוואונען. זיי האָבן אָבער אַליין אויך געמוזט אָפּט נאָכ־געבן. דער נייער יוניאָן איז באַשערט געווען אַריינצושרייבן אַ שיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער ניו־יאָרקער פאַרבערס־יוניאָן.

## צווישן עלעקטרישע דראָטן

אין 1906 האָבן די ניו־יאָרקער אײַזנבאַנען גענומען איינפירן עלעקטרישע קראַפט ביים אַריינקומען אין שטאָט. אַזוי איז געווען דער באַשלוס פון דעם שטאָט־קאָונסל. די פאַרמעגלעכע איינוואוינערס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז דאָס קלאַפּן און טומל פון די באַנען שטערן זייער רו. די אייגנטימער פון די הייזער האָבן געטענהט, אַז דער רויך און די סאַזשע פון די קוילן שעדיקן זייערע הייזער. דער שטאָט־קאָונסל האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז 25 מייל פאַר ניו־יאָרק מוזן די באַנען אַריבערגיין אויף עלעקטרישע קראַפט. צוליב דעם דאָזיקן באַשלוס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט אויף די באַן־ליניעס. מען האָט גע־בויט אייזערנע בריקן, טויערן און שטאַנגען אונטערצושפּאַרן די עלעקטרישע דראָטן. גאַנצע מאָדערנע איינריכטונגען זיינען איינגעשטעלט געוואָרן צו זאמלען און פאַרטיילן די עלעקטריע. ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק געוואָרן האָט מען עס גענומען פאַרבן. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָבן איך דעמאָלט געפונען מיינע גליקן.

די אַרבעט איז געווען ניט צו שווער און מען האָט אויך ניט געדאַרפט איילן און יאָגן זיך. זי איז אָבער געווען זייער אַ געפערלעכע. די דראָטן זיינען שוין געווען „לעבעדיקע”. אַ געוואַלדיקער עלעקטרישער שטראָם האָט געפלאָסן דורך זיי. מען האָט זיך דעריבער געדאַרפט שטאַרק אויסהיטן פון זייער מערדערלעכן אָנגריף. די באַנען האָבן נאָך דערווייל אַלץ גענוצט די שטיינקוילן. זיי זיינען כסדר געלאָפן הין־און־צוריק מיט גרויס אימפּעט. זייער רויך און דאַמף פלעגן פאַרבלענדן די אויגן פון די פאַרבערס. די גרעסטע געפאַר איז אָבער געווען ביי דעם אַרויפקלעטערן און אַראָפּשטייגן פון די בריקן און טויערן. מען האָט גע־מוזט קריכן צווישן די „לעבעדיקע” דראָטן און דערביי מיטטראָגן דאָס טעפּל פאַרב, די פּענזלעך און די געצייג. די באַלאָדונג האָט געמאַכט דאָס קלעטערן זייער אומבאַקוועם און געפערלעך. די קלענסטע אומפאָרזיכטיקייט האָט געמיינט מאָמענטאַלער טויט. אַזעלכע פאַלן פלעגן טאַקע פאָרקומען זייער אָפט. אַרבע־טער פלעגן פאַרברענט ווערן ווען זיי פלעגן צופעליק אָנרירן אַ „לעבעדיקן”

דראָט. מיר פלעגן עס באַלד דערפילן. דער ריח פון פאַרברענט פלייש פלעגט אָנפילן די לופט און מיר האָבן שוין דעמאָלט געוואוסט אַז איינער פון אונדזערע אַרבעטער איז געפאַלן אַ קרבן. מיר האָבן אפילו געטראָגן גומענע הענטשיקעס אָבער גאַנץ אָפט האָבן זיי געקראָגן אַ קליין לעכל. די אומגליקס־פאַלן פלעגן מערסטנטייל געשען אַרום סוף וואָך. די כוחות זיינען שוין דעמאָלט געווען אויסגעשעפט; די געדאַנקען זיינען שוין געווען ניט ביי דער אַרבעט און די נערוון זיינען שוין געווען צו שטאַרק אָנגעצויגן.

ביים פאַרבן האָט מען געדאַרפט זיך אָנהענגען אויף די טויערן און שטאַנגען. דאָס טעפּל פאַרב פלעגט מען נאָכדעם אָנטשעפן אָן די אייזנס. אין אַזאַ פּאָזיציע האָט מען עס געדאַרפט שמירן, קראַצן, רייניקן די אייזנס און פאַרבן זיי. יעדע באַן, וואָס פלעגט אַדורכלויפן פלעגט אויפטרייסלען די בריקן און די טויערן. דאָס פלעגט צעשרעקן און צעטומלען די פאַרבערס. מיר האָבן זיך דעריבער געוואונטשן, וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דער געפערלעכער אַרבעט. מיר האָבן געוואָלט איבערכיטרעווען דעם עלעקטרישן מלאך־המוות און אַרויסראַטעווען אונדזערע ביינער. מיר פלעגן אָבער קריגן צוויי דאָלאַר אַ טאָג. אין יענע צייטן איז עס געווען אַ גוטער לוין פאַר די „גרינע". — זיינען מיר פון אַזאַ שכירות געווען צופרידן.

אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון בלויז יידישע אַרבעטער. מיר האָבן אָבער אויסגעפונען, אַז דער זעלבער קאָנטראַקטאָר באַשעפטיקט נאָך אַ גרופּע קריסטלעכע פאַרבערס און אַז יענע קריגן העכערע שכירות פאַר דער זעלבער אַרבעט. מיר האָבן דעריבער געפאָדערט די זעלבע שכירות אויך פאַר אונדז. דער קאָנטראַקטאָר האָט עס צוריקגעוויזן. אונדזער אויפזעער איז געווען אַ יידישער אַנאַרכיסט מיטן נאָמען ריוולין. האָט ער אונדז צוגערעדט צו סטרייקן און האָט זייער בראַוו אָנגעפירט די פאַרהאַנדלונגען.

עס איז געווען אַ לייכטער סטרייק. מיר זיינען געזעסן אין דער היים און געוואַרט אויף די גוטע נייעס. עטלעכע פון אונדז האָבן זיך באַצייטנס אַליין געהאָלפן. זיי האָבן פאַר זיך אויסגעפינען בעסערע גליקן. ריוולין איז געווען אונדזער פירער און פאַרטיידיקער. די גוטע בשורה איז ענדלעך געקומען און מיר זיינען זיכערייך צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטן בלויז איין וואָך צייט. אונדזער געווינס איז אָבער געווען אַ פּוסטער. עס איז געווען בלויז אָפּצונאַרן אונדז און אָנצולערנען. דער קאָנטראַקטאָר האָט געוואָלט באַהאַלטן דעם סטרייק פון דער באַן־קאָמפּאַניע. ער האָט דעריבער כלומרשט נאָכגעגעבן אונדזערע פאָדערונגען. אין אַ וואָך אַרום האָט ער אונדז אַלעמען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. נאָכאַמאָל סטרייקן האָבן מיר שוין ניט געקענט. מיר זיינען אויך ניט געווען שטאַרק פאַרליבט אין די געפערלעכע דראָטן. מיר האָבן עס שוין געמוזט אָננעמען פאַר גוט. יעדערער פון אונדז האָט זיך גענומען זוכן זיין גליק אַנדערשוואו.

# שמירן און קלעפּן

נאָך פיל שוועריקייטן האָב איך געקראָגן אַרבעט ביי אַ וואַנט־קלעפּער. אין עלטער פון 33 יאָר האָב איך זיך ערשט געדאַרפט לערנען אַ נייעם פאַך. דער נייער באַלעבאָס האָט מיך אָבער גאָרניט געלערנט. ער האָט אפילו ניט דערלאָזן, אַז איך זאָל זיך אַליין לערנען. ער האָט מורא געהאַט, אַז ווען איך וועל שוין קענען אויסקלעפּן דאָס פּאַפּיר אויף דער וואַנט וועל איך אים פאַרלאָזן. איך וואָלט עס געוויס געטאָן אַזוי. ער האָט מיך דעריבער געהאַלטן בלויז ביים שמירן און שלעפּן. ער האָט געאַרבעט זייער שנעל און איך האָב אים געדאַרפט דערלאַנגען די אָנגעשמירטע פּאַפּיר צום האַנט. איך בין דעריבער געווען שטענדיק פאַרנומען מיטן שמירן און צוטראָגן. איך האָב שוין ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אפילו צוצוקוקן זיך ווי אַזוי ער קלעפּט דאָס פּאַפּיר אויפן וואַנט.

דאָס פאָרן הין־און־צוריק פון דער אַרבעט איז געווען נאָך ערגער. ״ער קלעפּער פלעגט מיטפירן בלויז אַ קליינעם רענצל מיט זיין געצייג. איך פלעג אָבער דאַרפן מיטברענגען אַ סך זאַכן; אַ צוזאַמען געלייגטן טיש, די גרעסערע געצייג און צעבער מיט קלעפּשטאָף — קיין טרוקענע קלעפּשטאָף איז נאָך דעמאָלט ניט געווען. די קאַרס פלעגן זיין ענג געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן און עס פלעגט זיין זייער שווער אַריינצוקוועטשן זיך. דער קאָנדוקטאָר פלעגט ניט וועלן אַרויפלאָזן מיט די אַלע זאַכן און איז טאַקע געווען גאַנץ גערעכט. איך פלעג זיך דעריבער יעדן טאָג מוזן קריגן מיט די קאָנדוקטאָרן. איך פלעג דאַרפן איבערפּראָוון עטלעכע קאַרס צו קענען אַריינשלעפּן מיינע זאַכן איינעווייניק. פאַר דעם אַלעס האָב איך געקראָגן בלויז זעקס דאָלאַר פאַר אַ גאַנצע וואָך אַרבעט.

אַרום זיבן חדשים האָב איך זיך אַזוי געפּלאָגט. איך האָב אָבער געזען, אַז ביי דעם דאָזיקן קלעפּער וועל איך זיך גאָרניט אויסלערנען. איך האָב דעריבער געפאָדערט גרעסערע שכירות און ווען ער האָט עס ניט געוואָלט צאָלן, האָב איך אים פאַרלאָזן. עס האָט זיך מיר דעמאָלט געמאַכט אַ געלעגנהייט אַליין אָנצונעמען אַ נייע טענעמענט־הויז צום אויסקלעפּן. די אַרבעט איז געווען ביליק אָבער איינפאַך. קיין גרויסע קענטעניש האָט זיך דערביי ניט געפאָדערט. איך האָב אָבער די אַרבעט שטאַרק צעקריפּלט. עס איז מיר דעריבער שווער אָנגעקומען צו קריגן באַצאָלט.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָב איך געקראָגן צופעליקע אַרבעט דורך רעקלאַמעס אין די צייטונגען. דאָס איז אָבער געווען פון קליינע קאָנטראַקטאָרס מיט גרויסע צרות. עס איז מיר געווען שווער אַרויסצוקריגן פון זיי מיינע שכירות. די קליינע ווערימלעך האָבן נעבעך ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן. זייערע אונטערנעמערס פלעגן בויען זייערע הייזער מיט דער אויסגעבאָרגטער אַרבעט פון זייערע קאָנטראַקטאָרס. די געלדער וואָס זיי פלעגן קריגן אין די בענק זיינען געווען צו ווייניק. זייערע מאַטעריאַלן פלעגן זיי אויך קריגן אויף באָרג פון די ווערהייזער און קראָמען. זייערע פאַך־קאָנטראַקטאָרס פלעגן זיי באַצאָלן ווען זיי פלעגן שוין זייערע הייזער פאַרקויפן. די קאָנטראַקטאָרס אַליין פלעגן דער־

ווייל אָנפירן זייער אַרבעט מיט די צוריקגעהאַלטענע שכירות פון זייערע אַרבע־טער. ווען עס פלעגט קומען צו באַצאָלן פאַר דער וואָך אַרבעט איז געווען שלעכט. זיי פלעגן טאַקע ניט האָבן מיט וואָס צו צאָלן.

ענדלעך האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ניו־יאָרק. עס האָבן מיר שוין דערעסן די שטיינערנע מענטשן און זייער שטאָט פון שטאָל און אייזן. זייער קאַלטע באַציאונג האָב איך שוין ניט געקענט מער פאַרליידן. אין דער גרויסער שטאָט איז דער מענטש קליין און אומבאַדייטנד. אין דעם גרויסן טומל, יאָגע־ניש און געראַנגל איז ער גאַנץ איבעריק. אין די קלענערע שטעט, האָב איך גע־האָפט, אַז מען רעכנט זיך מיט אים מערער. די אַרבעט אין דער באַוועגונג איז דאָרטן אויך מער פרוכטבאַר. די פּראָווינץ איז נאָך געווען רוי און ווייניק באַ־אַרבעט. אין יענע צייטן פלעגט די אַרבעט אפילו פון איין איינצלנעם טוער זיין זייער ווירקזאַם. ער האָט געהאַט די פולע מעגלעכקייט צו גרינדן, צו אַגיטירן און צו אָרגאַניזירן. ער האָט געקענט געבן זיין אייגענע ריכטונג דער אָרטיקער באַוועגונג.

אין וואָטערבערי האָבן זיך דעמאָלט געפונען עטלעכע פון מיינע אַלטע ווי־טעבסקער חברים. זיי האָבן שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל קומען מיטהעלפן זיי איינצושטעלן אַ באַוועגונג. אַהינצו בין איך טאַקע באַלד געפאָרן.

# אין וואָטערבערי

וואָטערבערי איז אַ קליין שטעטל אין קאָנעקטיקוט מיט אַ גרויסער איב־דוסטריע. איר זייגער־פאַבריק האָט באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל יידישע אַר־בעטער. זי האָט אויסגעאַרבעט הויפּטזאַכלעך ביליקע זייגערלעך, וואָס האָבן גע־האַט אַ מאַסן־געברויך. די פאַבריק האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין דערפאַרענע אַרבעטער. זי פלעגט זיי דערריבער אויסדינגען פון אַנדערע פאַבריקן. צוליב דעם האָט זי, נאָך אַ סטרייק, איינגעפירט אַ האַלב־ליבעראַלן רעזשים: די באַציאונגען צו די אַרבעטער זיינען געוואָרן מער פריינטלעכער און די שכירות זיינען אויך געהעכערט געוואָרן. דערמיט האָט זיך די פאַבריק געשאַפן אַ גוטן נאָמען און אַ צוציאונגס קראַפט.

אין וואָטערבערי בין איך געקומען אין 1907, באַלד נאָך דעם פאַרלוירע־נעם סטרייק אין דער זייגער־פאַבריק. אַ פאַרביטערטער קאַמף איז אָנגעפירט געוואָרן פון ביידע זייטן. די קאָמפּאַני האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרהאַנדלען מיט די סטרייקערס. אין דער צייט פון סטרייק איז אַ פּאָליציימאַן דערהרגעט געוואָרן און מען האָט קיינמאָל ניט געפונען דעם שולדיקן. דערמיט איז אָבער דערהר־געט געוואָרן דער גאַנצער סטרייק. דער מאָרד האָט אויפגעהעצט די באַפעל־קערונג קעגן די סטרייקערס. די צייטונגען האָבן עס נאָכמער פאַנאַנדער גע־

בלאָזן. דאָס האָט דעם סטרייק שרעקלעך אָפּגעשוואַכט. מען האָט אים געמוזט אויפגעבן. נאָכן סטרייק האָט אָבער די קאָמפּאַני אָנגענומען אַ מער ליבעראַלע שטעלונג צו אירע אַרבעטער. די שכירות זיינען געהעכערט געוואָרן און די באַציאונגען זיינען אויך געוואָרן פיל בעסער. דער „פּאַרלוירענער" סטרייק איז טיילווייז געוואונען געוואָרן.

אין די אַנדערע פאַבריקן פון דער שווערער אינדוסטריע האָבן דעמאָלט אויך געאַרבעט אַ סך יידישע אַרבעטער. די טשעיס־ראַלינג־מילס האָט באַשעפטיקט עטלעכע טויזנט אַרבעטער. אַנדערע קלענערע פאַבריקן האָבן אויך באַשעפטיקט אַ היפּשע צאָל אַרבעטער און אויך יידישע אַרבעטער. די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די פאַבריקן זיינען אָבער געווען גאַנץ שלעכטע: די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און די שכירות זיינען געווען קליינע; קיין סאַניטאַרע באַדינגונגען זיינען אויך ניט געווען.

די באַפעלקערונג פון שטעטל איז נאָך געווען זייער קליין. זי איז אָבער כסדר געוואַקסן אַזוי ווי אָנגעצויגן די וואַקסנדיקע אינדוסטריע. די ניי־צוגעקומענע האָבן געדאַרפט וואוינונגען און האָבן געשאַפן אַ גרויסע גערעטעניש אין דער בוי־אינדוסטריע. אין ריעל־עסטעיט איז געווען גאַנץ לעבעדיק: מען האָט געבויט, געקויפט און פאַרקויפט און מען האָט דערביי פאַרדינט גרויסע געלדער. די בוי־אינדוסטריע איז געווען מערסטנטייל אין די הענט פון יידישע אונטערנעמערס און קאָנטראַקטאָרס. דערביי איז אויך געווען אַ סך אַרבעט פאַר פאַרבערס און פּאַפּיר־קלעפּערס.

## דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן

די יידישע גאַס אין וואָטערבערי איז דעמאָלט געווען אין די הענט פון די אָרטאָדאָקסן און געשעפטסלייט. די פרומע יידן האָבן דאָרטן געהאַט זייערע אָרגאַניזאַציעס, שולן, חדרים, אַ שלאַכט־הויז און אַ מקווה. זיי האָבן אויך געהאַט עטלעכע צדקה־אינסטיטוציעס און אַן אייגענעם בית־עלמין. פּאָליטישע מעקלערס האָבן זיי געהאַט געענוג. קיין פאַרטרעטערשאַפט אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג האָבן זיי אָבער ניט געהאַט און האָבן עס אויך ניט געזוכט צו האָבן. פון וועלטלעכע יידישקייט האָט וואָטערבערי דעמאָלט ווייניק וואָס געוואוסט. קולטורעל איז וואָטערבערי געווען אַזוי ווי אַ וויסטעניש. מען האָט דאָרטן ניט געקענט קריגן אַ יידיש בוך אָדער צייטונג. גאָר ווייניק פלעגן קריגן זייער צייטונג דורך פּאָסט. די אָרטיקע יידן האָבן געלעבט מיט זייערע היימען, מיט זייערע הייזער, קראָמען און געשעפטן. זיי זיינען אויך געווען פאַרטראָטן אין אינשורענס. אַ פּראָגרעסיווער ייד איז געווען אַ זעלטענער אויסנאַם.

קיין אָרגאַניזירטע יוניאָן־באַוועגונג איז אין שטאָט ניט געווען. פון קיין יידישע יוניאָנס איז קיין זכר ניט געווען. בלויז אין דער בוי־אינדוסטריע זיינען געווען עטלעכע קליינע און שוואַכע יוניאָנס. זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף די אַרבעטס־באַדינגונגען. די פּאָר פּראָגרעסיווע יידן האָבן ניט

געהאַט קיין פּאַסנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג. יעדערער פון זיי האָט זיך געשטיקט מיט זיין אייגענעם גייסטיקן עלנט. עס האָט דאָרטן עקזיסטירט בלויז אַן אַלטער ברענטש 26 פון אַרבעטער־רינג, וואָס איז געווען אַלט אויך אין זיין אידייאישן אינהאַלט. מיט קיין אַרבעטער־פראַגן האָט ער זיך ניט אינטע־רעסירט. ער האָט בלויז געזאָרגט וועגן קראַנקן־און־טויטן בענעפיטס פאַר זיינע מיטגלידער. ער איז אויך געווען פריייגיביק אין צדקה און האָט ניט געקאַרגט קיין כבוד פאַר זיינע באַאַמטע און פאַרטרעטערס. צו דעם אַלעם האָט ער אויך שטאַרק געהאַלטן פון אויסערלעכע צערעמאָניעס. אַ יונגער ברענטש פון „בונד" האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געגרינדעט. ער האָט זיך באַלד פאַרמאָסטן צו באַאַר־בעטן דעם אָרטיקן, רויען באָדן. ער האָט זיך פאַרנומען אַדורכצואַקערן דאָס פעלד פאַר די פּרוכטבאַרע קערנער פון דער נייער צייט און איר באַוועגונג.

אין וואָטערבערי איז אויך געווען אַ קריסטלעכער ברענטש פון דער סאָצי־אַליסטישער פּאַרטיי. די גוט־באַקאַנטע „מוטער" בלור מיט נאָך פינף־זעקס פאַרעוועע גענאָסן זיינען עס געווען דער גאַנצער ברענטש. געהערט האָט מען פון אים בלויז אין צייט פון וואַלן. זיין לייכטזיניקע באַציאונג צו פראַגן פון אַרבע־טער־קאַמף און זיין אָפּאָרטוניסטישע אויפפירונג פלעגן קאָמפּראָמיטירן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. עס איז ווערט צו פאַרצייכענען עטלעכע כאַראַקטע־ריסטישעביישפּילן פון די שפּעטערע צייטן:

אונדזער פּראָפּאַגאַנדע האָט מיט דער צייט געקראָגן אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די אַרבעטער פון אייניקע פאַבריקן. די חברים האָבן דאָרטן געפירט אַ שטענדיקע אַגיטאַציע מינדלעך און שריפטלעך. שפּעטער האָבן מיר שוין אויך געהאַט אַן אייגענע אָרטיקע צייטשריפט אין ענגליש. דאָרטן פלעגן מיר אויפ־דעקן די שלעכטע באַהאַנדלונג אין די פאַבריקן. ווען עס איז געקומען די צייט פון וואַלן האָבן מיר שטאַרק אונטערגעשטראָכן אונדזערע טענות. מיר האָבן אויך געשריבן וועגן די פאַרפאַלגונגען אויף סאָציאַליסטיש־געשטימטע אַרבע־טער. די באַאַמטע פון דעם סאָציאַליסטישן ברענטש האָבן אָבער פאַרטיידיקט די פאַבריקאַנטן. זייער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר האָט עפנטלעך אָפּגעלייקנט אונד־זערע טענות. „די קאָמפּאַניעס — האָט ער געשריבן — פאַרפאָלגן גאָרניט די סאָציאַליסטיש־געשטימטע. אָט בין איך דאָך אַ באַוואוסטער סאָציאַליסט און דאָך בין איך אַ פאַרטרויטער אויפזעער אין דער זייגער־פאַבריק". זיין דער־קלערונג האָט ער געדרוקט אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען אין דער צייט פון דעם וואַל־קאַמפּעין.

און אָט איז נאָך אַ ביישפּיל: דער קאַסירער פון דעם זעלבן סאָציאַליסטישן ברענטש איז געווען אַן עלטערער יענקי און אַן איידלמאַן. אַליין אַ סאָציאַליסט, האָט ער אָבער אינדאָסירט דעם רעפּובליקאַנישן קאַנדידאַט אין דעם וואַל־קאַמ־פּעין. ער האָט עס באַרעכטיקט דערמיט, וואָס דער קאַנדידאַט איז דער חתן פון זיין טאָכטער. ער האָט אין דעם קיין שום בייז ניט געזען. אָט דאָס זיינען עס דעמאָלט געווען די פירערס פון דער וואָטערבערער ס"פּ. דאָס איז געווען אין

דער צייט ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך שוין שטאַרק פאַנאַנדער־
געוואָקסן אויף דער יידישער גאַס און די יידישע חברים האָבן שוין געהאַט אַ
גרויסן איינפלוס אין די אָרטיקע פאַבריקן.

דער יידישער ברענטש 36 פון דער ס״פ איז אין אָנהייב געגאַנגען אין די
פוס־טריט פון אַמעריקאַנער ברענטש. חבר רייס איז געווען זייער רעדנער
און פירער, און חבר דאַנסקאָי איז געווען זייער פאַרטרעטער אין דער קלוב־פע־
דעראַציע. מיט דער צייט האָט ער אָבער גענומען ענדערן זיין טאַקטיק. די קאָ־
כיקע אַטמאָספערע אין דער יידישער געגנט האָט אים כסדר געוועקט און גע־
שטויסן פאָראויס. ער האָט דעריבער אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיט די
פראַגן פון דעם אָרטיקן לעבן און פון דעם אַרבעטער־קאַמף. ער האָט אָבער
נאָך ניט געפונען די פאַסיקע טוערס דערפאַר.

אַ גרופּע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט זיך אויך נאָר וואָס געהאַט גע־
גרינדעט. זי איז נאָך געווען זייער קליין און צעשוואומען. מען קען זאָגן, אַז דאָס
איז געווען בלויז אַ נאָמען. דער אינהאַלט האָט נאָך ערשט געדאַרפט געשאַפן
ווערן. קיין באַוועגונגס־אַרבעט האָבן זיי נאָך ניט געטאָן און האָבן אויך ניט גע־
וואוסט וואָס צו טאָן און ווי אַזוי מען טוט עס. אין שטאָט איז אויך געווען, נאָר
וואָס געגרינדעט, אַ ברענטש פון דעם „אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג". זיין ריכ־
טונג איז געווען אַ נאַציאָנאַלע. ער איז געווען פיינטלעך צו דער סאָציאַ־
ליסטישער באַוועגונג און צו דעם אַרבעטער־רינג. אין אונדזערע באַמיאונגען
און אונטערנעמונגען, האָט ער קיין אָנטייל ניט גענומען. אַנדערע פּראָגרעסיווע
אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אויך שפּעטער געגרינדעט. עס איז אָבער אומעטום
געווען אַ גרויסער מאַנגל אין דערפאַרענע טוערס.

## צוגרייטונגס־אַרבעט

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָבן זיך אין וואָטערבערי געפונען עטלעכע
פון מיינע וויטעבסקער חברים בונדיסטן. אינגיכן זיינען אויך צוגעקומען פריינט
פון אַנדערע ריכטונגען. מיר האָבן זיך באַלד פאַרנומען צו געווינען אַן אָנהענ־
גערשאַפט צווישן די יידישע אַרבעטער. צוליב דעם אייגנטלעך האָבן זיי דאָך
מיך געבעטן צו קומען קיין וואָטערבערי. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אייניקע באַראַ־
טונגען וועגן אונדזערע אויסזיכטן און מעגלעכקייטן. צוזאַמען מיט די חברים
ב. שטיין, מ. שטערן, בערנשטיין, חאַסמאַן און אַלטשולער האָבן מיר דעבאַטירט
אין געפלאַנט אונדזער אונטערנעמונג, און געמאָסטן די מיטלען און מעטאָדן ווי
אַזוי צו פאַרווירקלעכן אונדזער ציל.

מיר האָבן איינגעזען, אַז דאָס וויכטיקסטע איז צו פאַראינטערעסירן די
פּראָגרעסיווע יידישע אַרבעטער מיט אונדזערע צילן. מיר דאַרפן אויפזוכן די
יעניקע אַרבעטער, וואָס סימפּאַטיזירן מיט אונדזערע אידייען און שאַפן פון זיי
אַ פעסטן באַזן פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט. צו דעם צוועק דאַרפן מיר
שאַפן פאַר זיי אַ גייסטיקע היים, וואָס זאָל זיין אַ קולטורעלער און אַן אָרגאַניזאַ־

ציאָנעלעו' צענטער אונטער אונדזער אויפזיכט. דאָרטן זאָלן מיר איינשטעלן אַ ביבליאָטעק פון יידישע און רוסישע ביכער און אַ לייענזאַל פאַר צייטונגען און זשורנאַלן. מיר זאָלן דאָרטן אויך אויסשטאַטן קלוב־צימערן וואו מען זאָל קענען פאַרברענגען די פרייע צייט אין אַ געגאָסענשאַפטלעכער אַטמאָספערע. אַרבעטער וועלן דאָ דעבאַטירן זייערע טאָג־פראַגן און באַפריינדן זיך מיט זייער גלייכן. דאָרטן וועלן מיר זיי אויך פאַראינטערעסירן מיט דער אַרבעט פון אונדזערע איג־סטיטוציעס. אַזוי אַרום וועלן מיר קענען קריגן אָנהענגערס און טוערס פאַר אַ פאַרצווייגטער טעטיקייט. וועגן געלט־מיטלען האָבן מיר זיך דערווייל ניט גע־זאָרגט. מיר האָבן געוואוסט, אַז ווען אונדזער אַרבעט וועט זיך פאַנאַנדערוואַקסן וועלן שוין דעמאָלט אויך קומען די געלט־מיטלען. מיר דאַרפן דעריבער אָנפירן אונדזער אַרבעט אויף אַזאַ אופן, אַז מיר זאָלן קענען געווינען דעם ניטיקן צוטרוי.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ פּאַסנדיקן לאָקאַל פאַר אונדזער אונטערנעמונג. דאָ האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אומגעריכטער שוועריקייט: עס האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט די פראַגע אין וועמענס נאָמען זאָלן די קלוב־צימערן גע־דונגען ווערן? — ווער וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו דעם לענדלאָרד פאַר די דירה־געלט? דעם „בונד" וועט דאָך קיינער ניט אָננעמען אַלס פינאַנציעל פאַר־אַנטוואָרטלעך. ער פאַרמאָגט דאָך גאָר קיין געלט ניט; עס וואָלט געווען גוט ווען דער ברענטש 26 פון דעם אַרבעטער־רינג זאָל עס אָפּדינגען אויף זיין נאָ־מען, אים וואָלט מען גערן פאַרדינגען. דער ברענטש האָט אונדז אָבער מוחל געווען דעם כבוד. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט פאַרבינדן מיט אַזעלכע „פּוסטע פאַנטאַזיעס" און „יינגלשע חלומות", ווי זיי האָבן עס גערופן. זיי האָבן זיך אויך ניט געוואָלט קאָמפּראָמעטירן מיט דער „גרינער חברה". יענע האָבן טאַקע ניט וואָס צו פאַרלירן. פאַר אונדז איז עס אָבער אַ ריזיקע — האָבן זיי זיך גע־טראַכט. מיר האָבן דאָך הייזער, געשעפטן, אַ נאָמען אין שטאָט און קרעדיט אין די בענק.

די גאַנצע זאַך האָט ביי זיי אויסגעזען ווילד און לעכערלעך. קיינער דאַרף ניט אַזאַ קלוב און קיינעם פעלט עס ניט — האָבן זיי געזאָגט. מיר אַליין זיינען דאָך שוין אין שטאָט אַ סך יאָרן און עס האָט אונדז קיינמאָל ניט אויסגעפעלט קיין קולטורעלער צענטער. איצט קומען די דאָזיקע גרינהאָרנס און ווילן אונדז באַגליקן מיט זייערע קלובן און ביבליאָטעקן. מענטשן וואָס ווייסן אפילו ניט ווי אַ גאַס רופט זיך, ווילן עס איבערדרייען דאָס גאַנצע שטאָטישע לעבן. פאַראַנט־וואָרטלעכע מענטשן טאָרן זיך ניט פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן.

אָט דאָס זיינען געווען די אַרגומענטן — זייער קלוגע טענות, אָבער גאַנץ רעאַקציאָנערע עיצות! קיין אַנדערע פינאַנציעל־פאַראַנטוואָרטלעכע אָרגאַניזאַ־ציעס זיינען אָבער ביי אונדז ניט געווען. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך געפינען אונטער אונדזער קאָנטראָל. דאָס זאָל זיין אַן אייגענער ברענטש פון אַרבעטער־רינג. אין זיין נאָמען וועלן מיר שוין קענען אָפּדינגען אַ פּלאַץ פאַר אונדזער געפּלאַנטן קלוב און ביבליאָטעק.

מיר האָבן זיך גענומען שאַפן די בויטיקע צאָל מיטגלידער פאַר דעם צו־קונפטיקן ברענטש. אינגיכן האָבן מיר שוין געהאַט אַ גענוגנדיקע צאָל און אַ דערלויבעניש פון דעם אַלטן ברענטש. אין פאַרלויף פון בלויז עטלעכע חדשים איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אונדזער נייער ברענטש 137 פון אַרבעטער־רינג. די חברים שטערן, פּאַליי, די ברידער זאַלצמאַן און ביידע גורעוויטשעס האָבן פיל אַרויסגעהאָלפן. מיר האָבן באַלד אויך געקראָגן אונדזער טשאַרטער פון דעם נאַציאָנאַלן אָפיס.

אַ קאָמיטע איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן צו זוכן אַ פּאַסנדיקן פּלאַץ. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַ מאָדנער דערשיינונג: יעדן פּאַסנדיקן פּלאַץ, וואָס מיר האָבן אָנגעקוקט, האָט מען אונדז געוואָלט פאַרדינגען זייער גערן. מיר פלעגן וועגן דעם באַריכטן ביי דער פאַרזאַמלונג פון ברענטש. יעזן מיר פלעגן אָבער נאָך דעם קומען מיט אונדזער אויפגאַבע, פלעגט דער אייגנ־טימער חרטה האָבן. קיין מאָטיוו פלעגט ער אונדז ניט אָנגעבן. אַזוי האָט פּאַסירט עטלעכע מאָל. עס איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז עמיצער פון אינעווייניק שטערט אונדז אין דער אַרבעט. דער ברענטש האָט דעריבער באַשלאָסן צו זוכן אַ דירה אין געהיים פאַר די ברענטש־מיטגלידער זעלבסט. צוזאַמען מיט חבר פּאַליי, האָבן מיר געקראָגן די פולמאַכט אָפּצודינגען דעם בויטיקן פּלאַץ. צום ברענטש האָבן מיר געדאַרפט באַריכטן ערשט נאָכדעם ווי מיר וועלן קריגן אַ קבלה אויף אונדזער אויפגאַבע. אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן מיר שוין געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט אַ הויז־אייגנטימער. מיר זיינען נאָך דעמאָלט געווען זייער באַקבצנט. דעם אויפגאַבע האָב איך געדאַרפט אויס־לייען פון מיין אייגענעם דלות. דעמאָלט האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן די ווירק־לעכע אַרבעט. מיר האָבן זיך טאַקע גענומען דערצו מיט אונדזער גאַנצן ערנסט.

## די פעדעראַציע

די טאָג־טעגלעכע צוגרייטונגס־אַרבעט פאַר אונדזער קלוב און לייענזאַל האָט געפּאָדערט אַ סך אָנשטרענגונג און געלט־מיטלען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ צו שווערע אויפגאַבע פאַר איין גרופּע. אַזאַ אונטערנעמונג קען פאַרווירקלעכט ווערן בלויז ביי דער אַקטיווער באַטייליקונג פון אַלע סאָציאַליסטי־שע און ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון שטאָט. אַזאַ אונטערנעמונג מוז זיך שטיצן אויף אַ ברייטן און פעסטן באַדן. עס מוז זיין אַ געמיינשאַפטלעכע אַרבעט. אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט שטאַרק אַפּעלירט צו יעדן איינעם.

צו דעם צוועק האָבן מיר פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון די פאָלגנדע אָרגאַני־זאַציעס: דער ברענטש פון „בונד”, דער יידישער ברענטש פון דער ס"פּ, די ברענטשעס 26 און 137 פון דעם אַרבעטער־רינג און די גרופּע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די קאָנפערענץ האָט עס געדאַרפט פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון אונדזער אונטערנעמונג. מיר האָבן דעריבער פאַרוואַנדלט די קאָנפערענץ אין

אַ שטענדיקער פעדעראַציע, וואָס האָט אויף זיך גענומען די אַרבעט פון בויען און אויסצוהאַלטן דעם קלוב און ביבליאָטעק.

די ערשטע אַרבעט פון דער פעדעראַציע איז געווען אויסצואַרבעטן איר אייגענע סטאַטוטן. עס איז ווערט צו פאַרצייכענען עטלעכע וויכטיקע פּונקטן פון די דאָזיקע סטאַטוטן: „דער סאָציאַליסטישער קלוב ווערט געגרינדעט צו אויפבויען דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן פון דער אָרטיקער אַרבעטער באַפעלקערונג, זיין גייסטיקע און קולטורעלע אַנטוויקלונג און באַזונדערס, צו באַפעסטיקן די אָרטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פאַר וועמען דער קלוב זאָל דינען אַלס אָרגאַניזאַציאָנעלער און קולטורעלער צענטער";

„די אַרבעט פון דער לייבררעי קאָמיטע זאָל זיין: צו קאָלעקטן און בינדן די ביכער, צו אויסשרייבן צייטונגען און זשורנאַלן, איינאָרדנען די קאַטאַלאָגן, זאָרגן וועגן דער גאַנצקייט און ריינקייט פון די ביכער, זשורנאַלן, צייטונגען און בילדער, פירן די לייבררעי קאָרעספּאָנדענץ, אויפפּאַסן אויף די אַדווערטאַיז־מענטס פון דער באַוועגונג, סטעמפּן אַלע ביכער, בראָשורן, צייטונגען, זשור־נאַלן און בילדער, קויפן און פאַרקויפן ליטעראַטור";

„די אַלגעמיינע פאַרוואַלטונג פון דעם קלוב און לייבררעי געהערט צו דער פעדעראַציע. פאַר דער דירעקטער פאַרוואַלטונג ערווילט די פעדעראַציע, ביי אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג און אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע פאַרטראַטענע אָרגאַניזאַציעס, צוויי קאָמיטעס און דריי באַאַמטע אויף דריי מאָנאַטן. פאַר דעם אַלגעמיינעם קאָנטראָל איבער דער פעדעראַציע זעלבסט, ווערט פאַררופן אַלע דריי מאָנאַטן איין אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער פון דיזע פאַר־טראַטענע אָרגאַניזאַציעס אויסצוהערן דעם פערטל־יאָריקן באַריכט";

„אין פאַל אַז די פעדעראַציע ווערט אויפגעלייזט ווערט דאַן די גאַנצע ווירט־שאַפט פאַרקויפט. די געלדער און די ביכער ווערן דאַן איבערגעגעבן דער „צוקונפט פרעס פעדעראַציע"; „די פעדעראַציע דאַרף מיטן איין מאָל אין מאָנאַט. יעדע פאַרטראַטענע אָרגאַניזאַציע דאַרף צאָלן פיר דאָלאַר אַ מאָנאַט".

די קאָנפערענץ האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף „צו דער פאָרגעשריטענער יוגענד!". זי האָט אַפּעלירט וועגן געלט, ביכער און פרייוויליקע אַרבעט. דער אָפּרוף איז אין אָנהייב געווען אַ גאַנץ קליינער. דער עולם האָט אונדז נאָך ניט געגלייבט. זיי האָבן אָבער אינגיכן אויסגעפונען, אַז מיר פירן טאַקע דורך אונדזערע פּלענער אויף אַן ערנסטן אופן. ערשט דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען באַשטייערונגען אין געלט און ביכער.

## דער קלוב און ביבליאָטעק ביי דער אַרבעט

וואָטערבערי האָט זיך פאַרמאָסטן נאָכצוטאָן ניו־יאָרק. מיר האָבן געוואָלט קאָפּירן דעם ניו־יאָרקער סאָציאַליסטישן קלוב אין אונדזער קליינעם שטעטל. אונדזער כוונה איז געווען גוט, אָבער אונדזער אויפגאַבע איז געווען אַ גאַנץ שווערע. עס האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט און געדולד. עס האָט פאַרשלונגען

אונדזער גאַנצע פרייע צייט און פאַרנומען אַלע אונדזערע כוחות און מוחות. מיר זיינען אָבער געווען אַנטשלאָסן צו דערגרייכן אונדזער ציל. מיר האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר די אַלע שוועריקייטן. אונדזער דערפאַרונג אין דעם ניו־יאָרקער קלוב האָט אונדז אַ סך אַרויסגעהאָלפן. עס האָט אונדז געמאַכט גלייבן אין דער מעגלעכקייט פון דער געוואַגטער אונטערנעמונג. מיר זיינען ענערגיש אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט און פּלענער. מיר האָבן נאָך דערצו איינגעפירט געוויסע אויסבעסערונגען, וואָס די צייט און דער פּלאַץ האָבן געפאָדערט.

די קלוב־פעדעראַציע האָט זיך אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט ניט באַטייליקט. אונדזערע דערוואַרטונגען אויף איר מיטהילף זיינען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. זי איז געווען אַ טויט־געבוירן קינד. זי האָט אפילו ניט אָפּגעהאַלטן קיין פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען. בלויז עטלעכע מיטגלידער פון „בונד" די חברים ב. שטיין, מ. שטערן, סאָלאָמאָן, בערנשטיין און האסמאַן, האָבן גענומען זייערע פליכטן גאַנץ ערנסט. זיי זיינען עס געווען די טוערס, די בויערס און די פאַרוואַלטערס. מיט דער הילף פון איניקע סימפּאַטיקער, האָבן זיי זיך פעסט גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט געדאַרפט ברעכן און בויען, פאַרבן און קלעפּן, ראַמען און רייניקן; מען האָט געדאַרפט באַזאָרגן און פאַרגרייטן די אַלע נויטיקע קלאַפּערגעצייג פאַר די פאַרשיידענע אַרבעטן. מיר האָבן ביי דעם אַלעם געאַרבעט יעדן אָוונט און שבת־זונטיקס דעם גאַנצן טאָג. עטקין האָט געקלאַפּט אין געהאַמערט. ער האָט געבויט די טירן און די פענצטער, די הילצערנע פּלאַטפאָרמע און די פּאָלעצעס פאַר די ביכער און דעם בופעט. האסמאַן האָט געשמירט די ווענט, געפאַרבט און געשוויצט, סאָלאָמאָן האָט פאַרגרייט די שטאָפן און געצייג, האָט צוגעטראָגן, אַרויסגעהאָלפן און צוגענומען, פאַליי האָט געשלעפּט און גערוימט. דוד שטיין און בייטן פליישער האָבן אויך זייער אַ סך מיטגעהאָלפן. צוזאַמען מיט דער אַרבעט איז אויך געוואָקסן דער גלויבן אין אונדזערע אידייען און צילן. דער וואוקס פון אונדזער באַוואוסטזיין איז שוין געווען אונדזער גרעסטער געווינס.

די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט אונדז געגעבן גרויס אָנזען אין די אויגן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די פאַראייניקונג פון אַלע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס האָט נאָכמער געהויבן די דאָזיקע אָנערקענונג. מען האָט נאָר גערעדט און באַוואונדערט דעם גרויסן אויפטו פון די „גרינע בחורים". צו אונדזער אָפיציעלער דערעפענונג, ענדע זומער 1908, זיינען געקומען מענטשן פון אלע שיכטן אָנצוקוקן דעם גרויסן וואונדער. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט באַזוכערס און פאַרערערס. דער פאָרשטייער פון „בונד", גענאָסע גורעוויץ פון ניו־יאָרק איז געווען דער פעסט־רעדנער. אויף מיין אַפּיל פאַר באַשטייערונגען איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן איבער 300 דאָלאַר. פאַר אַזאַ קליין שטעטל איז עס צו יענער צייט געווען אַ גאָר גרויסער פינאַנציעלער דערפאָלג.

דער קלוב און בופעט זיינען געעפנט געוואָרן צוערשט. אונדזערע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען זיינען דעמאָלט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אונדזער אייגענער היים. די ביבליאָטעק האָט זיך אָבער פאַרשפּעטיקט. דאָס איז

געווען דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן אין אָנהייב קאָנצענטרירט אונדזער גאַנצע אַרבעט אויף דעם קלוב און בופֿעט. עס איז אויך טיילווייז געווען די שילד פֿון אינדזער ביבליאָטעקער ב. שטיין. ער איז געווען זייער ערנסט און אַרבעטסיאַם. די אַלע ביכער און זשורנאַלן האָט ער פֿאַר דער גאַנצער צייט אַליין געבונדן אומבאַצאָלט. ער האָט אָבער ניט פֿאַרמאָגט קיין גענוג איניציאַטיוו אַליין אונטערצונעמען און אויספֿלאַנעווען זיין אַרבעט. אויסער דעם האָט עס טאַקע געפֿאָדערט אַ סך צייט. עס איז געווען גאַנץ שווער צוזאַמענצוקלייבן, סאָרטירן און איינבינדן גענוג ביכער און זשורנאַלן כּדי צו קענען דערמיט עפֿענען די ביבליאָטעק. מיר האָבן דאָך ניט געהאַט אין וואָטערבערי די גרויסע מאַסן יידן צו קריגן זייערע פֿאַרוואַלגערטע ביכער, אַזוי ווי מיר האָבן עס געהאַט אין ניו־יאָרק. מיר האָבן אויך ניט געהאַט די אַלע לאַנדסלייט פֿאַראיינען אויף וועלכע מיר האָבן זיך דאָרטן געשטיצט. מיר האָבן געשריבן צו אַרויסגעבערס און געבעטן זיי ביישטייערן זייערע אויסגאַבעס פֿאַר אונדזער ביבליאָטעק. מיר האָבן אָבער קיין ענטפֿער פֿון קיינעם ניט געקראָגן. אַ פֿאַרוואָרפֿן קליין שטעטל פֿון בלויז עטלעכע טויזנט יידן האָט דאָך ניט דעם אָנזען פֿון אַ ניו־יאָרק מיט מער פֿון אַ מיליאָן יידן. דאָס זאַמלען די ביכער איז דעריבער צוגעגאַנגען שווער און לאַנגזאַם.

ווען דער קלוב האָט שוין פֿונקציאָנירט האָבן מיר זיך ערשט דעמאָלט גענומען צו דער אַרבעט פֿאַר דער ביבליאָטעק. מיר האָבן אינטעסיוו גענומען זאַמלען ליטעראַטור, — געשאָנקענע און געליענע. צוזאַמען מיט חבר ב. שטיין, האָבן מיר עס סאָרטירט, אויספֿאַריכט און איינגעבונדן. מיר זיינען דאָך געווען איינבינדערס נאָך פֿון דער היים. די דאָזיקע אַרבעט האָבן מיר געטאָן ביי זיך אין הויז. מיר האָבן גענוצט אונדזערע אייגענע מאַטעריאַלן און געצייג. עס איז געווען אַ גרויסע אַרבעט און אַ דויערנדיקע. מיר האָבן דערביי געאַרבעט לאַנגע חדשים. ווען די ביבליאָטעק האָט שוין אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן, האָבן מיר נאָך אַלץ פֿאָרגעזעצט די אַרבעט פֿון זאַמלען, סאָרטירן און איינבינדן. יעדע וואָך פֿלעגן מיר אַריינברענגען אַ צאָל געבונדענע ביכער, בראָשורן און זשורנאַלן אין דער ביבליאָטעק. די פּאָליצעס האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אויספֿילן. אונדזער קאַטאַלאָג איז אַלץ רייכער געוואָרן. ענדלעך האָבן מיר אין אַפּריל, 1909, אָפֿיציעל געעפֿנט אונדזער ביבליאָטעק מיט אַ פֿעסט־פֿייערונג. דערמיט איז אונדזער צוגרייטונגס־אַרבעט געווען פֿאַרענדיקט.

מיר זיינען דעמאָלט אַריבער צו דער טאָג־טעגלעכער רוטינער אַרבעט. די ביבליאָטעק איז געווען אָפֿן יעדן אָונט און זונטיק פֿרי ביז מיטאָג־צייט. ביכער פֿלעגן אויסגעליען ווערן צום לייענען אין דער היים אומבאַצאָלט. מיר האָבן זיך אָבער געדאַרפֿט צופּאַסן ניט בלויז צו די לייענער. די חברים, וואָס דאַרפֿן זיי באַדינען האָבן מיר אויך ניט געטאָרט פֿאַרגעסן. קיין דערפֿאַרענע ביבליאָטעקאַרן זיינען דאָך צווישן אונדז ניט געווען. מיר האָבן דערוואַרטעט, אַז יעדן אָונט וועט אַן אַנדער חבר דאַרפֿן באַדינען די לייענער. מען האָט דעריבער גע־

מוזט צופאַסן דעם קאַטאַלאָג צו די אומדערפאַרענע ביבליאָטעקאַרן. אַזאַ קאַטאַ־לאָג האָב איך זיך גענומען אויסצואַרבעטן.

יעדעס בוך, בראָשור אָדער זשורנאַל האָט אין דעם קאַטאַלאָג געהאַט זיין אייגענעם נומער. אויף דעם רוקן פון יעדן בוך איז ווידער געווען דער זעלבער נומער. אויף די פּאָליצעס זיינען זיי געשטאַנען לויטן סדר פון זייערע נומערן.— יידישע און רוסישע ביכער זיינען דאָרט געווען אויסגעמישט. דורך דעם איז אָפּגעהיט געוואָרן דער סדר פון די נומערן. קאַטאַלאָגן זיינען אָבער געווען צוויי. — אַ רוסישער און אַ יידישער באַזונדער. אין די קאַטאַלאָגן זיינען די ביכער גע־ווען פאַרשריבן לויטן א״ב פון זייערע שרייבערס. דער לייענער האָט אַזוי אַרום גרינג אויסגעפונען זיין געווינטשן בוך. געבעטן האָט ער עס לויט זיין נומער, וואָס איז שוין לייכט געווען אַרויסצונעמען פון דער פּאָליצע. אין דער פּראַק־טיק איז דאָס אָבער געווען אַן איבעריקע זאַך ווייל די גאַנצע צייט האָט קיין אַנ־דערער ניט באַדינט די לייענער אויסער מיר. מיר האָבן געהאַט אַרום 25 שטענ־דיקע לייענערס צו נעמען ביכער אַהיים. אונדזער לייענזאַל איז אָבער געווען ווייניק באַזוכט. מען האָט זיך אין אים ניט גענויטיקט אין וואַטערבערי.

עס איז אָבער אָנגעקומען שווער צו קריגן גענוג ביכער און בראָשורן. די מערסטע יידן אין וואַטערבערי האָבן גאָר קיין ביכער ניט פאַרמאָגט. אין אָנהייב האָבן מיר זיך געמוזט באַנוגענען מיט דאָס ביסל ליטעראַטור, וואָס אונדזערע חברים האָבן אַליין בייגעשטייערט. צו דעם פלעגן מיר ביסלעכווייז צוגעבן דאָס קליין ביסל געליענע און געשאָנקענע ביכער. דאָס איז אָבער געווען ניט גע־נוג. — האָבן מיר דעריבער געמוזט פון צייט צו צייט אויך צוקויפן ביכער. פאַר דעם צוועק האָבן מיר געשאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד. פרייוויליקע באַשטייערונגען שטראָפגעלט פאַר איבערגעהאַלטענע ביכער און היימישע אונטערנעמונגען פלעגן שפייזן דעם פאָנד.

די ליטעראַטור אין יידיש איז דעמאָלט נאָך געווען גאַנץ אָרעם. די וויסנ־שאַפטלעכע ליטעראַטור אויף יידיש איז געווען נאָך אָרעמער. עס זיינען געווען דאָ און דאָרטן פּאָפּולערע בראָשורן אָדער אַרטיקלען אין די זשורנאַלן. פאַר דעם פאַראינטערעסירטן לייענער איז עס אָבער געווען שווער אויסצוגעפינען. ווען איינער האָט געוואָלט שטודירן אַ געוויסע פּראַגע, איז ער געווען הילפלאָז, ער האָט ניט געוואוסט וואו צו קריגן די נויטיקע מאַטעריאַלן. איך האָב דעריבער אויסגעאַרבעט אַ ספּעציעלן קאַטאַלאָג פאַר דעם צוועק. דער גאַנצער צוואָרפּע־נער מאַטעריאַל אין דער ליטעראַטור פון אונדזער ביבליאָטעק איז דאָרטן קלאַ־סיפיצירט געוואָרן לויטן אינהאַלט. דער דאָזיקער קאַטאַלאָג האָט געהאַט אָפּ־טיילונגען וועגן היסטאָריע, פילאָסאָפיע, סאָציאַליזם, נאַטור וויסנשאַפט, קונסט און ליטעראַטור א״ד״ג. דער פאַראינטערעסירטער לייענער האָט אַזוי אַרום גע־פונען פאַר זיין טעמע די אַלע אַרטיקלען, וואָס געפינען זיך אין די ביכער און זשורנאַלן פון אונדזער ביבליאָטעק. יעדער אַרטיקל איז געווען באַצייכנט מיט דעם נומער פון דעם בוך אָדער זשורנאַל וואו עס געפינט זיך.

צוזאַמענשטעלן אַזאַ קאַטאַלאָג איז געווען אַ גאַנץ שווערע אַרבעט פאַר איין מענטשן. איך האָב צוליב דעם געדאַרפט איבערקוקן און אָפּשאַצן די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס אונדזער ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט. איך האָב אויף דעם געאַרבעט לאַנגע חדשים. דער קאַטאַלאָג איז געווען אַזוי געשריבן, אַז מען זאָל קענען צוגעבן אומגעשטערט נאָך נייעם מאַטעריאַל. ווען ד״ר זשיטלאָווסקי האָט דורכגעקוקט דעם קאַטאַלאָג, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם סיסטעם. ער האָט עס טאַקע דעמאָלט דערמאָנט צום גוטן אין זיין לעקציע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיין אַרבעט דערויף איז געווען גאַנץ איבעריק. קיינער האָט גאָרניט שטודירט אין וואָטערבערי. קיין איינציקער האָט זיך דעריבער ניט געניטיקט אין קיין קלאַסיפיצירטן קאַטאַלאָג. מען האָט געלייענט ביכער און זשורנאַלן, מען האָט אָבער ניט געמאַכט דערפון קיין שטודיום. די חברים, וואָס האָבן געקענט און געדאַרפט שטודירן, זיינען גאָר געווען פאַרנומען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. געלייענט האָט מען מערסטנטייל בעלעטריסטיק, — דערציילונגען, ראָמאַנען און סקיצן אין דער יידישער שפּראַך. אַ שטאַרקע נאָכפראַגע איז אויך געווען אויף מעמוארן און איבערהויפּט אויף די אַגיטאַציע־בראָשורן.

## יידישע קולטור

דער וואוקס פון אונדזער באַוועגונג האָט אויפגעוועקט די פּראָגרעסיווע שטרעבונגען אין וואָטערבערי. נייע שפּראָצונגען האָבן זיך באַוויזן פון פיל זייטן. די נאַציאָנאַל־געשטימטע עלעמענטן, האָבן שטאַרק מקנא געווען אונדזער דערפאָלג. זיי האָבן זיך אויך געשראָקן, אַז מיר זאָלן זיי ניט אַרויסשטופּן פון עפנטלעכן לעבן אינגאַנצן. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן באַלד אָנצוהייבן זייער ווידערשטאַנד איידער מיר ווערן צו שטאַרק. זייער ברענטש פון אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג, האָט דעריבער אָנגעהויבן אַ קאַמפּעין פאַר אַ ביבליאָטעק צו קאָנקורירן מיט אונדזערער. פאַר דעם צוועק האָבן זיי פריער פון אַלץ געדאַרפט שאַפן די נויטיקע אָנהענגערשאַפט און שטימונג. זיי האָבן צוליב דעם אַראָפּגעבראַכט ד״ר זשיטלאָווסקין אויף אַ לעקציע וועגן יידישער קולטור. מיט דעם זיכערן דערפאָלג פון זיין לעקציע האָבן זיי געהאָפט צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר זייער קאַמפּאַניע. זיי האָבן דערוואַרטעט, אַז ער וועט אַטאַקירן די יידישע סאָציאַליסטן, ווייל זיי צעשטערן דאָך די איינהייט פון כלל־ישראל. אויסגעלאָזן האָט זיך אָבער גאַנץ אַנדערש.

זונטיק אינדערפרי זיינען מיר זיי פאַרלאָפן דעם וועג. עטלעכע שעה פאַר דער לעקציע האָבן מיר געשיקט אונדזער אַ דעלעגאַציע צו ד״ר זשיטלאָווסקין. מיר האָבן אים פאַרבעטן צו באַזוכן אונדזער ביבליאָטעק. ער איז טאַקע באַלד מיטגעגאַנגען מיט אונדז אָנצוקוקן, וואָס מען טוט אין דער פּראָווינץ. ווען ער האָט דערזען די פולע פּאָלעצעס מיט יידישע און רוסישע ביכער, האָט עס אים שטאַרק פאַראינטערעסירט. אַזוינס האָט מען דעמאָלט זעלטן געזען אין אַמעריקע.

ער האָט באַטראַכט אונדזערע קאַטאַלאָגן און איבערהויפּט דעם קלאַסיפיצירטן; ער האָט געבעטן צו ווייזן אים עטלעכע ביכער לויטן קאַטאַלאָג; ער האָט זיך פאַנאַנדערגעפרעגט וועגן דער צאָל לייענערס און וועלכע ביכער ווערן מער גע־פאָדערט; ער האָט געוואָלט וויסן מער איינצלהייטן וועגן דער גרינדונג און וועגן דער פאַרוואַלטונג. אַלץ צוזאַמען איז עס פאַר אים געווען אַ דערפרייענדיקע איבערראַשונג. ער האָט באַוואונדערט, וואָס אַזאַ וויכטיקע קולטורעלע אַרבעט ווערט געפירט אין אַזאַ קליין שטעטל. ווען ער האָט שפּעטער אין זיין לעקציע גערעדט וועגן יידישער קולטור־טעטיקייט, האָט ער אָנגעוויזן אויף אונדזער אַר־בעט. ער האָט געזאָגט: „אויב איר ווילט וויסן ווי מען שאַפט יידישע קולטור, זאָלט איר גיין אויף עלעם גאַס; דאָרטן וועט איר זען אַ מערקווירדיקע ביבלי־אָטעק פון יידישער קולטור. זיי אַליין האַלטן ווייניק פון יידישקייט. זיי טוען אָבער די אַרבעט בעסער איידער אַ סך אַנדערע". אַנשטאָט וואָס מען האָט אונדז געזאָלט שילטן, האָט מען אונדז גאָר געגומען בענטשן.

אויפן קולטורעלן פראָנט זיינען מיר גאָרניט געווען אַזוי ווייט איינע פון די אַנדערע. די קעגנערשאַפט פון אונדזערע מיינונגען וועגן קולטור איז געווען אַ היפּש ביסל איבערגעטריבן. מיר האָבן ביידע באַנוצט די זעלבע קולטורעלע געצייג. אונדזערע חברים, און איך אויך האָבן דאָך שטענדיק געאַרבעט מיט דעם יידישן וואָרט און פאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. עס איז דאָך געווען דער „בונד" אין רוסלאַנד וועלכער האָט כמעט פון אָנהייב אָן געקעמפט פאַר קול־טורעלער אויטאָנאָמיע. ס'איז אויך געווען דער „בונד" וועלכער האָט געהאָלפן אויסרייניקן און אויסבעסרן דעם פאָלקס־„זשאַרגאָן". בלויז דעם פאַרקריפּלטן, דעם נאַציאָנאַליסטישן יידישיזם האָבן מיר באַקעמפט. מיר האָבן ניט געקענט פאַר־טראָגן זיינע שאָוויניסטישע טענדענצן, זיין פאַלשע טעאָריע פון אתה בחרתנו. מיר האָבן דאָך ניט געקענט באַרעכטיקן זיין אָפּשליסן זיך אין אַ יידישער געטאָ. צו דעם פראָגרעסיוון יידישיזם האָבן מיר קיין טענות ניט געהאַט.

עס איז געווען אַזוי ווי ד"ר זשיטלאָווסקי האָט עס אויסגעטייטשט אין זיין לעקציע: כאָטש מיר גלויבן ניט אין אתה בחרתנו יידישקייט אַרבעטן מיר פאָרט צווישן יידן און דורך יידיש. דאָס איז דאָך געווען די איינציקע שפּראַך פון אונדזער פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. מיר האָבן עס געטאָן אין נאָמען פון סאָ־ציאַליזם, אָבער געטאָן האָבן מיר עס דאָך. מיר האָבן עס אויך געטאָן פאַר דער יידישער קולטור, פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר דער יידישער קונסט און ליטעראַטור. מיר רופן עס ניט אָן מיט קיין געהויבענעם נאָמען, מיר האָבן אָבער געטאָן די נויטיקע אַרבעט. די געקרוינטע יידישיסטן פון וואָטערבערי האָבן זיך אָבער באַנוגנט מיט בלויז ריידן און דעבאַטירן.

זייער פּרואוו צו באַקעמפן אונדז איז ניט געווען צוליב קולטור און אויך ניט צוליב יידישיזם. דער תירוץ איז געווען בלויז אַ צוגעטראַכטער. דער אמת איז געווען, אַז זיי האָבן אונדז ניט פאַרגינען דעם דערפאָלג פון אונדזערע אויפטו־אונגען. זיי האָבן אין דעם געזען אַ מעגלעכע געפאַר פאַר זייערע פאַרטיי איג־

טערעסן. די אָנערקענונג, וואָס מיר האָבן געקראָגן האָט זיי שטאַרק געשראָקן. מיר האָבן עס דאָך אויך אויסגענוצט מיט רעכט פאַר אונדזערע אייגענע פּאַרטיי־צוועקן. אָט־דאָס איז געווען דער אמתער מיין פון זייערע טענות. עס איז, אלזאָ, געווען בלויז אַ פּאַרטיי־קאַמף. מיט קיין יידישער קולטור האָט עס פּאַקטיש גאָר־ניט געהאַט צו טאָן. ד״ר זשיטלאָווסקי איז אָבער ניט געווען פאַראינטערעסירט אין זייער קליינלעכער פּאָליטיק. ער האָט דערקענט אין אונדזער אַרבעט אירע קולטורעלע ווערטן. ער איז שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן פאַר אונדזער טעטי־קייט און דערגרייכונגען. דערפאַר האָט ער עס אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן אין זיין לעקציע.

מיט אַ צייט שפּעטער, שוין אין 1913, איז מיר אויסגעקומען צו באַטייליקן זיך אין אַ דיסקוסיע וועגן יידישע קינדער־שולן. איך האָב געהאַלטן, אַז קינדער דאַרפן דערצויגן ווערן אין גייסט פון סאָציאַליזם און קלאַסנקאַמף. דעם אָנגריף פון די באַלעבאַטים אויף זייערע לעבנס־באַדינגונגען וועלן זיי דאָך ניט קענען אויסמיידן. זיי וועלן מוזן פאַרטיידיקן זייער רעכט צוזאַמען מיט די אַרבעטער פון אַנדערע פעלקער. דעריבער מוזן מיר זיי לערנען די דאָזיקע קענטעניש באַצייטנס. דער קאַמף קעגן זייערע באַדריקער וועט שוין אויך לייזן זייערע אַנ־דערע פּראָבלעמען. מען טאָר זיי דעריבער ניט שפּייזן מיט קיין שאָוויניסטישע אידייען פון אתה בחרתנו און פון כלל־ישראל. אַזאַ דערציאונג פאַרפרעמדט זיי פון זייערע קלאַסן־ברידער. זי איז דעריבער שעדלעך און מוז אויסגעמיטן ווערן.

די דאָזיקע מיינונג איז אָבער דעמאָלט באַקעמפט געוואָרן אויך אין אונד־זערע אייגענע רייען. אונדזער באַוועגונג אין וואָטערבערי איז שוין דעמאָלט גע־גאַנגען באַרג־אַראָפּ. די שטימונג פון אייניקע חברים איז שוין געווען אַ פּעסי־מיסטישע. אינערלעכע רייבונגען און שטערונגען האָבן שוין געריסן שטיקער פון אונדזערע דערגרייכונגען. דער פאַרלוירענער פּראָצעס פון די מעקנאַמאַ־רעס אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט צעטומלט אייניקע פון אונדזערע שוואַכלינגען. מיר האָבן דאָך אויך אין וואָטערבערי אָנגעפירט אַ פאַרטיידיקונגס פּראָפּאַגאַנדע פאַר די מעקנאַמאַרעס. דער קאַצניאַמער נאָך דער פאַרשפּילטער רוסישער רעוואָלוציע האָט נאָכמער אַנטוישט אַ סך געוועזענע רעוואָלוציאָנערן. די צאַרי־שע פּאָגראָמען אויף יידן האָבן געוועקט אין זיי אַ קרענקלעכן שאָוויניזם. דאָס אַלץ האָט צעשטערט זייערע האָפענונגען און צעבראָכן זייערע געמיטער.

דעם דאָזיקן קאַמף האָב איך דעמאָלט פאַרלוירן. מיינע טענות און מענות האָבן ניט געהאָלפן. צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט עס אָבער דעמאָלט ניט געפירט. קיינע קינדער־שולן זיינען דעמאָלט סיי־ווי־סיי ניט געגרינדעט געוואָרן. די אַנטוישטע און פאַרצווייפלטע האָבן זיך דאָך ניט געקענט אונטער־נעמען צו פאַרווירקלעכן זייערע נייע אידייען אין לעבן. אָבער אויך דעמאָלט איז עס ניט געווען קיין פראַגע פון יידישע קולטור. סאָציאַליזם איז דאָך דער שטאַרקסטער פאַרטיידיקער פון נאַציאָנאַלע קולטורן.

## דער גרינער קאָאָפּעראַטיוו

ווען איך בין געקומען אין וואַטערבערי האָב איך באַלד געקראָגן אַרבעט ביי מיין פאַך, אַלס קלעפּער. עס איז דעמאָלט געווען דער סעזאָן ביי די פּאַפּיר־קלעפּערס. מען האָט געזוכט אַרבעטער און ניט געקענט זיי קריגן. אין די קלע־נערע שטעטלעך איז די צאָל באַלעבאַטים אין דער בוי־אינדוסטריע געווען גאַנץ קליין. ווען עס ענדיקט זיך ביי זיי דער סעזאָן קען מען שוין דעמאָלט ניט קריגן קיין אַרבעט ביי קיין אַנדער באַלעבאָס. די אַרבעטסלאָזע זוכן דעמאָלט זייערע גליקן אין דער גרויסער שטאָט. זיי קומען שוין מער ניט צוריק, ווען דער נייער סעזאָן הייבט זיך ווידער אָן. ביים אָנהייב פון דעם קומנדיקן סעזאָן פעלן דערי־בער אויס אַרבעטער אין די פאַכן פון דער בוי־אינדוסטריע. איך האָב דעריבער באַלד געקראָגן אַרבעט.

די קליינשטעטלדיקע באַלעבאַטים זיינען שטאַרק איינגעגלויבט אין די קענטענישן פון די ניו־יאָרקער אַרבעטער. זיי קומען דאָך פון דער גרויסער שטאָט. זיי ווייסן דאָך זיכער די אַלע בעסטע מעטאָדן, איינפאַלן און דערפינדונגען פון דער אַרבעט. אַ ניו־יאָרקער פאַכמאַן ווערט דעריבער שנעל אויסגעכאַפּט. איך בין אָבער געווען אַ גאַנץ קנאַפּער באַלמעלאָכע. אין „בונד" און אין דער ביבליאָטעק האָב איך דאָך די פאַך־קענטעניש ניט געקענט לערנען. מיין קלעפּער־באַלע־באָס האָט מיך אין ניו־יאָרק ניט דערלאָזן צו לערנען זיך. אויסער דעם האָב איך גאָר קיינמאָל ניט געזען ווי אַזוי מען קלעפּט דאָס פּאַפּיר צום באַלקן. אין ניו־יאָרק טוט מען עס גאָרניט. אויף דער פּראָווינץ באַקלעפּט מען אָבער אויך דעם באַלקן, — אין אַלע צימערן — האָט עס פאַר מיר געשאַפן אַ שווערע פּראָב־לעם. איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי מען נעמט זיך דערצו. די אַרבעט האָט דעריבער געדויערט ביי מיר זייער לאַנג און דערצו פלעגט עס נאָך אַרויסקומען זייער שלעכט. מיין נייער באַלעבאָס האָט מיך דערפאַר באַשעפטיקט בלויז ביז וואַנען דער ברען פונעם סעזאָן איז אַריבער. דעמאָלט האָט ער מיך אָפּגעשיקט אַהיים איך זאָל זיך אַביסל אויסרוען. ער האָט מיר אויך געראָטן איך זאָל זיך אַביסל צולערנען ווי צו אַרבעטן.

אַנדערשוואו האָט מען שוין דעמאָלט קיין אַרבעט ניט געקענט קריגן. צוריק־פאָרן קיין ניו־יאָרק האָב איך אָבער ניט געוואָלט. דאָרטן איז דאָך מיר אויך שווער געווען צו קריגן אַרבעט. אויסער דעם בין איך דאָך געפאָרן קיין וואָטערבערי ניט בלויז צוליב אַרבעט און איך בין דאָך שוין געווען פאַרנומען ביי פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן: איך האָב זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער פאַר דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג; די אידייע וועגן אַ קלוב און ביבליאָטעק האָט מיך שוין שטאַרק פאַרכישופט. איך בין דעריבער פאַרבליבן אין וואָטערבערי אפילו אָן אַרבעט.

מיינע חברים צווישן די קלעפּערס זיינען דעמאָלט אויך געווען אַרבעטסלאָז, האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי אַזוי צו קריגן באַשעפטיקונג. ענדלעך האָבן מיר זיך דערטראַכט צו גרינדן אַן אייגענעם קאָאָפּעראַטיוו אַ מין רוסישן

אַרטעל. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו גיין אין שותפות, אַליין אָננעמען אַרבעט פון הויז־אייגנטימערס, אַליין אויסאַרבעטן עס און די פאַרדינסטן פאַרטיילן אויף גלייך.

מיר זיינען געווען פינף שותפים, פיר קלעפּערס און איין פאַרבער. איינעם פון אונדז האָבן מיר דערוויילט אַלס סעקרעטאַר און פאַרוואַלטער. ער האָט עס געדאַרפט אויסזוכן אַרבעט, קויפן פאַרב און מאַטעריאַלן, פירן די רעכענונגען און אויפמאַנען די געלדער. צוויי פון אונדז האָבן געדאַרפט אַרבעטן ביים קאָאָפּעראַטיוו און צוויי האָבן געדאַרפט געפינען פאַר זיך אַרבעט ביי אַ באַלעבאָס. זייערע שכירות זאָלן זיי יעדע וואָך אַרייגעבן אין אונדזער קאָאָפּעראַטיווער קאַסע. דער סעקרעטאַר זאָל עס נאָכדעם אויסטיילן צו אַלעמען גלייך. אַזוי זאָל עס אָנגיין ביז וואַנען דער קאָאָפּעראַטיוו וועט ניט האָבן קיין גענוג אַרבעט צו באַשעפטיקן אַלע שותפים.

אונדזערע פּלענער האָבן אויסגעזען גאַנץ פּראַקטיש און דורכפירבאַר. אין לעבן האָט זיך אָבער פון דעם אויסגעלאָזט אַ בוידעם. מיר זיינען אַלע געווען גרין אין לאַנד און גרין אין דעם פאַרבן־פאַך. מיר זיינען געווען פרעמד אין שטאָט און פרעמד אין געשעפטס־זאַכן. מיר האָבן אפילו ניט פאַרשטאַנען ווי גרין מיר זיינען. אונדזער פאַרוואַלטער האָט ניט געהאַט קיין דערפאַרונג. ער האָט אַפילו ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ פּרייז מען דאַרף פאַרלאַנגען פאַר דער אַרבעט. ער האָט ניט געוואוסט וויפיל און וועלכע מאַטעריאַלן מען דאַרף האָבן און וויפיל טעג מען וועט דאַרפן אַרבעטן דערביי. זיין אָפּשאַצונג איז געווען אַ צופעליקע און אַ גרייזיקע. אַז ער פלעגט פאַרלאַנגען אַ צו גרויסן פּרייז, פלעגט ער די אַרבעט ניט קריגן, האָט ער אָבער פאַרלאַנגט אַ צו ביליקן פּרייז, האָט מען אים דעמאָלט מורא געהאַט צו פאַרטרויען די אַרבעט. ער איז נאָך דערצו געווען זייער פויל און אומגעדולדיק. אין אַ קליין שטעטל איז נאָכן סעזאָן טאַקע ניטאָ וואו צו זוכן קיין אַרבעט. ער פלעגט זיך אָבער זייניק באַמיען צו זוכן עס און פלעגט זיך אויך ניט ערגערן דערפון. ער פלעגט בעסער פאַרברענגען זיין צייט וואו עס איז פאַר אים געווען רואיקער און באַקוועמער. אונדזער קאָאָפּעראַטיוו איז אָבער דורך דעם ניט געהאַלפן געוואָרן.

עס האָט זיך אָבער ענדלעך אָפּגעפונען אַ יידל, וואָס האָט דערקענט אין אונדז די ריכטיקע יאָלדן. ווען ער האָט דערזען אונדזער צו ביליקן אָנבאָט, האָט ער זיך אָן אים גלייך אָנגעכאַפּט און האָט אונדז אַריינגעשפּאַרט זיין הויז צו פאַרבן פון דרויסן. ער האָט גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ צרות מיר נעמען אויף זיך. דער־ריבער האָט ער זיך באַוואָרנט מיט אַ גענויען און שטרענגן אָפּמאַך. אונדזער פאַרוואַלטער האָט זיך געפילט אַזוי ווי איז זיבעטן הימל. ער האָט זיך באַרימט און געגרויסט מיט דעם געחסמעטן אָפּמאַך.

עס האָט אונדז גענומען עטלעכע וואָכן צוצוגרייטן זיך. מיר האָבן דאָך ניט געהאַט קיין איינגעשטעלטן שאַפּ. מען האָט געדאַרפט קריגן לייטערס, שטריק, הענגערס און אַ פּלאַטפאָרם. מען האָט אויך געדאַרפט איינקויפן און צוגרייטן

די נויטיקע פֿאַרבן, קאַלירן און אַנדערע מאַטעריאַלן. דערווייל איז געקומען די צייט פֿון דעם נייעם סעזאָן און מען האָט שוין געקענט קריגן אַרבעט אינעם פֿאַך. צוויי פֿון אונדז, חבר שטיין און איך, זיינען אַוועק אַרבעטן פֿאַר אַ באַלעבאָס, אַזוי ווי עס האָט געלויטעט אונדזער חברישער אָפּמאַך. אונדזערע שכירות האָבן מיר יעדע וואָך אַרייגגעגעבן אין אונדזער קאָאָפּעראַטיווער קאַסע. און פּלענן ז׳ערפֿון צוריקקריגן בלויז אַ קליינעם טייל וויפֿיל עס איז אויסגעקומען אויף אונדזער חלק. די אַנדערע צוויי האָבן זיך געקליבן צו אַרבעטן ביי דעם קאָאָפּעראַטיוו.

נאָך לאַנגע צוגרייטונגען האָט זיך אונדזער קאָאָפּעראַטיוו פֿאַרמאָסטן צו איינבייסן די אַרבעט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער זאַגענאַנטער פֿאַרבער קען נעבעך ניט די מלאכה. ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן און ווי צו פֿאַרבן. ער ווייסט אפֿילו ניט ווי צו פֿאַרמישן די פֿאַרב און וועלכע קאַלירן צו באַנוצן. ער איז גאָר געווען בלויז אַ לערנער אין דעם פֿאַרבער־פֿאַך. פֿאַר די עטלעכע חדשים, וואָס ער האָט געאַרבעט אַלס העלפֿער, האָט ער זיך ווייניק וואָס אויסגעלערנט. ער האָט אויך ניט געוואוסט וויפֿיל פֿאַרב־מאַטעריאַלן די אַרבעט וועט פֿאָדערן און ווי אַזוי צו געברויכן עס עקאָנאָמיש.

די פֿאַרב־מאַטעריאַלן וואָס אונדזער פֿאַרוואַלטער האָט איינגעקויפֿט זיינען שנעל אויסגענוצט געוואָרן. מען האָט דעריבער געמוזט צוקויפֿן נאָך פֿאַרב, נאָך אויל און קאַלירן; זיי זיינען אָבער אויך שנעל אויסגענוצט געוואָרן, — האָט מען ווידער געדאַרפֿט צוקויפֿן נאָך און נאָך. די מאַטעריאַלן אַליין האָבן אונדז אָפּגעקאָסט כמעט אַזוי פֿיל וויפֿיל מיר האָבן זיך באַדינגען פֿאַר דער גאַנצער אַרבעט. צייט האָט עס גענומען פֿיל מער איידער מיר האָבן דערוואַרטעט. ערגערניש, שוועריקייטן און קריגערייען מיטן אייגנטימער זיינען געווען איבערגענוג. ער האָט אונדז מושטירט ווי צו טאָן די אַרבעט און דיקטירט אונדזער יעדן טראָט. מיר האָבן אים אַלעס געמוזט נאָכגעבן. מיר האָבן אפֿילו געמוזט פֿאַרריכטן און פֿאַרקלאַפּן די צעפֿוילטע ברעטער און פֿענצטער. דער געחסמעטער אָפּמאַך האָט אונדז דאָך פֿאַרפּליכטעט צו פֿאַרענדיקן די אַרבעט „צו דער פֿולער צופֿרידנקייט פֿון דעם אייגנטימער“. מיר האָבן שוין געוואָלט אינגאַנצן אָפּוואַרפֿן זיך פֿון דעם גרויסן גליק. דער אייגנטימער האָט אונדז אָבער ניט אָפּגעלאָזן. דער געחסמעטער אָפּמאַך האָט אונדז געהאַלטן געבונדן. מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר זיך אַזוי געמאַטערט ביז וואַנען מיר האָבן ווי ניט איז פֿאַרענדיקט דאָס הויז. דערמיט האָבן זיך אויך פֿאַרענדיקט די אויסזיכטן פֿון אונדזער קאָאָפּעראַטיוו.

אונדזער דורכפֿאַל איז אָבער געווען אומפֿאַרמיידלעך, ווייל מיר האָבן פֿאַרגרייזט באַלד אין אָנהייב. אונדזער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרנעמען מיט צימערן צום אויסקלעפּן. די דאָזיקע אַרבעט האָבן אַלע פֿיר פֿון אונדז גרינגלעך געקענט. מיר האָבן אויך געהאַט אַלע נויטיקע געצייג פֿאַר דעם, דאָס וואָלט געווען לייכטער צו קריגן און שנעלער צו פֿאַרענדיקן. דאָס וואָלט ניט געפֿאָדערט

קיין אויסגאַבן, קיין שוועריקייטן און קיין ריזיקע. קיין אָפּמאַכן און פאַרפּליכ־טונגען וואָלטן מיר ניט געדאַרפט אונטערשרייבן. אונדזער פּרייז וואָלטן מיר יעדעס מאָל קריגן באַצאָלט שנעל און אין פולן. מיר וואָלטן אויך ניט געדאַרפט פאַרשווענדן די צייט פון אַ סעקרעטאַר צו פאַרוואַלטן מיט אונדזער לייכטזיניקייט. מיר זיינען אָבער געווען גריין און האָבן עס ניט פאַרשטאַנען.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַרגלייך מיט אונדזער אַרבעט אין באַוועגונגס־זאַכן. דאָרטן זיינען מיר כמעט אַלעמאָל געווען גוט אויסגערעכנט און גאַנץ פּראַק־טיש. מיר פלעגן אַלץ געַנוי אויספּלאַנעווען אין פאָראויס און דורכפירן דערנאָך גאַנץ דערפאָלגרייך. אין געשעפטס־זאַכן זיינען מיר אָבער געווען בלינד און טאַמעוואַטע. מיר זיינען דערייבער דורכגעפאַלן און האָבן אפילו ניט געהאַט אויף זועמען צו וואַרפן די שולד. מיר האָבן זיך אפילו ניט געקענט טרייסטן, אַז ווער ניט איז האָט אונדז פאַרפירט. קיין בייזוויליקע זיינען צווישן אונדזערע פיינט ניט געווען. מיר זיינען בלויז געווען צו לייכטזיניק און אומדערפאַרן.

## דאָס ערנגעריכט

איך בין אָנגעקומען אַרבעטן צו אַ נייעם באַלעבאָס. ער איז געווען אַ פּראָס־טער מענטש, אַ געלט־גייציקער און דערצו נאָך אַ גראָבער יונג. צו זיינע אַרבע־טער פלעגט ער זיך באַציען זייער שלעכט און געמיין. די שכירות זיינען אָבער געווען גאַנץ גוטע. דריי דאָלאַר אַ טאָג איז דעמאָלט געווען אַ גוטער לוין. מען האָט אָבער געדאַרפט אויפטאָן אַ סך אַרבעט פאַרן טאָג. ער פלעגט אָננעמען אַרבעט פאַר זייער ביליק, האָט ער שוין געמוזט אָנטרייבן און יאָגן זיינע שקלאַפן. די אַרבעט זיינע איז געווען ניט קיין קאָמפּליצירטע, זי האָט ניט געפאָדערט קיין סך קענטעניש. איך האָב אָבער ניט געהאַט די כוחות און דעם ווילן צו יאָגן זיך אַזוי שטאַרק. אויסער דעם זיינען מיינע געדאַנקען גאָרניט געווען ביי דער אַר־בעט. זיי זיינען שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דעם קלוב און ביבליאָטעק. דער באַלעבאָס האָט דעריבער געזוכט אַ געלעגנהייט אַרויסצויאָגן מיך פון שאָפּ. האָט אָבער מורא געהאַט פאַר מיין אונפלוס אין שטאָט. ער האָט דעריבער אָפּגע־וואַרט ביז צום סוף פון סעזאָן; ערשט דעמאָלט האָט ער מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

איך האָב באַשלאָסן אָפּצורעכענען זיך מיט אים ביי דער ערשטער געלעגענ־הייט. צוליב דעם האָב איך איבערגעוואַרט ביז וואַנען דער נייער סעזאָן האָט זיך אָנגעהויבן און ער האָט ניט געקענט קריגן גענוג אַרבעטער. דעמאָלט האָט ער מיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט. ווען דער סעזאָן איז אָבער אַריבער, האָט ער ווידער גענומען זוכן אַן אויסרייד פּטור צו ווערן פון מיר. מיין קעגנשטעלן זיך האָט ניט געהאָלפן. האָב איך אים דערקלערט אַ סטרייק און האָב אויך אַרויסגע־רופן דעם אַנדערן קלעפּער אין סטרייק.

אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער ס״פּ איז אָבער אַוועק אַרבעטן אויף מיין אָרט. אַזאַ האַנדלונג פון אַ חבר האָט מיך שטאַרק אויפגעבראַכט. איך האָב אים

דעריבער ניט געשאַנעוועט און אָנגערופן מיט דעם ריכטיקן נאָמען, וואָס מען באַנוצט אין אַזעלכע פאַלן. עס איז געוואָרן אַ גאַנצע קריגעריי. ער האָט געטענהט, אַז איך האָב אים באַליידיקט און באַפלעקט זיין נאָמען. ער האָט אויך געפאָדערט אַז אַן ערנגעריכט פון חברים זאָלן אַנטשיידן די פראַגע. דערויף האָב איך באַלד איינגעשטימט.

מיט דעם צוזאַמענשטעל פון דעם ערנגעריכט האָב איך זיך ווייניק אינטערעסירט. איך האָב עס באַטראַכט אַלס אַן ענין פון דער באַוועגונג און ניט קיין פערזענלעכע פראַגע. ער האָט ניט געלייקנט, אַז ער האָט פאַרנומען מיין פלאַץ אין צייט פון סטרייק, ער האָט דאָך נאָך אַלץ געאַרבעט אויף מיין פלאַץ. איך האָב אויך ניט געלייקנט, אַז איך האָב אים אָנגערופן מיטן ריכטיקן נאָמען פאַר אַזאַ האַנדלונג. די אַנטשיידונג אין אַזאַ פאַל איז קלאָר. זי האָט געמוזט זיין קעגן דעם סטרייק־ברעכער. די זאַך איז דאָך שוין פעסגעשטעלט געוואָרן אין די טראַדיציעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך בין דעריבער געווען זיכער, אַז דער באַשולדיקטער וועט דערקלערט ווערן שולדיק. מען קען דאָך ניט באַרעכטיקן איינעם, וואָס איז באַגאַנגען אָפענע סטרייק־ברעכעריי. איך האָב זיך דעריבער פאַרלאָזן אויף די טראַדיציעס פון דער באַוועגונג זעלבסט.

א. ש. זאַקס איז גראָד דעמאָלט געקומען אויף אַ לעקציע אין וואָטערבערי. דאָס ערנגעריכט איז פאָרגעקומען דעם זונטיק פון זיין לעקציע. מען האָט אים דעריבער פאַרבעטן פאַר דעם אומפּאַרטייאישן פאָרזיצער. זאַקס איז אָבער געווען ניט בלויז אומפּאַרטייאיש, ער איז געווען גלייכגילטיק צו דער גאַנצער פראַגע. עס איז פאַר אים געווען בלויז טשיקאַווע צו זען מיט וואָס די קליינשטעטלדיקע גענאָסן פאַרנעמען זיך אויף דער פּראָווינץ. פון מיין זייט איז אין ערנגעריכט געווען דער צווייטער אַרבעטער וועמען איך האָב אַראָפּגענומען אין סטרייק קעגן זיין ווילן. ער איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז די גאַנצע זאַך זאָל זיך ענדיקן וואָס שנעלער און איז דעריבער געווען זייער נאָכגעבעריש. די פאַרהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען עפנטלעך אין אונדזער קלוב, וואָס איז געווען נאָר־וואָס דערעפנט. דאָס ערנגעריכט איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג אין שטעטל און האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע סענסאַציע. אונדזער גרויסער זאַל איז די גאַנצע צייט געווען איבערגעפילט מיט מענטשן, וואָס זיינען געווען בייגעריק צו זען, וואָס דאָ קומט פאָר.

עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט גאַנץ אַנדערש איידער איך האָב דערוואַרט. דאָס געריכט האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט דער מאָראַלישער זייט פון דער פראַגע. זיי זיינען בלויז אויסן געווען אירע פּראַקטישע פאָלגן. זיי האָבן געזוכט דעם גרינגערן און באַקוועמערן אויסוועג צו פאַרמיידן די פאַרשפּרייטונג פון דער קריגעריי. זיי האָבן אויך ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער פּאַרטיי זאָל עפנטלעך דערקלערט ווערן אַלס סטרייק־ברעכער. געוואוסט האָבן זיי, אַז איך וועל געוויס אויספאָלגן זייער באַשלוס און אַז דער אַנדערער צד וועט עס ניט טאָן. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן, אַז איך זאָל צוריק־

ציען מיין באַשולדיקונג. איך האָב עס נאַטירלעך אויסגעפאָלגט, וואָס דען האָב איך געקענט טאָן?

דער דאָזיקער אורטייל איז געווען אומגערעכט און אומגעריכט. ער האָט כמעט רייִנגעוואַשן אַ סטרייק־ברעכער. קיינער האָט ניט געקענט זיך פאָרשטעלן אַז אַן ערנגעריכט פון חברים זאָל אַזוי באַשליסן. זיי האָבן אים אויך געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם אַרבעטס־פּלאַץ. דאָס האָט אָבער קלאָר געוויזן דעם ווידער־שפּרוך אין זייער אורטייל. זיי האָבן, ווי געזאָגט, געהאַט אַ פּראַקטישע כוונה דער־ביי. זיי זיינען אויסן געווען צו פאַרענדיקן דעם סטרייק וואָס גיכער און צו מאַכן פאַרגעסן די גאַנצע אומאָנגענעמע געשיכטע.

אינטערעסאַנט איז אויך געווען די האַנדלונג פון דער קריסטלעכער פאַר־בערס־יוניאָן. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט צו געבן די פולע שטיצע אויב איך וועל זיך בויטיקן. זיי האָבן אָבער ניט געהאַלטן וואָרט. דאָס איז געווען אַ זייער קליי־נע און שוואַכע יוניאָן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין איינפלוס אפילו אויף אירע איי־גענע מיטגלידער. ביי זייער געשעפטס־פאַרזאַמלונג האָב איך זיך באַקלאָגט אויף דעם יוניאָן־מאַן, וואָס האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ אין דער צייט פון סטרייק. די פאַרזאַמלונג האָט מיך אויסגעהערט זייער אויפמערקזאַם. זיי האָבן אָבער גאָרניט געטאָן דערצו. זיי האָבן אפילו ניט באַהאַנדלט די פראַגע. מען איז באַלד איבער־געגאַנגען צו באַהאַנדלען אַנדערע גאַנץ אומוויכטיקע פראַגן. און מיין קלאַגע האָבן זיי געלאָזן אָפן.

## אונטערן באַיקאָט פון באַלעבאַטים

נאָך מיין כלמרשט געוואונענעם סטרייק איז מיר שוין שווער געווען צו גיין צוריק צו מיין אַלטן באַלעבאָס. איך האָב עס אָבער געטאָן ווייל איך האָב געוואָלט אונטערשטרייכן אַז איך האָב מיין סטרייק געוואונען. מיר האָבן זיך אָבער איי־נער דעם אַנדערן ניט געקענט מער פאַרטראָגן. אויף דער צווייטער וואָך האָב איך אַליין פאַרלאָזן זיין שאַפּ. קיין אַנדער באַלעבאָס האָב איך אָבער ניט געקענט קריגן. אין אַ קליין שטעטל וויסן אַלע גאַנץ גענוי, וואָס עס קאָכט זיך ביי יעדן אין טעפּל. איך האָב שוין דעריבער געמוזט זוכן אַ וועלכע ניט איז אַנדער אַר־בעט. ביי די פאַבריקן פלעג איך אַלעמאָל געפינען אַ לאַנגע רייע אַרבעטסלאָזע ווען דער אויפזעער פלעגט אַרויסקומען פלעגן זיי זיך אַלע אַנהויבן צו שטופּן זיך און צו בעטן זיך ביי אים. איך האָב עס אָבער ניט געקענט טאָן. — איך האָב אָנגעהויבן צו פאָרשלאָגן מיין אַרבעט דורך בריוו. קיינער האָט מיר אָבער ניט געענטפערט. מיין רעקאָרד איז שוין ביי זיי געווען גוט באַקאַנט. זיי האָבן דאָך געהאַט זייערע לייט אין אונדזער באַוועגונג. איך בין שוין דעריבער געווען ביי זיי אויפן שוואַרצן צעטל.

אַ לענגערע צייט האָב איך אָנגעהאַלטן מיין זוכעניש. ענדלעך האָב איך שוין פאַרלוירן מיין יעדע האָפענונג צו קריגן וואו ניט איז אַ וועלכע ניט איז אַרבעט.

אין אַזעלכע פֿאַלן פֿאַרלאָזט מען געוויינלעך די שטאָט, און מען זוכט נייע גליקן אין אַנדער שטאָט. איך האָב עס אָבער ניט געוואָלט טאָן. מיין אַרבעט אין דער אָרטיקער באַוועגונג איז פֿאַר מיר געווען צו טייער. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַליין אָנצונעמען די אַרבעט דירעקט פֿון די הויז־אייגנטימערס. דער דאָזיקער אויסוועג איז מיר גאָרניט געווען צום האַרצן. איך האָב שטענדיק געוואָלט פֿאַר־בלייבן אַ לוין־אַרבעטער צווישן אַרבעטער. אונטער די אומשטענדן האָב איך אָבער קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט. איך האָב געמוזט זוכן מיין ברויט אָן דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַ באַלעבאָס. מיין כוונה איז אויך געווען אָנצולערנען מיין אַלטן באַלעבאָס. איך האָב געזוכט אַריינצושניידן זיך צווישן זיינע קונדן. איך פֿלעג עס אויך גאַנץ לייכט דערגרייכן.

איך האָב זיך אָבער פֿאַרשוואוירן ניט צו באַשעפֿטיקן קיין אַרבעטער. דער־מיט האָב איך געוואָלט אויסהיטן זיך פֿון יעדער מעגלעכקייט פֿאַר עקספּלואַטאַ־ציע. איך פֿלעג זוכן אָנצונעמען בלויז אַזוי פֿיל אַרבעט וויפֿיל איך האָב געקענט איינער אַליין אויסאַרבעטן. מיינע צוזאָגן צו די קונדן פֿלעג איך פּינקטלעך דער־פֿילן און אין דער געווינטשטער צייט. אין אַזאַ קליין שטעטל האָט עס מיר גיך געשאַפֿן אַ גוטן נאָמען. מיינע קונדן פֿלעגן מיך רעקאָמענדירן צו זייערע פֿריינט און באַקאַנטע. מען פֿלעגט אויך צייטנווייז אויף מיר וואַרטן פֿאַר וואָכן און מאָ־נאַטן, ביז איך האָב געפֿונען צייט אָנצונעמען די אַרבעט אין אַ הויז.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז די זאַך איז גאָרניט אַזוי איינפֿאַך. איך האָב שוין איצטער ניט געהאַט קיין פֿאַרבער־באַלעבאָס, דערפֿאַר אָבער האָב איך געהאַט איבער זיך אַ סך קליינע באַלעבאַטים. יעדער קונד איז דאָך אַ גאַנצער באַלעבאָס איבער דעם קליינעם אונטערנעמער. עס זיינען נאָך דערצו צוגעקו־מען נייע שוועריקייטן וועלכע איך האָב איינער אַליין ניט געקענט בייקומען. איך האָב געדאַרפֿט זיך אונטערנעמען צו פֿאַרריכטן אַלץ, וואָס דאָס הויז האָט געפֿאָ־דערט. אַחוץ פֿאַרבן און קלעפּן האָב איך אויך געמוזט פֿאַרריכטן די צעבראָכענע ווענט, אַריינשטעלן די שויבן, אָנשלאָגן די „מאָלדינג" און אַ סך אַנדערע אַרבעטן. אַזוי איז שוין געווען איינגעפֿירט אין שטאָט. די הויז־אייגנטימערס האָבן זיך ניט געוואָלט עסקן מיט עטלעכע קאָנטראַקטאָרס. די רעשט אַרבעטן זיינען אָבער גע־ווען פֿרעמד פֿאַר מיר און איך האָב אפֿילו ניט געוואוסט ווי מען טוט עס. איך פֿלעג דעריבער מוזן צייטנווייז דינגען אויך אַנדערע פֿאַך־אַרבעטער. באַצאָלן פֿלעג איך זיי דעם פֿולן פּרייז, וואָס איך פֿלעג אַליין נעמען דערפֿאַר. פֿאַר זיך פֿלעג איך נעמען בלויז פֿאַר מיין אייגענער אַרבעט. עס איז דעריבער אויסגעקומען אַז אָנשטאָט איך זאָל עקספּלואַטירן מיינע צופֿעליקע אַרויסהעלפֿערס, פֿלעגן זיי גאָר מיך עקספּלואַטירן: איך פֿלעג דאַרפֿן פֿאַרלירן צייט אָנצונעמען פֿאַר זיי די אַרבעט — אויך צוגרייטן די אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן. איך פֿלעג אויך דאַרפֿן איינמאָנען דאָס געלט פֿון די הויז־אייגנטימער. ווען געלט פֿלעגט פֿאַרלוירן גיין פֿלעגט עס דעמאָלט זיין בלויז מיין פֿאַרלוסט. מיינע אַרויסהעל־פֿערס פֿלעג איך ראַך באַצאָלן דעם פֿולן פּרייז איידער נאָך איך פֿלעג עס קריגן פֿון די הויז־אייגנטימערס.

## „אַפּיל טו ריזן"

עטלעכע פון אונדזערע חברים אין וואָטערבערי זיינען געווען פּאַראינטע־רעסירט אין דער אַגיטאַציע צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער. צוליב דעם פלעגן זיי פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין די אָרטיקע פאַבריקן און היי־זער. אין דזשיראַרד, קענזעס, האָט זיך דעמאָלט געדרוקט די „אַפּיל טו ריזן". אירע רעדאַקטאָרן זיינען געווען דעבס, ווייילאַנד און פאַיפער. דאָס איז געווען אַ וועכנטלעכע צייטונג, וואָס האָט וויניק געשריבן וועגן צייט־פראַגן. מיט די לוי־פנדיקע, אַלטעגלעכע פּאַסירונגען האָט זי זיך ניט אָפּגעגעבן. איר אויפגאַבע איז געווען צו פּראָפּאַגאַנדירן די רעוואָלוציאָנערע אידייען צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן. זי פלעגט אויסקלייבן איין וויכטיקע פראַגע און אויספלעכטן אַרום דעם אַ העפטיקן קאַמפּעין פון רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע. זי האָט, צום ביישפּיל, אָנגעפירט אַ קאַמפּעין קעגן דעם רעאַקציאָנערן ריכטער, קראָסקאָפּ, פון סופרים־קאָאורט. זי האָט קעגן אים אַרויסגעשטעלט שווערע באַשולדיקונגען און האָט געפאָדערט אַז דער קאָנגרעס זאָל אים שטעלן צום משפּט. דער ריכטער האָט ענדלעך געמוזט רעזיגנירן. אַ גרויסן קאַמפּעין האָט זי אָנגעפירט אַרום דעם פּראָצעס פון מייער, הייוואוד און פעטיבאָן און שפּעטער אויך אַרום דעם מעקנאַמאַראַ פּראָצעס אין לאָס־אַנדזשעלעס. פון צייט צו צייט פלעגט זי צוליב דעם דרוקן ספּעציעלע אויסגאַבעס אין אַ מיליאָן און מער עקזעמפּלאַרן. די חברים פלעגן עס דעמאָלט פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד.

דער „אַפּיל" האָט אָנגעפירט מיט אַ גאַנצער אַרמיי רעוואָלוציאָנערע אַגי־טאַטאָרן. זיי האָבן זיך טאַקע גערופן די „אַפּיל אַרמיי". אין פיל שטעט און שטעט־לעך האָט די צייטונג געהאַט אירע איבערגעגעבענע אָרטיקע טוערס. זיי פלעגן אויסשרייבן הונדערטער קאָפּיעס און פאַרטיילן זיי צו דער באַפעלקערונג. זיי פלעגן אויך שאַפן שטענדיקע אַבאָנאַמענטן פאַרן „אַפּיל". אונדזערע חברים האָבן געזען אין דעם „אַפּיל" אַ גוטע געצייג פאַר סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. מיר האָבן זיך דעריבער פאַרנומען אויסצונוצן אים ביי יעדע געלעגנהייט. מיר פלעגן אים טיילן אין די שעפּער און אין די פאַבריקן, אין די הייזער און אין די גאַסן. דאָס האָט געפאָדערט אַ סך צייט און אָנשטרענגונג. די אַרבעט איז אָבער געווען זייער פרוכטבאַר. דער דערפאָלג פון דער אַגיטאַציע האָט אונדז געוועקט צו ווייטערע און ברייטערע אַרבעטן. די דאָזיקע טעטיקייט האָבן מיר אָנגעפירט אין משך פון עטלעכע יאָר. די אָרגאַניזאַציע האָט אָבער אָפיציעל קיין אָנטייל אין דעם ניט גענומען.

מיר פלעגן אויסשרייבן עטלעכע הונדערט קאָפּיעס פונעם „אַפּיל" יעדע וואָך. שבת און זונטיק פלעגן מיר עס טיילן אין אַלע געגנטן פון שטאָט. יעדע פעני, וואָס איך האָב פאַרמאָגט פלעג איך פאַרנוצן אויף דער דאָזיקער אַרבעט. פון צייט צו צייט פלעגן מיר אויך קריגן ביישטייערונגען.

אונדזער „אַפּיל"־אַרבעט האָט אויך צוגעצויגן עטלעכע קריסטלעכע אַרבע־טער צו דער אַקטיווער טעטיקייט. איינער פון זיי איז געווען אַן אויפזעער אין

דער גרויסער זייגער־פאַבריק. ער איז געווען אַ יונגער בחור, טאָמאַס איז געווען זיין נאָמען, און אַ זייער ערנסטער מענטש. זיינע עלטערן האָבן געשטאַמט פון אַ גאָר אַלטער אַמעריקאַנער משפחה. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זיינע מיטאַרבעטער אין פאַבריק, און האָט אונדז אַ סך געהאָלפן אין דער אַרבעט. ער האָט זיך שנעל איינגעבירגערט אין אונדזער באַוועגונג און האָט אויף זיך גענומען געוויסע אויפגאַבעס. שפּעטער איז ער געווען דער רעדאַקטאָר און אַרויס־געבער פון אונדזער סאָציאַליסטישער צייטשריפט אין וואָטערבערי.

דער רעזשים אין דער זייגער־פאַבריק, וואו ער איז געווען אַן אויפזעער, איז דעמאָלט געווען אַ גאַנץ ליבעראַלער. אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן ניט אַטאַקירט די פאַרוואַלטונג, האָט זי אונדז ניט געשטערט. ווען מיר האָבן זיך אָבער פאַרנומען אויפצודעקן אירע שלעכטע טאַטן אין אונדזער צייטשריפט, איז שוין איר שטע־לונג געוואָרן פיינטלעך און קריגעריש. זי האָט אונדזער אַרבעט אינגאַנצן פאַר־באָטן אין זייער פאַבריק. אונדזער רעדאַקטאָר האָבן זיי אויסגעשלאָסן פון פאַבריק אין באָיקאָטירט. קיין אַנדער אַרבעט האָט ער שוין אין שטאָט ניט גע־קענט קריגן.

## אַ פּלאַן פון אַ קינאָגראַף

קיין גרויסע טאַלאַנטן האָבן מיר אין וואָטערבערי ניט געהאַט. עס איז אונדז צוליב דעם שווער געווען אָנצופירן אונדזער מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע. אונדזער קולטור טעטיקייט האָט אויך דערפון געליטן. מיר פלעגן באַנוצן הויפּט־זעכלעך אונדזערע אָרטיקע קרעפטן. פון צייט צו צייט פלעגן מיר „אויסבאָרגן" קולטורעלע קרעפטן פון די אַרומיקע שטעטלעך. פאַר גרעסערע אונטערנעמונ־גען פלעגן מיר זיך באַזאָרגן מיט באַוואוסטע לעקטאָרן. מיר האָבן געהאַט דער־פאָלגרייכע לעקציעס פון זאַמעטקין, זשיטלאָווסקי, ענטין, אַבראַמאָוויץ, גירע־וויץ, א. ש. זאַקס, וו. בערגער, מעיאָר זיידל און אַנדערע. מיר האָבן אויך געהאַט אויפטריטן פון ווינטשעווסקי, שלום עליכם, ראָזענפעלד, מנחם, רובין און אַנ־דערע. מיר האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט באַנוגענען דערמיט. מיר האָבן געוואָלט אויסברייטערן אונדזער טעטיקייט פאַר אַ מער פאַרצווייגטער פּראָפּאַגאַנדע. צו־ליב דעם האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַן אייגנאַרטיקן פּלאַן פאַר יענער צייט. מיר האָבן געוואָלט פאַרבינדן אונדזער קולטור אַרבעט מיט דעם ערשט אויפגעקומע־נעם קינאָגראַף. מיר האָבן געוואָלט פאַרשטאַרקן אונדזער פּראָפּאַגאַנדע מיטן לעבעדיקן לייוונט. דאָס וואָלט צוגעצויגן אַ גרעסערע צאָל באַזוכערס. דאָס וואָלט זיי אויך צוגעהאָלפן בעסער צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון אונדזער פּראָ־פּאַגאַנדע.

אונדזער פּלאַן איז געווען: איינצוקויפן פּאַרטיקע ליכט־בילדער פון היסטאָ־רישע און סאָציאַלע פּאַסירונגען. ווייזן זיי אויפן לייוונט און דערביי אויסטייטשן זייער באַדייטונג פון אונדזער אייגענעם שטאַנדפּונקט. מען וואָלט אויך געקענט ציגעבן אַ געשריבענע אויסטייטשונג צו פאַרגרינגערן דעם פאַרלייענער. דאָס זעלבע וואָלטן מיר אויך געקענט טאָן מיט בילדער פון באַריכטע פירערס, פאַר־

שערס און קעמפערס. פון אַ גרעסערער זאַמלונג פון ליכט־בילדער וואָלטן מיר געקענט צוקלייבן פּאַסנדיקע אילוסטראַציעס פאַר יעדער טעמע.

מיר האָבן אויך געטראַכט וועגן אַרומפאָרן מיט אונדזער אַפּאַראַט איבער די אַרומיקע שטעטלעך. מיר וואָלט עס געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ פאָרום אויף רעדלעך. מיט קיין גרויסע אויסגאַבן וואָלט עס ניט געווען פאַרבינדן. קיין ריזי־קע וואָלט דערביי אויך ניט געווען. דער פּלאַן האָט דעריבער אויסגעזען צו זיין גאַנץ דורכפירבאַר. מיט אונדזער באַדינען די אַרומיקע שטעטלעך וואָלט זיך די זאַך גוט באַצאָלט. צוליב דעם בין איך דעמאָלט געפאָרן קיין ניו־יאָרק נאָך אינפאָרמאַציע. איך האָב געדאַרפט אויסגעפינען גענוי די פּרייזן פון אַזאַ אַפּאַראַט און דעם כאַראַקטער פון די פּאַרטיקע בילדער.

איך האָבן צוריקגעבראַכט אַ גאַנץ גוטן באַריכט. מיר זיינען שוין געווען גרייט איינצוקויפן דעם אַפּאַראַט און די ליכט־בילדער. מיר האָבן אָבער געוואָלט פריער הערן די מיינונג פון דעם סעקרעטאַר פון ברענט 26 פון אַרבעטער־רינג. ער האָט געהאַט אַ קינאָגראַף טעאַטער אין וואָטערבערי. ער איז דעריבער געווען ביי אונדז אַן אויטאָריטעט אין אַזעלכע פראַגן. ער האָט אונדז אָבער אַנטמוטיקט. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז צו באַנוצן אַ קינאָגראַף מוז מען האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. דער פייער־דעפּאַרטמענט וועט עס אונדז אין ערגעץ ניט געבן. מען מוז אויך באַשעפטיקן אַ פּאַטענטירטן אָפּערעיטאָר. אונדזער פּלאַן איז דע־ריבער ניט דורכפירבאַר.

מיר האָבן אין אָנהייב געצווייפלט אין זיין אינפאָרמאַציע. מיר האָבן פאַר־דעכטיקט אַז מיט זייע עצות איז ער אויסן אויסצוהיטן זיך פון אַ מעגלעכן קאָנ־קורענט מצד דער באַוועגונג. מיר האָבן אויך ניט געוואַגט אונטערצונעמען אַזאַ נייעם פּלאַן ביי אַזאַ צווייפל. פאַר אַ צייט האָבן מיר זיך געקווינקלט און ניט גע־קענט זיך אַנטשליסן וואָס צו טאָן. מיר האָבן אָבער ענדלעך אויסגעפונען אַז זיינע אינפאָרמאַציעס זיינען ריכטיקע. מיר האָבן דעריבער געמוזט אויפגעבן אונד־זערע שיינע פּלענער.

## דאָס בריוול

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פלעגט אויך ליידן פון אומגעווינטשטע עלעמענטן. אין וואָטערבערי האָט די צרה אויך ניט געפעלט. עס האָט זיך דאָרטן געפונען אַ געזינדל, וואָס האָט געשעדיקט מיט איר אויפפירונג די אָרטיקע אַר־בעטער־באַוועגונג. קיינער פון זיי האָט ניט געאַרבעט. זיי האָבן דעריבער געהאַט גענוג צייט פאַר זייערע שמד־שטיק. אין שטאָט האָבן זיי געהאַט אַ שלעכטן נאָ־מען. זיי האָבן זיך דעריבער געזוכט צו באַשיצן דורך דעם גוטן נאָמען פון דער באַוועגונג. זייערע פיר־פינף מענטשן האָבן באַלאַנגט צו אַלע אָרגאַניזאַציעס. אַלס אַרבעטסלאָזע האָבן זיי דאָך קיין דיוס־שטייער ניט געדאַרפט צאָלן. אומע־טום האָבן זיי זיך געשטופּט אין פראָנט. זיי האָבן געזוכט צו באַהערשן די אָרגאַ־ניזאַציעס פון אינעווייניק און צו פאַרטרעטן זיי פאַר דער עפנטלעכקייט. דערמיט

האָבן זיי אָבער געוואָרפן אַ שלעכטן אָפּשיין אויף דער גאַנצער באַוועגונג. דאָס האָט אויך שלעכט געווירקט אויף אונדזערע אָנהענגערס און סימפּאַטיקערס.

זייער צוועק איז געווען צו קאָנטראָלירן די אָרגאַניזאַציעס. צוליב דעם האָבן זיי זיך פאַרנומען אונטערצוגראָבן דעם איינפלוס פון די ערנסטע טוערס און באַאַמטע. זיי האָבן סאַבאָטאַזשירט זייער אַרבעט און געשטערט די פאַרהאַנדלונגען ביי די פאַרזאַמלונגען. די ערנסטע מיטגלידער האָבן קיין צייט ניט געהאַט פאַר ביליקע אינטריגעס. זיי זיינען דאָך שטענדיק געווען פאַרנומען מיט טאָג־טעגלעכע אַרבעטן. דאָס געזינדל האָט אָבער געהאַט גענוג צייט דערפאַר. זייער הויז איז געווען אַ מין קאָקוס־הויז פאַר זייערע פאַרשווערונגען. עטלעכע אַנדערע מיטגלידער האָבן אויך געוואוינט אין זייער הויז, — זיינען זיי אומגערן געוואָרן אַ געצייג אין די הענט פון דאָס געזינדל.

מיר האָבן שוין צו יענער צייט געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו זען די גוטע פרוכט פון אונדזער אַרבעט. אונדזער איבערגעגעבנהייט האָט פאַר אונדז געוואונען דעם צוטרוי און אָנערקענונג פון דער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער דערפאָלג האָט אויך מיטגעבראַכט אָנערקענונג פאַר די חברים וועלכע האָבן עס געשאַפן דורך זייער טעטיקייט. דאָס געזינדל האָט אָבער אין דעם געזען אַ שטערונג פאַר זייערע אַמביציעס און אייגענע פּלענער. דער בופעט פון קלוב מיט וועלכן זיי האָבן פאַרוואַלטעט, איז שטאַרק אַראָפּגעזונקען געוואָרן. די רעכענונגען פון אַן אונטערזוכונגס־קאָמיטע האָט באַוויזן אַז ביז צו אַ באַשטימטער צייט זיינען די איינגאַמען און די פאַרדינסטן פון בופעט רעגלמעסיק געשטיגן. נאָכדעם האָבן זיי אָבער גענומען שטענדיק אַראָפּזינקען. אין שטאָט האָט מען וועגן דעם אַ סך גערעדט און געפרעגט. מענטשן האָבן זיך צוליב דעם צוריקגעהאַלטן פון קויפן אין בופעט. זיי האָבן געזאָגט: „מיר גלייבן ניט אַז דאָס געלט פונעם בופעט זיינען אין זיכערע הענט. פאַר גאַז און עלעקטריע, פאַר רענט און פאַר אַרבעט דאַרף דאָך דער בופעט ניט צאָלן — היינט פאַרוואָס האָט עס אַ שטענדיקן דעפיציט?” דאָס האָט געשעדיקט ניט בלויז דעם בופעט. עס האָט שטאַרק אונטערגעגראָבן דעם צוטרוי צו אונדזער באַוועגונג.

דער צילברעט פון זייערע אינטריגעס איז געווען דער ברענטש 137, אַרבעטער־רינג. דאָרטן זיינען עס געווען די מער טעטיקע און איינפלוסרייכע חברים. די אָנערקענונג וואָס זיי האָבן געקראָגן האָט אָבער געשטערט די פּלענער פון דאָס געזינדל. זיי פלעגן דעריבער אָנפירן שטערונגען ביי די פאַרזאַמלונגען. דאָס האָט געפירט צו שטענדיקע קלאַגן און אונטערזוכונגען. דעם גרעסטן חורבן האָבן זיי אָנגעמאַכט אין דעם ברענטש פון „בונד”. מיט זייערע שטענדיקע סקאַנדאַלן האָבן זיי פאַרטריבן די מיטגלידער. די חברים פלעגן רעזיגנירן אָדער אויסמיידן די פאַרזאַמלונגען. דער וואָטערבערער ברענטש איז דורך דעם צעשטערט געוואָרן. דער ברענטש 26, אַרבעטער־רינג האָט אין 1909 געשיקט אַן אולטימאַטום צו דער קלוב־פאַרוואַלטונג. זיי האָבן געפאָדערט אויסצושליסן דעם

בופעטשיק צוליב די קלאַנגען אין שטאָט און זיין וואַרפן זיך שלאָגן ביי די פּאַר־זאַמלונגען און אין קלוב.

די לאַגע איז געוואָרן אַ גאַנץ ערנסטע. מען האָט געדאַרפט וואָרענען די מיטגלידער צו וואָס אַזאַ שטימונג אין שטאָט קען ברענגען. ביי די אָפענע גע־שעפטס־פאַרזאַמלונגען האָט מען וועגן דעם ניט געקענט ריידן. די קליקע פלעגט צו דעם ניט דערלאָזן מיט זייערע שטערונגען און קריגערייען. מיר האָבן דעריבער געמוזט זוכן צו באַשיצן דעם גוטן נאָמען פון אונדזער אינסטיטוציע.

אין יולי 1910, האָב איך דעריבער געשיקט אַ העקטאָגראַפירטן בריוו צו אַלע מיטגלידער פון ברענטש 137, אַרבעטער־רינג וואו איך בין געווען דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר. עס איז געווען אַ פּריוואַטער בריוו אין מיין אייגענעם נאָמען וועגן דער אויפפירונג פון די שטערער. איך האָב אָבער געוואָרנט ניט צו ריידן וועגן דעם אינהאַלט מיט קיין ניט־מיטגלידער. דער בריוו איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן. דער ערשטער טייל איז געווען אונטערגעשריבן מיט מיין נאָמען. נאָך דעם איז געווען אַ נאָכבאַמערקונג. דאָרטן זיינען געווען פאַרצייכנט אַ גאנצע ריי פאַקטן און פאַסירונגען, וואָס האָבן באַשטעטיקט מיינע פאַרוואורפן קעגן זיי. דעם נאָמען פון דעם באַשולדיקטן האָב איך ניט דערמאָנט. איך האָב געוואָלט אַז מען זאָל אים דערקענען דורך די פאַקטן זעלבסט וועלכע די מיטגלידער האָבן אַליין געזען און געהערט. מיין אייגענער נאָמען איז אָבער דאָרטן צוויי מאָל דער־מאָנט געוואָרן. קיין אונטערשריפט פאַר דער נאָכבאַמערקונג איז ניט נייטיק געווען.

דער בריוו האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג, עס האָט אַרויסגערופן אַ טומל. שולדיק אין דעם איז געווען דאָס געזינדל אַליין. זיי האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און געוואָלט פאַרקלאָגן מיך אין געריכט. זייער לאָיער האָט אָבער ניט געקענט געפינען קיין שום גרונט דערפאַר. זיי האָבן דעריבער פאַרקירעוועט די פּראַגע צו דעם ברענטש פון אַרבעטער־רינג. דאָרטן דאַרפן זיי דאָך ניט האָבן קיין גע־זעצלעכן גרונט. איך האָב זיך אָבער ניט געלאָזן פּראָוואָצירן. מיט זייער גיין צו אַ לאָיער האָבן זיי אַליין די זאַך אַרויסגעטראָגן אויסער די ראַמען פון דער באַ־וועגונג. זיי האָבן עס פאַרוואַנדלט אין אַ פערזענלעכער אָנגעלעגענהייט. דאָס באַהאַנדלען ביים ברענטש איז בלויז נייטיק געווען צו קריגן מאַטעריאַל פאַר זייער לאָיער. מיר טאָרן אָבער ניט דערלאָזן, האָב איך באַהויפּטעט, אַז אַ קאַפּיטאַליס־טיש געריכט זאָל אַנטשיידן אינערלעכע פּראַגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אויסער דעם האָב איך ניט געוואָלט פאַרשאַרפן דעם ברודער־קאַמף אין ברענטש. איך האָב געטענהט, אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו פאַרהאַנדלען. איך האָב דאָך בלויז אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג אין אַ פּריוואַטן בריוו. זייער נאָמען האָב איך דאָך אפילו ניט דערמאָנט.

דאָס געזינדל האָט געשטעמפּלט דעם בריוו אַלס אַ פּאַסקוויל, גראָד דער־פאַר, וואָס זייער נאָמען איז דאָרטן ניט דערמאָנט געוואָרן. די דאָזיקע צונעמע־ניש האָט אָבער אָפּגעשראָקן אייניקע פון אונדזערע חברים. עס האָט זיי אַוועק־

געשטעלט אין אַ שווערער לאַגע. דאָס געוויסן האָט זיי ניט דערלויבט צו העלפן דער קליקע, זייער אייגנליבע האָט זיי אָבער ניט דערלאָזט צו פאַרקריגן זיך מיט איר. זיי זיינען דעריבער אָפּגעקומען מיט דעם תירוץ, אַז דאָס איז אַ פּאַסקוויל און זיי ווילן עס ניט לייענען. דער קאַמף איז אַזוי אָנגעגאַנגען עטלעכע חדשים. איך אַליין האָב דערפון שטאַרק געליטן. דער סוף איז אָבער געווען, אַז דאָס גאַנצע געזינדל האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. זייערע אַלע מאַכינאַציעס האָבן זיי ניט געקענט העלפן.

עס איז שוין איצט איבער 40 יאָר זינט איך האָב געשריבן יענעם בריוו. די לייט פון דאָס געזינדל זיינען שוין איצט אינגאַנצן פאַרגעסן. פאַר מיר האָט עס איצט געוויס קיין אינטערעס ניט. איך גלייב אָבער איצט, מער ווי דעמאָלט, אין דער ריכטיקייט פון מיין האַנדלונג. עס איז געווען אַ דורכאויס בייטיקער שריט. דאָס האָט אויסגעהיט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון וואָטערבערי פון אַ כסדר וואַקסנדיקער געפאַר.

## די לייענקרייזן

מיין דערפאַרונג אין אונדזער וויטעבסקער לייענקרייז האָט מיך באַוואויגן נאָכצוטאָן עס אין וואָטערבערי. צו דעם צוועק האָב איך אין 1908, אָרגאַניזירט אַ צוגאָב שול פאַר קינדער. עס איז געווען מיינע אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אויף אַ גאַנץ קליינעם פאַרנעם. די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע האָט דערפון ווייניק געהאַלטן. די שול איז באַשטאַנען פון אַ צען קינדער אין עלטער פון 9 ביז 12 יאָר. מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען צוויי מאָל אַ וואָך צו דריי־פיר שעה. באַלד דערנאָך האָב איך אָרגאַניזירט אַ לייענקרייז פון אַן ענלעכער צאָל יונגעלייט. פון ביידע אונטערנעמונגען האָב איך אַ סך דערוואַרט און האָב אויף זיי אַוועקגעגעבן פיל צייט און אַרבעט.

די שול און דער לייענקרייז זיינען געפירט געוואָרן אין דער יידישער שפּראַך. קיין ענגליש האָב איך דאָך אַליין ניט געקענט. די הויפּט געוויכט איז אָבער געווען אויף סאָציאַליזם און ניט אויף יידישיזם. איך האָב דעמאָלט געגלייבט, אַז די יוגנט דאַרף ווערן צוגעגרייט פאַרן קלאַסנקאַמף. זיי וועלן דאָך אים ניט קענען אויסמיידן אין לעבן, — דאַרף מען זיי דעריבער באַזאָרגן באַצייטנס מיט דעם נויטיקן וויסן אין וואָפן פאַר זייער דערפאָלג. צו דער זעלבער צייט האָב איך געזוכט אויסצומיידן פאַרטייאישקייט. איך האָב געגלייבט, אַז יעדערער דאַרף זוכן זיין וועג לויט זיין אייגענעם כאַראַקטער און נויגונגען. יעדע דרויסנדיקע אַריינמישונג שטערט דעם דאָזיקן נאַטירלעכן פּראָצעס און מוז דעריבער אויסגעמיטן ווערן.

אין 1908 האָבן מיר נאָך אין וואָטערבערי ניט געוואוסט פון קיין יידיש־סאָציאַליסטישע קינדער־שולן. די גאַנצע אידייע איז פאַר די חברים דעמאָלט געווען דערווידער. קינדער — האָבן זיי געטענהט — טאָר מען ניט באַלעסטיקן מיט קיין געזעלשאַפטלעכע פראַגן. זיי וועלן צייט האָבן אויף דעם ווען זיי וועלן על־

טער ווערן. זאָלן זיי זיך דערווייל שפּילן און פרייען זיך. איך אַליין האָב אָבער אויך ניט געוואוסט, וואָס איך וויל. איך האָב ניט געהאַט קיין גענויע פּראָגראַם און קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וואו און וואָס צו לערנען. עס האָבן זיך ביי מיר גע־פלאָנטערט די אידייען פון דער פאַרגאַנגענהייט מיט די נויטן פון היינט. מיינע דעראינערונגען פון דער פאַרשקלאַפטער רוסלאַנד האָבן זיך געראַנגלט מיט דער ווירקלעכקייט פון דער פרייער אַמעריקע. איך האָב דעריבער געבלאָנדזשעט און געקוויינקלט זיך. איך האָב אויך ניט געהאַט די נויטיקע לערן־ביכער. די יידישע ליטעראַטור האָט אַזעלכעס נאָך ניט פאַרמאָגט. — האָב איך געטאַפּט אין דער פינצטער און געמוזט שעפּן מיין חכמה פון מיין אייגענער אומוויסנקייט.

מיינע שילער האָבן אָבער גראָד יאָ געוואוסט וואָס זיי ווילן. זיי האָבן גאַנץ פריצייטיק אָנגעהויבן צו מישן זיך אין קליין־פּאָליטיק. דאָס איז געווען ווען די באַוועגונג אין וואָטערבערי איז שוין געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. די קריגערייען פון די דערוואַקסענע האָבן שטאַרק פאַראינטערעסירט די יונגע. זיי האָבן שוין אַריינ־געפירט זייער פּאָליטיק אין דער שול זעלבסט. איך האָב זיך דעריבער איבער־צייגט אַז מיין פּאָליטישע פאָרזיכטיקייט פירט צו גאָרנישט. די דרויסנדיקע אַט־מאָספערע איז מער ווירקזאַם איידער מיינע באַמיאונגען צו זיין אומפּאַרטייאיש. אין 1910 בין איך שוין אויך געווען פאַרמישט אין די קריגערייען און געמוזט אויפגעבן די גאַנצע זאַך.

## דער דראַמאַטישער קלוב

צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים האָב איך זיך אויך באַטייליקט אין אַ פּראָ־גרעסיוון דראַמאַטישן קלוב. דאָס איז געווען אין 1908. מיר האָבן צוליב דעם אָפּגעקליבן דעם מער פאַסנדיקן מענטשן־מאַטעריאַל צווישן דער יידישער יוגנט אין וואָטערבערי. די אויפגאַבן פון דעם קלוב האָבן געדאַרפט זיין: אויפצו־וועקן דעם אינטערעס אין דער שיינער ליטעראַטור און צו אַנטוויקלען דעם גע־שמאַק פאַרן געדרוקטן וואָרט; אויסגעפינען צו וואָס יעדער איינער איז מער פייאיק און צו געבן אים די נויטיקע הילף פאַר זיין אַנטוויקלונג. פּאַרטיפן זייער קענטעניש פאָרצולייענען, דעקלאַמירן, זינגען און פאָרשטעלן; איינצואָרדנען ליטעראַרישע אָוונטן און היימישע קאָנצערטן צוליב דעם פּראָפיט פון דער ביב־ליאָטעק.

פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג האָבן מיר אָבער אויך קיין גרויס נחת ניט געהאַט. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען צו קליין אַרויסצוגעבן גענוג באַגאַבטע יונגעלייט פאַר אַזאַ קלוב. עס איז דעריבער ניט געווען פונוואַנען צו שעפּן די „טאַלאַנטן״, וואָס זאָלן קענען פאַרנעמען זיך דערמיט. פונדעסטוועגן האָבן מיר פיל־ווייניק אויפגעטאָן אויך אויף דעם געביט. אונדזערע דראַמאַטי־קער האָבן דורכגעפירט עטלעכע אָוונטן און היימישע קאָנצערטן מיט אַ גאַנץ נישקשהדיקן דערפאָלג. זיי האָבן זיך אויך פאַרמאָסטן דורכצופירן אַ קליינעם

איינאַקטער. דאָס איז אָבער געווען אַ דורכפאַל און אַ געלט פאַרלוסט. צוליב דעם האָט דער קלוב אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיינע מיטגלידער. די שטימונג אין דער באַוועגונג איז שוין דעמאָלט, אין 1912, אויך געווען אַ שלעכטע. אינגיכן איז דער קלוב צעפאַלן געוואָרן.

## צוריק אין ניו־יאָרק

די סעזאָן־טעטיקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פלעגט זיך אָנהייבן אַרום סעפּטעמבער. די ברענטשעס און פאַראיינען פלעגן זיך דעמאָלט רעאָרגאַניזירן אויפן ווינטער. מען פלעגט איינשטעלן נייע קאָמיטעטן און אויסאַרבעטן פּלענער פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. די קאַמפּעינס פאַר שטאַט־און־שטאַט־וואַלן פלעגן זיך אויך אָנהייבן אַרום דער צייט. דער סעזאָן פון אַרבעט ביי די פּאַפּיר־קלעפּערס פלעגט זיך אָבער אויך צעוואַקסן אַרום סעפּטעמבער. מען פלעגט דעמאָלט פאַרבן און אויסקלעפּן די וואוינונגען און אַריבערקלייבן זיך אין נייע דירהס.

עס פלעגט מיר דעריבער אויסקומען צו זיין געשטערט פון ביידע זייטן. גראָד ווען עס פלעגט זיך פאָדערן אַ סך אַרבעט אין דער באַוועגונג, פלעג איך גאָר זיין פאַרנומען מיט פּאַפּיר־קלעפּעריי. דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. מיט דער צייט איז עס פאַר מיר געוואָרן פּשוט אומדערטרעגלעך. אויסער דעם איז מיר אויך דערעסן געוואָרן דאָס אַרומשלעפּן זיך מיט די געצייג און מאַטעריאַלן. אין וואָטערבערי איז עס געווען נאָך ערגער איידער אין ניו־יאָרק. די אויטאָבאָס־קאָנדוקטאָרס פלעגן מיך ניט וועלן אַרויפלאָזן מיט מיינע זאַכן. אין אַ קליין שטעטל גייען די אָמניבוסן גאַנץ זעלטן. דער פּאַרקער איז דאָרטן אַ לאַנגזאַמער, אַזוי ווי דאָס לעבן אין אַלגעמיין. איך פלעג ביי דעם פאַרלירן אַ סך צייט און געדולד. ביז וואַנען איך פלעג קומען צו דער אַרבעט, פלעגט שוין זיין אַרום מיטאָג־צייט. פלעג איך דעריבער מוזן אַרבעטן ביז שפּעט אין אָוונט. צוליב דעם פלעג איך אָפּט ניט קענען בייוואוינען אייניקע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען.

איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו זוכן אַ באַשעפטיקונג וואו איך זאָל קענען האָבן פריי מיינע אָוונטן. אין וואָטערבערי האָב איך עס אָבער ניט געקענט דערגרייכן, דאָס האָט מיך באַוואויגן צו פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק. דאָרטן וועל איך זיך אויסזוכן אַ באַשעפטיקונג, האָב איך געדענקט, וואו די אַרבעטס־צייט זאָל זיין אַ קלענערע. איך האָב געטראַכט צו קויפן אַ קליין קרעמל צוזאַמען מיט אַ שותף. באַנאַנד וועלן מיר זיך קענען איינטיילן די צייט גאַנץ גרינג. מיר וועלן דעריבער האָבן גענוג פרייע צייט פאַר אונדז ביידן.

איך בין צוריקגעקומען אין ניו־יאָרק סוף 1914. עס האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צו מיר פאַרשיידענע מעקלערס און פאַרזאָרגערס. זיי האָבן זיך אַלע פאַר־

בענקט נאָך מיינע פּאַר גראָשן. זיי האָבן גערעכנט, אַז אַרום אַ קליינשטעטלדיקן יאָלד איז גרינג צו מאַכן אַ לייכטן דאָלאַר. אַגענטן פון אַלע זייטן האָבן מיר אָנ־געבאָטן זייער דינסט. יעדערער האָט געהאַט גרייט פאַר מיר ..די ריכטיקע זאַך". זיי זיינען נאַטירלעך אויסן געווען בלויז מיין טובה און פאַרשפּאָרן מיר די טירחה צו פאַרטאַכלעווען מיינע עטלעכע דאָלאַר איינער אַליין. זיי האָבן מיך געוואָרנט צו האַנדלען שנעל, וואָרום אַנדערע, — האָבן זיי געזאָגט — קוקן אויס אויף דעם זעלבן גליק און יענע קענען עס אויסכאַפּן.

מיינער אַ לאַנדסמאַן האָט מיך געוואָלט נעמען פאַר אַ שותף. זיין הינער־גע־שעפט גייט אָן זייער גוט, זאָגט ער מיר. ער וויל עס אָבער פאַרגרעסערן. ער וויל עס פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסאַרטיקן הינער־מאַרק. עס פעלן אים אָבער אויס אַ זיבן־אַכט הונדערט דאָלאַר. ווען איך זאָל עס אים געבן וועט ער מיך צונעמען פאַר אַ שותף. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך לאָזן צורו, און זאָל בעסער פליקן זיינע אייגענע הינער.

איינער פון מיינע קרובים האָט מיך געפירט אָנקוקן אַ טענעמענט־הויז, איך זאָל עס איבערנעמען אין „סאַב־ליס". דאָס הויז איז געווען אַלט און אָפּגעלאָזן. די צימערן זיינען לאַנגע יאָרן ניט געפּאַרבט געוואָרן. עס וואָלט מיך געקאָסט שווער געלט צו ברענגען די חורבה אין אָרדנונג. די איינוואוינערס זיינען געווען אָרעמע מענטשן. קיין רייכע וואָלטן דאָך אין אַזאַ חורבה ניט געוואוינט. זיי האָבן אפילו ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן זייער דירה געלט. מיין דערפאַרונג אין דער בוי־אינדוסטריע האָט עס מיר אַלץ קלאָר באַוויזן. איך האָב זיך דעריבער אויך פון דעם גליק אָפּגעזאָגט. מיין קרוב איז נאָך געווען ברוגז, וואָס איך האָב אים ניט געגעבן קיין מעקלער־געלט.

דער סעקרעטאַר פון מיין סאָציאַליסטישן ברענטש האָט מיר דעמאָלט פאַר־געלייגט צו גיין מיט אים אין שותפות. ער האָט, זאָגט ער, אַ דעסק אין אַ גרויסן אָפיס און איז נאָך דערצו אַ נאָטאַריוס. ער נעמט אָן הייזער צום אויפמאָנען דאָס דירה־געלט. ער וועט פאַר מיר צוגרייטן די אַלע רעכענונגען און וועט אַליין פאַרהאַנדלען און אויסרעכענען זיך מיט די אייגנטימערס. איך וועל דאַרפן בלויז אויפמאָנען דירה־געלט פון די שכנים. פון דעם אויפגעמאָנטן געלט וועל איך קריגן אַ געוויסן פּראָצענט. מען דאַרף אָבער האָבן געלט אויף אַנאָנסן אין די צייטונגען און אויף אויסצוברייטערן דאָס געשעפט. פאַר מיין טייל דאַרף איך אים צוטראָגן בלויז פינף הונדערט דאָלאַר. דערמיט וועל איך ווערן אַ שותף צו אַ פּאַרטיקן געשעפט. ער האָט מיך עטלעכע טעג אַרומגעפירט איבער „זיינע" הייזער. זיינע פלענער זיינען מיר אָבער געווען פאַרדעכטיקט. זיי האָבן געשמעקט מיט אַ שווינדל. אויפמאָנען געלט ביי אָרעמע מענטשן איז נאָך דערצו געווען ניט פאַר מיר געדאַכט. איך האָב זיך דעריבער ניט געלאָזט פאַרפירן.

פון אַזעלכע אויפגעבלאָזענע „גליקן" האָב איך זיך אָבער פאָרט ניט אויס־געהיט. איך האָב געזוכט אַ קענדי־סטאָר און האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ לייכ־טע און ריינע באַשעפטיקונג. צוזאַמען מיט מיין שותף ווען מיר קענען איינ־

טיילן די אַרבעטס־צייט צו האָבן פרייע צייט פאַר אונדזביידן. אויסגעלאָזן האָט זיך אָבער גאַנץ אַנדערש.

איך האָב געוואוסט, אַז אַ דורכשניטלעכער אַגענט וועט מיך געוויס באַשווינדלען. האָב איך זיך באַוואָרנט מיט אַ רעקאָמענדאַציע צו אַ זייער ערלעכן אַגענט. ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אַנאַרכיסט. זיין נאָמען פלעגט פיגורירן צווישן די בייטרעגערס פאַר דער באַוועגונג. איך האָב זיך דעריבער אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף זיין ערלעכקייט און האָב דאָס אויך אים געזאָגט. ער האָט אָבער מיסברויכט מיין צוטרויען. ער האָט אונדז אַריינגענאַרט אין אַ גראָשנדיק קרעמל אין ברוקלין. דער איינקונפט וואָס ער האָט אָנגעגעבן איז געווען אַן אויפגעבלאָזענער און ער האָט נאָך דערצו געהאַלטן אין איין זינקען. אַ נייע סאָבוועי־סטאַנציע האָט זיך אינגיכן גערעפנט עפּעס אויף דער דערבייאיקער גאַס. דאָס וואָלט נאָך מער אָפּגעצויגן די לייזונג אין אונדזער קרעמל. דאָס איז טאַקע געווען די אורזאַך פאַרוואָס מען האָט דאָס קרעמל פאַרקויפט. אויסער דעם האָט דער איינגנטימער פאַרקויפט אין געהיים אַ טייל פון זיינע בעסטע קונדן צו זיינעם אַ שוואָגער. יענער האָט געהאַט אַ גרויסע סטעיש אָנערי אין אַ דערבייאיקער גאַס. מיט דעם האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ ניט אויסגעשעפּט אונדזערע צרות און שוועריקייטן.

דאָס קליינע קרעמל האָט געפאָדערט שווערע אַרבעט. איידער מיר האָבן עס געקויפט האָט אַ גאַנצע הויזגעזינד דערביי געאַרבעט גאַנצע זיבן טעג אין וואָך ביז שפּעט ביינאַכט. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען דער ווייט־צעוואָרפענער צייטונגס־„ראַאוט". מען האָט געדאַרפט לויפן גאַנצע מיילן צו ברענגען די צייטונג צו אייניקע קונדן. ער האָט אָנגענומען אַזעלכע קונדן בלויז צו קענען אָנווייזן אַ גרעסערן איינקונפטביים פאַרקויפן דאָס קרעמל. פון גאַנץ פרי אָן האָבן צוויי מענטשן געדאַרפט אַרומלויפן איבער די גאַסן צו פאַרטיילן די צייטונגען. אַ דריטער האָט געדאַרפט זיין אין קראָם צו באַדינען די גראָשנדיקע קונדן. די צייטונגען פלעגן אָנקומען זייער שפּעט. די אומצופרידנקייט פון די קונדן פלעגט דעריבער זיין גרויס.

דער צייטונגס־קאָמפּאַני האָט מען געדאַרפט באַצאָלן שווערע דאָלאַרן און אין פאָראויס. מיר פלעגן אָבער צעטיילן די צייטונגען אויף באָרג און פאַר בלויז דער זעלבער פּעני, וואָס זיי קויפן די צייטונג אין גאַס. מיר האָבן געדאַרפט באַדינען אַ הונדערט קונדן פאַר איין דאָלאַר לייזונג. דערנאָך פלעגט מען די גאַנצע וואָך אויפמאָנען ביי יעדערן די עטלעכע סענט פאַר דער וואָד. אַ טייל געלט פלעגט אויך פאַרלוירן גיין. ביים אויסערלעכן סטענד פון קראָם פלעגן די קוינערס איבערלאָזן די פּעניס אויף די צייטונגען. אַנדערע פלעגן דאָס אויך „פאַרגעסן". די קינדער פלעגן קומען אַריינצוקוקן כלומרשט אין די ספּאָרט־נייעס. זיי פלעגן אָבער צונעמען די פּעניס. פון די ניט־פאַרקויפטע צייטונגען פלעגט די קאָמפּאַני צוריקנעמען בלויז אַ קליינעם טייל. דאָס איבעריקע איז געווען ריינער אָנווער.

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען אין אַ שלעכטן וועטער. אין רעגן, שניי און

שטורעם פלעגן מענטשן מערסטנס זיצן אין דער היים. אונדזער טעלעפאָן פלעגט דעמאָלט אַרבעטן אומאויפהערלעך. איינער האָט געפאָדערט אַ צייטונג, אַ צווייטער האָט געוואָלט פּאַפּיראָסן. אַלע האָבן געפאָדערט שנעלע באַדינונג. אָפּזאָגן וואָלט מעגלעך געמיינט צו פאַרלירן אַ קונה. יעדע פּעני וויניקער לייזונג פאַרקלענערט דעם ווערט פון דער קראָם ביים פאַרקויפן אויף גאַנצע דאָלאַרס. מיר האָבן דעריבער געמוזט נאָכגעבן אַלע קאַפּריזן. אָט־דאָס זיינען געווען די גליקן פון אונדזער קראָם.

## מיין שותף

מיין שותף איז געווען אַ גאַנץ אָרנטלעכער און גוטהאַרציקער בחור. וואָלקאָוויץ האָט מען אים גערופן. ער איז אָבער געווען אַ לייכטזיניקער און זאָרגלאָזער מענטש. ער האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אין דער זייגער־פאַבריק פון וואָטערבערי האָט ער געהאַט אַ גרינגן לעבן. ער האָט געאַרבעט קורצע שעהן און געקראָגן גוטע שכירות. ער האָט געהאַט צייט און מעגלעכקייטן פאַר רו, פאַרווייַלונגען און פאַרגעניגן. ער האָט שוין פאַרמאָגט עטלעכע דאָלאַר. דאָס האָט אים געררייצט אַרויסצורייסן זיך דערמיט פון דער פאַבריק און פון קליינעם שטעטל. ער האָט געבענקט נאָך דער גרויסער שטאָט מיט איר טומל און קאָכעניש. דעריבער האָט ער גערן געוואָלט ווערן מיין שותף. איך האָב דאָך געהאַט אַ גוטן נאָמען אין וואָטערבערי און ער האָט מיך געקענט גאַנץ נאָענט.

ביים זוכן אַ קראָם האָט ער זיך איינגאַנצן פאַרלאָזט אויף מיר. ער איז געווען זיכער, אַז וואָס עס וועט זיין גוט פאַר מיר, וועט שוין אויך זיין גוט פאַר אים. דעריבער איז ער אויף דערווייל פאַרבליבן אַרבעטן אין דער זייגער־פאַבריק. איך אַליין האָב עס געזוכט די גליקן פאַר אונדז ביידן. זיין אַרבעט האָט ער אויפגעגעבן ווען איך האָב שוין געפונען אונדזער באַשערט קרעמל. ער איז דעמאָלט געקומען אונטערצושרייבן די וועקסלען פאַר אונדזער מאָרטגעידזש.

עס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן, אַז פאַרן קרעמל איז ער ניט די פּאַסנדיקע פערזאָן. אונדזער צרה האָט געפאָדערט פּינקטלעכקייט און שטענדיקע אַרבעט. יעדער קונה איז דאָ געווען אַ גאַנצער באַלעבאָס איבער אונדז. יעדערן האָט מען געדאַרפט באַדינען און צופרידנשטעלן. די אַרבעט אין אַ קליין קרעמל איז פיל שווערער איידער אין אַ גרויסער קראָם. אַ גרויסע קראָם קען זיך דערלויבן אָנצושטעלן אַרויסהעלפערס. אַ קליין קרעמל קען עס אָבער ניט טאָן. מען מוז אַלץ אַליין טאָן. מען מוז זיך דעריבער שטאַרק אָנשטרענגען און אָנהאָרעווען. מיר זיינען שטענדיק געווען פאַראַרבעט און פאַרשקלאָפּט. שבת און יום־טוב איז עס געווען נאָך פיל שווערער ווי אינמיטן וואָך. מיר האָבן אפילו קיין צייט ניט געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ צייטונג.

פון דעם אַלעם האָט מיין שותף ניט געוואָלט וויסן. ער האָט זיך ניט געוואָלט איינשפּאַנען אין וועלכע ניט איז פליכטן. ער האָט געהאַט בעסערע מעג־

לעכקייטן. ער האָט שטענדיק געקענט קריגן אַרבעט ביי זיין פאַך. ער איז געווען אַ גוטער באַלמעלאָכע און האָט אויך געהאַט גוטע פאַרבינדונגען. ער האָט געקענט קריגן אַרבעט צו יעדער צייט. אויסער דעם זיינען זיינע געדאַנקען גאָרניט געווען אין קרעמל. עס האָט אים שטענדיק געצויגן צו שפּילערייען און פאַרווייליונגען מיט זיינע פריינט אין שטאָט. ער האָט באַלד דערזען, אַז דאָס קרעמל איז ניט דאָס, וואָס ער האָט דערוואַרטעט. דעריבער האָט ער עס פאַרלאָזן און איז אינגאַנצן אַוועק. ער האָט געוואוסט, אַז זיין געלט וועט ביי מיר זיין זיכער.

ווען איך בין פאַרבליבן איינער אַליין איז שוין מיין לאַגע געוואָרן גאָר שווער. איך האָב געמוזט זוכן אַ העלפער און איך האָב אים ניט געקענט צאָלן קיין גוטע שכירות. איך האָב דאָך געמוזט באַצאָלן די וועקסלען פונעם מאָרטגעידזש יעדן חודש. איך האָב ענדלעך געקראָגן אַ יונגן בחור, וואָס האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און האָט ניט געוואָלט וויסן. שטאַרק איבערקלייבן האָב איך דאָך ניט געקענט. פאַר די קליינע שכירות, וואָס איך האָב געקענט צאָלן האָב איך קיין בעסערס ניט געקענט קריגן. איך האָב אים דעריבער געמוזט אָנהאַלטן. איך פלעג אים מוזן איבערלאָזן אַליין אין קרעמל פאַר לאַנגע שעהן ווען איך פלעג פאַנאַנדערגעטראָגן די צייטונגען. נאָכמיטאָג פלעג איך ווידער דאַרפן אַרומגיין איינמאָנען די סענטן פון מיינע קונדן. אין דער דאָזיקער צייט פלעגט ער זיך גאַנץ גוט אַרויסהעלפן. די באַרעס־געלט און די אַפּעטיטנע זאַכן האָבן אים שטאַרק גערייצט. פאַר אַ יונגן ייִנגל איז עס געווען אַ צו גרויסער נסיון, וואָס ער האָט ניט געקענטביישטיין. פאַר אים האָט זיך אַזוי אַרום מיין קרעמל גוט באַצאָלט. אויסער דעם פלעגט ער אָפּט אויספּלאָגן די עצות פון מיינע קאָנקורענטן. ער פלעגט זיי נאָך באַצאָלן דערפאַר מיט אַלע „סודות“ וועגן מיינע גליקן.

עס איז מיר געווען זייער שווער אָנצוגיין מיט מיין קרעמל. עס איז אָבער געווען נאָך שווערער צו פאַרקויפן עס. מען האָט מורא געהאַט צו קויפן עס צוליב דעם שלעכטן צייטונגס־„ראַאוט“. די דערבייאיקע קרעמערס פלעג אויך שטאַרק אָפּריידן פון קויפן עס. זיי האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן קיין דערפאַרענעם געשעפטסמאַן אַרום זיך. פאַר זיי איז געווען בעסער אַז מיין קרעמל זאָל זיך ביסלעכווייז צעפאַלן, איבערהויפּט איינער פון זיי האָט געהאָפט אויפצוקלייבן די שטיקלעך. זיי פלעגן דעריבער איינריידן יעדן קאַנדידאַט אַז די קראָם איז אַ פאַסטקע.

די אָנשטרענגונג פון דער שטענדיקער שווערער אַרבעט האָט אַלץ מער צערייצט מיין ערגערניש און אַנטוישונג. עס האָט מיך אַזוי צעשרויפט אַז איך האָב געמוזט אויפגעבן עס וואָס שנעלער. ניט קענענדיק עס פאַרקויפן, האָב איך שוין געוואָלט פאַרלאָזן עס אינגאַנצן. עס איז ביי מיר הערכט געווען אויפצוהענגען אַ שלאָס אויפן טיר און אַוועקגיין מיט גאָרנישט. איך האָב זיך אָבער אויך דאָס ניט געקענט פאַרגינען. דאָס געלט מיט וועלכע איך האָב עס געקויפט איז דאָך געווען ניט בלויז מיינע אייגענע. איך וואָלט דאָך נאָכדעם געדאַרפט אַרבעטן לאַנגע יאָרן צו קענען עס אויסצאָלן. איך האָב דעריבער שטאַרק פאַרקלענערט

דעם פרייז, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפֿן. אַ היפּשע צייט האָב איך נאָך געמוזט האַלטן מיין צרה. מיין באַפרייאונג איז אָבער ענדלעך פאָרט געקומען. איך האָב עס פאַרקויפֿט מיט אַ גרויסן פאַרלוסט און בין צוריק געוואָרן אַ פרייער מענטש. מיט מיין שותּף האָב איך זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך כאָטש ער האָט די גאַנצע צייט גוט פאַרדינט ביי זיין אייגענעם פאַך.

## די סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע און די „נייע וועלט"

אָנהייב 1917, בין איך באַפרייט געוואָרן פון מיין קרעמל. איך האָב זיך באַלד צוריק אָנגעשלאָסן אָן דעם האַרלעמער ברענטש פון דער פעדעראַציע. צווישן זיינע מיטגלידער זיינען דעמאָלט אויך געווען די חברים ר. זאַלצמאַן, ב. כאַנין, א. ביטלמאַן, דזשיי ראָזענטאַל און אַנדערע. די יידישע סאָציאַליסטישע פאַראיינען, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין 1907, האָבן זיך ניט באַגרעניצט מיט זייער אַרבעט אין ניו־יאָרק. זיי האָבן געגרינדעט ברענטשעס אויך אין אַנדערע שטעט. זיי האָבן פאַרמאָגט גוטע טוערס און פייאיקע אינטעליגענטנע קרעפטן. זיי זיינען דעריבער געוואָרן דער סאָציאַליסטישער צענטער פון דער יידישער אימיגראַציע. פון די דאָזיקע ברענטשעס איז אויסגעוואקסן די יידישע סאָציאַ־ליסטישע פעדעראַציע. ווען איך בין צוריקגעקומען פון וואָטערבערי אין 1914, איז זי שוין געווען אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע מיט שטאַרקע ברענטשעס אין עטלעכע שטעט. איר וואָכנבלאַט „די נייע וועלט" האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די טוערס און אָנהענגערס פון דער באַוועגונג. איר רעדאַקטאָר איז געווען דער אומערמידלעכער ב. סאַלוצקי. אינגיכן זיינען געגרינדעט געוואָרן ברענטשעס אויך אין אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך איבערן לאַנד.

די „נייע וועלט" איז געווען אַ ריין און פּרענציפּיעל וואָכנבלאַט און האָט געשטרעבט צו זיין אַן אַמעריקאַנער צייטונג. זי איז געווען יידיש, סאָציאַליסטיש, רעוואָלוציאָנער און דרוכאויס אַמעריקאַניש. זי פלעגט זיך שטענדיק אָפּרופן אויף די לויפנדיקע פּאַסירונגען פונעם אַלטעגלעכן לעבן און קאַמף. זי פלעגט באַלייכטן די פאַרפלאָנטערטע פראַגן פונעם פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. זי האָט געגעבן אַ רעוואָלוציאָנערע ריכטונג דער אַרבעט פון די יידישע ברענטשעס איבערן לאַנד. אינגיכן איז זי געוואָרן דער צענטער ניט בלויז פון פּראָפּאַגאַנדע נאָר אויך פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף. אין די קלענערע שטעט האָט זיך דעם „פאָרווערטס" ניט געלוינט צו האַלטן אַן אַפּאַראַט. זיין קאָנטראָל איבער דער דאָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג איז דעריבער געווען גאַנץ שוואַך. די פעדעראַציע און איר „נייע וועלט" זיינען אין די דאָזיקע ערטער גע־וואָרן די פירנדיקע אויטאָריטעטן.

די „נייע וועלט" האָט אָפט קריטיקירט די שעדלעכע פּאָליטיק פון „פאָר־ווערטס". זי האָט אויך ניט געשאַנעוועט די ס״פּ זעלבסט. זי האָט עס אָבער גע־טאָן אויף אַן אידייאישן און חברישן אויפן. זי איז דאָך אַליין געווען אַן איינגע־גלידערטער טייל פון דער זעלבער ס״פּ. גראָד דערפאַר איז זי געוואָרן שטאַרק

פּאָפּולער און באַליבט ביי די פּראָגרעסיווע אַרבעטער. איר דערפאָלג האָט אָבער שטאַרק געשראָקן דעם „פאָרווערטס" רעדאַקטאָר. עס איז דאָך זיין צייטונג, וואָס זיי קריטיקירן אַזוי גרינדלעך. עס איז דאָך זיין רעזשים און זיין קאָנטראָל אויף וואָס זיי פּאַרמעסטן זיך. זיי שטעלן דאָך אין געפאַר זיין גאַנצע דיקטאַטור איבער דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַזוינס האָט ער ניט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט זי געוואָלט פאַרניכטן איידער נאָך זי וואַקסט זיך פאַנאַנדער. ער האָט עס אָבער ניט געקענט אַזוי לייכט באַוויזן. ער האָט ניט געקענט אונטערגעראָבן דעם איינפלוס פון דער פעדעראַציע. פּאַרטיידיקן זיינע פּלענער האָט ער דאָך ניט געקענט; ענדערן זיינע מעטאָדן האָט ער ניט געוואָלט; פאַר אַן אידעאָלאָגישן קאַמף האָט ער מורא געהאַט. אין די אַלע פּונקטן האָט די פעדעראַציע געהאַט די אויבערהאַנט. ער האָט דעריבער אָנגענומען אַ טאַקטיק פון פאַרשווייגן די פעדעראַציע צום טויט.

קאַהאַן האָט דאָ ווידער אַמאָל אָנגעווענדעט זיין אויסגעפּרואוטן פאַרניכטונגס־מיטל, וואָס האָט געאַרבעט אין אַנדערע פאַלן: ער האָט די פעדעראַציע און איר צייטונג אַריינגעלייגט אין חרם. אפילו איר נאָמען האָט ניט געטאָרט דערמאָנט ווערן אין „פאָרווערטס". ער האָט באַהאַלטן איר עקזיסטענץ פון זיינע לייענער. דער חרם איז אויך געווען גילטיק אויף אַלע טוערס און מיטאַרבעטערס פון דער „נייער וועלט", אויף אַלע ברענטשעס פון דער פעדעראַציע און אויף אַלע זייערע אונטערנעמונגען. אפילו זייערע באַצאָלטע מעלדונגען זיינען ניט געדרוקט געוואָרן אין „פאָרווערטס".

אָט איז אַ ביישפּיל פון זיינע האַנדלונגען: דער האַרלעמער ברענטש פון דער פעדעראַציע האָט אין 1915 אַראַנזשירט אַ קאָנצערט פאַר דעם בענעפיט פון דער „נייער וועלט". עס איז נויטיק געווען געהעריקע פּובליסיטי. דער „פאָרווערטס" האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו געבן כאָטש אַ קליינע נאָטיץ, האָבן מיר געוואָלט אַריינגעבן אַ גוט באַצאָלטע מעלדונג. דער „פאָרווערטס" האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אָנצונעמען עס. מיר האָבן דעמאָלט געשיקט אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון ב. כאַנין און נאָך אַ געגנאָסע צו זען זיך מיט דעם „באַלעבאָס" אַליין. קאַהאַן האָט זיי אָבער געענטפערט אַז, „איך וועל ניט שטיצן די האַנט, וואָס פאַרמעסט זיך צו שלאָגן מיך". די שפּראַך זעלבסט איז ווערט אונטערצושטרייכן, עס איז: „אידאַון מיך".

## אַנטוישונגען

מיין אַרבעט אין דער באַוועגונג איז ניט אַלעמאָל אָנגעגאַנגען גלאַטיק און האַרמאָניש. עס פלעגן אָפט פאָרקומען שטערונגען. עס פלעגן זיך שאַפן אומצופרידנקייטן צווישן אייניקע פון די מיטגלידער. טענות און קריוודעס פלעגן אָפט פירן צו מיספאַרשטענדענישן און קריגערייען. די אויסערלעכע שטערונגען און פאַרפאָלגונגען איז געווען לייכטער צו דערליידן. צוליב דעם האָבן מיר דאָך געפירט אונדזער קאַמף. שלעכט איז אָבער געווען ווען זיי פלעגן קומען פון אינעווייניק

ווייניק. ווען די אייגענע מיטגלידער פלעגן רייסן שטיקער פון זייער אָרגאַניזאַציע, האָט מען שוין דערפון אַ סך מער געליטן.

יעדער ברענטש און פאַראיין פלעגט זיך פאַנאַנדערבליען ביים אָנהייב פון זיין טעטיקייטס סעזאָן. עס פלעגן דעמאָלט דערווײלט ווערן נייע באַאַמטע און קאָמיטעס. נייע פּלענער פלעגן אויסגעאַרבעט ווערן און נייע האָפענונגען פלעגן באַגייסטערן די מיטגלידער. אַזוי פלעגט עס אָנהאַלטן פאַר עטלעכע חדשים. אייניקע מיטגלידער, און אָפטמאָל גאַנצע קאָמיטעס פלעגן אָבער פאַרנאַכלע־סיקן זייער אַרבעט. דאָס פלעגט אַרויסרופן קריטיק און אויסזעצונגען. אַנדערע קאָמיטעס פלעגן זיך שטאַרק אויסצייכענען מיט זייערע דערפאָלגן. דאָס פלעגט ווידער אַרויסרופן קינאה און פאַרדרוס פון אַנדערע מיטגלידער. אַלעס צוזאַ־מען פלעגט מיט דער צייט פירן צו קריגערייען וועלכע פלעגן זיך אַלץ מער פאַר־שאַרפן און פאַרקריפּלען די אַרבעט. אין די שפּעטערע חדשים פון איר סעזאָן־טעטיקייט פלעגט די אָרגאַניזאַציע שטאַרק ליידן דערפון. עס פלעגט אָבער נאָכ־דעם קומען דער נייער סעזאָן. די אָרגאַניזאַציע פלעגט דעמאָלט ווידער אויפלעבן מיט נייע טוערס, פּלענער און האָפענונגען.

דער דורכשניטלעכער מיטגליד ווערט מערסטנס באַאיינפלוסט פון דעם שיינעם רעדנער און פון דעם נאָכגעבנדיקן פּאָליטישן. אַ שיין מעשהלע און אַ גע־לונגענער וויץ אַפּעלירן צו אים אַמשטאַרקסטן. ער שטיצט זיי דעריבער מיט זיין מיינונג און מיט זיין שטימע. ער שטימט דאָך מערסטנטייל מיטן האַרצן און ניט מיטן קאָפּ. אַזוי איז עס אין אַ יוניאָן; אַזוי איז עס אין אַ ברענטש פון דער פּאַר־טיי, פון אַ פראַטערנאַלן פאַראיין אָדער אַ קאָאָפּעראַטיוו. מיט דעם דערקלערט זיך טאַקע דער אָפטער דערפאָלג פון די קליין־פּאָליטיקער אין יעדער אָרגאַני־זאַציע.

די מיטגלידער זיינען ווילִיק צו שטימען פאַר שטרענגע רעגולאַציעס. זיי זעען אין דעם די גאַראַנטיע פאַר דערפאָלג. אייניקע פון זיי זיינען אָבער אומ־וויליק צו באַגרעניצן דערמיט זייערע אייגענע האַנדלונגען אין נאָכצוקומען זייערע פליכטן. דער וואָס פאַדערט עס פון זיי, רירט דערמיט אָן זייערע שוואַכקייטן. זיי ווערן דעריבער זיינע שטענדיקע קעגנערס. דער ערנסטער טוער פאַרלירט דעריבער גאַנץ אָפט זייער סימפּאַטיע און זייערע שטימען. דער פאַראַנטוואָרט־לעכער פירער, וואָס באַשטייט אויף די אָנגענומענע רעגולאַציעס, פאַרלירט אָפט די מיטהילף פון די גלייכגילטיקע און די געקריוודעטע. ביי די שוואַכלינגען זיינען דאָך זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן וויכטיקער איידער די נויטן פון דער אָרגאַניזאַציע. עס קומט נאָך צו דער קאַמף צוליב פּרינציפּיעלע און טאַקטישע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. די קליין־פּאָליטיקער נוצן אויס דאָס אַלץ פאַר זייערע אייגענע צוועקן.

דער אינערלעכער ברודער־קאַמף עלעקטריזירט די מיטגלידער. פאַר אַ קורצער צייט לעבט דאָס אויף די אָרגאַניזאַציע.ביידע זייטן שטרענגען זיך אָן צו ברענגען אַלע זייערע אָנהענגערס צו די פאַרזאַמלונגען. די גלייכגילטיקע,

די אומפּאַרטייאישע ווערן אויך זייער נייגעריק צו הערן און צו זען, וואָס עס קומט פאָר. אינגיכן ווערט דאָס אָבער פאַר זיי אַלט און אויסגעדראָשן, עס ווערט זיי שוין דערעסן און איבערדריסיק; זיי הייבן אָן דעריבער אויסצומיידן די פאַר־זאַמלונגען. די אָרגאַניזאַציע ווערט דורך דעם איינגעשרומפּן; אירע געלט־מיטלען ווערן אויסגעשעפּט; איר פּראָפּאַגאַנדע ווערט אונטערגעשניטן; איר איינפלוס ווערט אָפּגעשוואַכט. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע הייבט זיך אָן צעפאַלן. פיל מיטגלידער ווערן דורך דעם פאַרלוירן אינגאַנצן פאַר דער באַוועגונג. אַ טייל פון זיי ווערן נאָך דערצו אַקטיווע קעגנער און זאָגאַר פאַרביסענע שונאים פון דער באַוועגונג.

עס פלעגט זיך צומאָל טרעפן אַז אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע פלעגט טיילווייז צעשטערט ווערן פון אַזעלכע רייסערייען. צוזאַמען דערמיט פלעגן מאָראַליש צע־בראָכן ווערן אויך די טוערס און די בויערס. די חברים וואָס האָבן געשלעפּט דעם וואָגן פלעגן דעמאָלט פאַלן אונטער די רעדער. זייערע האָפענונגען פלעגן אויס־גערונען ווערן, זייערע דערוואַרטונגען פלעגן צעשטערט ווערן, אפילו דאָס שוין אויפגעבויטע און באַפעסטיקטע פלעגט דעמאָלט אויך צעטרייסלט און צעשטערט ווערן.

די אַנטוישונג אין אַזאַ פאַל פלעגט זיין גרויס און פיינלעך. עס פלעגט זיך דעמאָלט דאַכטן, אַז די גאַנצע מי און מאַטעריעלע זיינען געווען בוצלאָז. די צו־קונפט פלעגט אויסזען וויסט און האָפנונגסלאָז. מענטשן פלעגן פאַרלירן זייער מוט און גלויבן, זייער ווילן און אויסדויער פלעגן פאַראַליזירט ווערן. זיי פלעגן אָפּלאָזן די הענט. אַזאַ אַנטוישונג פלעגט זיי פירן צו פעסימיזם. די שוואַכערע פלעגן דעמאָלט אינגאַנצן אַרויספאַלן. אייניקע פון די שטאַרקערע פלעגן נאָך אַזאַ אַנטוישונג פאַרוואַנדלט ווערן אין פאַרביטערטע קעגנערס. אַזוי איז עס גע־ווען טיילווייז ווי עס איז שוין געווען דערציילט אין די דאָזיקע דעראינערונגען. אין די אָפּאָזיציעס פון ווילנע, מינסק און דווינסק אין רוסלאַנד; אין דער שפּאַל־טונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער פעדעראַציע אין לאָנדאָן, אין דעם קריג צווישן די פּאַרסאָן און לעווינסאָן גרופּן אין ניו־יאָרק, אין דער צעפאַלונג פון דעם ניו־יאָרקער קלוב און ביבליאָטעק אין 6־1905 נאָך דער סטרייק־ברעכערישער רעזאָ־לוציע פון לעווינסאָנען, און אין דער צעשטערונג פון דער באַוועגונג אין וואָטער־בערי דורכן „געזינדל". מיר האָבן עס אויך טיילווייז געזען אין דעם אונטערגאַנג פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין ניו־יאָרק, ברוקלין, פּעטערסאָן, קליוולאַנד, דעטראָיט, לאָס־אַנדזשעלעס און אַנדערע.

ניט אַלע טוערס פלעגן אָבער אַזוי פאַרלוירן ווערן. אין אַ סך פאַלן פלעגט דער צווייפל און אַנטוישונג ביסלעכווייז אויסוועבן זיך. די פאַרטריקנטע ביי־נער פלעגן דעמאָלט צוריק אויפלעבן. נייע טוערס פלעגן זיך אויסשיילן און איינשפּאַנען זיך אין וואָגן. נייע אָרגאַניזאַציעס פלעגן זיך אויספורעמען. די וואונדן פלעגן מיט דער צייט פאַרהיילט ווערן, און די באַוועגונג פלעגט צוריק־קריגן אירע יונגע כוחות. אַ צייט פלעגט אַלץ ווידער אָנגיין גאַנץ דערפאָלגרייך.

דער צעשטערונגס־פּראָצעס פלעגט אָבער די נייע אָרגאַניזאַציעס אויך ניט שאַ־
נעווען. דער חורבן פלעגט אויך זיי ניט אויסמיידן. צעשטערונג און אויפלעבונג
פלעגן זיך כסדר בייטן לויט דער ריי. איינע פלעגט אַרויסשטויסן די צווייטע און
שפּעטער פלעגט זי אַליין אַרויסגעשטויסן ווערן. דער דאָזיקער ־ראַנגל פון ליכט
און שאָטן איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג אין דער באַוועגונג. זי איז שטענדיק
געגאַנגען אין זיגזאַגן; אַהין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ.

פון אַ ווייטערן קוק אויף זאַכן קען מען אָבער דעם זיגזאַגן־פּראָצעס זען
קלאָרער. ווען מען באַטראַכט אַ לענגערן צייט־אָפּשניט קען מען בעסער מעסטן
די רעזולטאַטן. דער פּראָצעס פון פאָרשריט דערשיינט דעמאָלט אַלס דער ענט־
גילטיקער זיגער. דער אַרויפגאַנג פון דעם זיגזאַג פלעגט פאָרט אַריבעריאָגן
דעם אַראָפּגאַנג. די צעשטערנדיקע קרעפטן קענען ניט דערשטיקן דעם באַטירלעכן
דראַנג צו אַ בעסערן לעבן. זיי קענען אים בלויז צווייטווייליק צוריקהאַלטן. מיט
דער צייט ווערן זיי אַליין אויך צעשטערט.

די נאַטור איז שטענדיק אויף דער זייט פון פאָרשריט און וואוקס. דאָס
לעבן פאָדערט טוגנט, האָפענונג און גלויבן אין די אייגענע כוחות און מעגלעכ־
קייטן. די אומשטענדן זעלבסט שטאַרקן און קרעפטיקן די בויערס.

## מיין שוצמיטל

די צאַרישע רעגירונג האָט אונדז אויסגעלערנט צו קענען בייקומען אירע
גוואַלדמיטלען. מיר האָבן אויסגעפונען ווי אַזוי גיך איבערצובויען אַן אָרגאַני־
זאַציע אין פאַל פון אַ פּאָליצייאישן איבערפאַל. ווען די צאַרישע שפּיאָנען פלעגן
אַרעסטירן אונדזערע אַלע טוערס און פירערס זיינען זיי געווען זיכער, אַז דער־
מיט האָבן זיי שוין צעבראָכן און צעשטערט אונדזער גאַנצע באַוועגונג. זיי פלעגן
אָבער באַלד אויסגעפינען זייער טעות. מיר פלעגן זיך גאָרניט פאַרלירן. נייע
טוערס פלעגן זיך דעמאָלט באַווייזן אין דער אָרגאַניזאַציע און נייע פירערס
פלעגן זיך שטעלן אין פאָדערגרונט. מיר פלעגן ווידער איבערבויען אונדזער
אָרגאַניזאַציע און אויסבעסערן אונדזער טאַקטיק און די מעטאָדן פון אונדזער
אַרבעט. דער געזעכטער קאַמף פלעגט זיך נאָכמער צעוואַקסן.

דאָס זעלבע פלעגט געשען ווען אַ צעשטערנדיקע אָפּאָזיציע פלעגט זיך
אַנטוויקלען פון אינעווייניק. אַ ברודער־קאַמף אין אונדזערע רייען פלעגט אָנטאָן
פיל שאָדן. עס פלעגט אָפּט פּאַראַליזירן יעדע מעגלעכקייט אָנצוגיין מיט דער
אַרבעט. מיר פלעגן אָבער דערפון אויך ניט אַנטוישט ווערן. מיר פלעגן זיך,
אין אַזעלכע פאַלן, באַנוצן מיט אונדזער שוצמיטל: מיר פעלגן איבערבויען די
אָרגאַניזאַציע און אָנווענדן מער וואַכזאַמקייט. די אַרבעט פון דער באַוועגונג
פלעגט דערפון אָפּטמאָל פיל געווינען.

דער דאָזיקער שוצמיטל איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען אויך אין אויסלאַנד.
עס האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפן קעגן די שוועריקייטן און אַנטוישונגען פון וועל־
כע די באַוועגונג האָט אָפּט געליטן. אויך דאָ פלעגן זיך צייטנווייז באַווייזן שטע־

רונגען, וואָס פלעגן פירן צו אומזיסטע קריגערייען און פאַרלוסט פון צייט און אַרבעט. איך פלעג אין אַזאַ פאַל אַריבערטראָגן מיין טעטיקייט פון דעם אָנגע־גריפּענעם צווייג אויף אַן אַנדערן. אומעטום האָט מען זיך דאָך געניטיקט אין וויליקע טוערס. ווען איין שטאָט פלעגט ווערן פאַר מיר אויסגעשפּילט, פלעג איך זי דעמאָלט פאַרלאָזן; איך פלעג זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער שטאָט. דאָרטן פלעג איך אָנהייבן אַ נייעם קאַפּיטל פון מיין אַרבעט.

איך בין דעריבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווען די שטערונגען ווערן שוין אומבאַזיגבאַר, מוזן דעמאָלט די פאַראַנטוואָרטלעכע טוערס אויפגעבן זייער קאַמף. די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע איז פיל וויכטיקער איידער זייער געגרעכטע שטעלונג און די אָנגעווייטיקסטע פּראַגן. דער טוער, אַרום וועלכן דער קאַמף קאָנצענטרירט זיך, דאַרף דעמאָלט פאַרלאָזן זיין פּלאַץ. זאָל שוין בעסער זיין שלעכט איידער נאָך ערגער. עס איז דאָך בעסער צו פאַרלירן דעם קאַמף איידער די אָרגאַניזאַציע.

די דאָזיקע טאַקטיק האָב איך אָבער אָנגענומען ערשט שפּעטער. זי איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער ביטערער דערפאַרונג. איך האָב צוערשט גע־האַלטן, אַז צו רייניקן די באַוועגונג פון אינעווייניק, איז דער וויכטיקסטער טייל פון דער אַרבעט. איך האָב נאָך דעמאָלט געגלייבט, אַז דאָס איז גאַנץ מעגלעך. דאָס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע און אַן אומדאַנקבאַרע. אונדזערע חברים האָבן זיך דערמיט ניט געוואָלט פאַרנעמען. איך האָב עס אָבער געהאַלטן פאַר זייער נייטיק.

מיין ערשטע באַוואוסטזיניקע דערציאונג האָב איך געקראָגן אין די שטרענ־גע טראַדיציעס פון די רעוואָלוציאָנערע מאַרטירערס. די דאָזיקע קעמפערס פלעגן נעמען אויף זיך איבערמענטשלעכע פליכטן און האָבן צוליב דעם מקריב געווען אַלע זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן. איינע פון זייערע הויפּט־אַרבעטן איז געווען צו רייניקן די באַוועגונג פון אינעווייניק. אומגעווינטשטע און שעדלעכע עלעמענטן פלעגן שנעל באַזייטיקט ווערן. די שוואַכלינגען און די גלייכגילטיקע פלעגן אויך אויסגעשלאָסן ווערן. אין די צאַרישע אומשטענדן איז עס געווען אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט. די דאָזיקע טאַקטיק האָט באַאיינפלוסט מיין שטע־לונג און אויפפירונג. איך האָב עס געהאַלטן פאַר דאָס וויכטיקסטע אויך אין אויסלאַנד. מיין דערפאַרונג האָט מיך אָבער שפּעטער איבערצייגט, אַז דאָ, אין אויסלאַנד, מוז איך ענדערן מיין טאַקטיק. איך האָב אויסגעפונען, אַז די רייני־קונגס־אַרבעט איז ניט פאַר די כוחות פון עטלעכע טוערס. מיין דערפאַרונג אין דער סאָציאַליסטישער ביבליאָטעק פון ניו־יאָרק, האָט מיר אַמשטאַרקסטן דער־וויזן מיין טעות. שפּעטער האָט עס מיר וואָטערבערי אויך באַשטעטיקט.

עס איז מיר, ווייזט אויס, באַשערט געווען דורכצומאַכן אַ היפּש ביסל צרות. איך האָב געמוזט איבערלעבן אַ סך שוועריקייטן און אַנטוישונגען איידער איך האָב דערקענט אין וואָס עס באַשטייט מיין טעות. גאַנץ אָפט פלעג איך ניט קריגן קיין געגנוג מיטהילף פון אייניקע חברים. ניט יעדערער איז דאָך וויליק צו פאַר־

פלאָנטערן זיך אין די קריגערייען מיט די קליין־פּאָליטיקער. אייניקע מיטגלידער זוכן בלויז זייערע אייגענע קליינע און אָפטמאָל גאַנץ קליינלעכע אינטערעסן. איך פֿלעג דעריבער אָפטמאָל פֿאַרבלייבן אַן מיטהילף.

איך האָב זיך דעריבער איבערצייגט, אַז די מעגלעכקייט פֿון רייניקן איז אַ גאַנץ צווייפֿלהאַפֿטע. עס שטעקט גאָר אין דעם אַ מעגלעכע געפֿאַר. די רייניקער זעלבסט ווערן דורך דעם אָפטמאָל אַליין אויך פֿאַראומרייניקט. זיי מוזן זיך צייטנווייז אַליין אויך באַנוצן מיט אומזויבערע מיטלען, און הייבן שוין דעמאָלט אָן צו קירעווען די באַוועגונג מיט ניט קיין געזונטע מיטלען. די דאָזיקע קריגערייען אַנטווישן און פֿאַרביטערן מאַנכע חברים, וואָס גיבן אָפּ זייער צייט, זייער אַרבעט און געזונט צו אויפֿהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציעביים לעבן. צוזאַמען מיט זייער באַוועגונג ווערן זיי אַליין אויך צעבראָכן און פֿאַרקריפּלט. זיי ווערן פֿאַרצווייפֿלט און סקעפּטיש צו יעדן נייעם פֿאַרזוך. אויסער דעם קען דאָך די רייני־קונגס־אַרבעט ניט דערגרייכן איר ציל. אַזוי שנעל ווי מען רייניקט אַרויס איין קליקע, וואַקסט באַלד אויס אַן אַנדערע. דאָרטן וואו די באַוועגונג קריגט איינפֿלוס און מאַכט, געפֿינען זיך שוין געגוג בעלנים צו עקספּלואַטירן עס פֿאַר זייער פּער־זענלעכע צוועקן. די גוטמיינענדיקע מיטגלידער העלפֿן זיי נאָך אָפטמאָל אַרויס מיט זייער נאַאיווקייט.

איך האָב דעריבער באַשלאָסן אויסצומיידן אַזעלכע קאַמפֿן. ווען די קריגערייען פֿלעגן צעשטערן מיין אַרבעט אין איין צווייג פֿון דער באַוועגונג, פֿלעג איך דעמאָלט אַוועקוואַנדערן צו אַן אַנדער צווייג. אַ נייער טוער איז אומעטום געווען געוואונטשן. איך פֿלעג דערמיט אויסמיידן די שעדיקער און אויסהיטן זיך זעלבסט פֿון די שעדלעכע פֿאָלגן. איך פֿלעג בעסער באַנוצן מיינע מאָגערע פֿייאיקייטן און דערפֿאַרונג פֿאַר בלויז שאַפֿנדיקע, קאָנסטרוקטיווע אַרבעט.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מיטל איז ניט פֿאַר אַלעמען אָנגעמאָסטן. מען טאָר דאָך ניט איבערלאָזן די אָרגאַניזאַציע צו די צעשטערנדיקע עלעמענטן. ניט פֿאַר יעדערן און ניט אַלעמאָל איז דאָס מעגלעך. איך פֿלעג זיך אַליין אויך גאַנץ אָפֿט פֿאַרפּלאָנטערן מיט די שעדיקערס. מיין אויסוועג איז מיר אָבער גאַנץ אָפֿט צונוץ געקומען.

אָט צוליב דעם טאַקע בין איך אין 1917 אַוועק קיין קליוולאַנד. מיין וועג האָט ווייטער געפֿירט איבער לאָס־אַנדזשעלעס, שיקאַגע און אַנדערע ערטער. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1930, ווען איך בין געווען געצוואונגען צו־ריקצוציען זיך פֿון דער אַקטיווער אַרבעט. וועגן מיינע איבערלעבונגען און דער־פֿאַרונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג צווישן 1917 און 1930 דערצייל איך אין צווייטן טייל פֿון מיינע זכרונות, וואָס געפֿינט זיך אין דעם אַרכיוו פֿון דער „ייוואָ."

